ב. יאושזאהן.

# אִינְ׳ם רֶבִּינְ׳ס הויף

א אינטערעסאנטע ערצעהלונג

פון חסידישעו לעבען אין פוילען.



פערלאג ב. שימין

פערקויף געזעלשאפט „צ ע נ ט ר א ל" ווארשא

## I.

# לייב'עלע.

אַלע אין „הויף“ האָבען איהם ליעב געהאַט. און ווי זאָל מען דען אַזאַ יונגענמאַן, ווי לייבעלע דעם רבי'נס, נישט ליעבען?

אַ כשר'ער, אַ פֿרומער יונגערמאַן. אויף זיין בלייך פּנים זענען געווען גוטסקייט און צניעות אויסגעגאָסען. תמימות האָט פֿון זיינע טיעפֿע אויגען אַרויסגעקוקט. אַ יושב־אוהל. ביי זיך אין קליינעם חדר די צייט פֿערבראַכט אין חסידישע ספרים און עוסק געווען אין יראת־שמים. אַ שטילער, אַן ערנסטער, זיין וועג איז ער זיך גענאַנגען, דער זיכערער, פֿרומער וועג, וואָס זיינע זיידעס און עלטער־זיידעס, אַ דור נאָך אַ דור, צדיקים און „גוטע־יודען“ האָבען פֿאַר איהם אויסגעטראָטען; אין „הויף“ איז ער געוואַקסען, אַ יאָהר נאָך אַ יאָהר האָט זיך דאָ זיין לעבען געצויגען און איינגעזאַפּט אין זיך אַליץ, וואָס אַ דור נאָך אַ דור האָט דאָ גע'חלומ'ט און געוועבט, און עס איבערגעלאָזען בירושה... אין די ענגע ד' אמות פֿון „הויף“ האָבען זיך די טעג און יאָהרען פֿונ'ם יונגערמאַן לייבעלע מצמצם געווען. עטליכע וועגען נאָר האָט ער געקאָנט, וואָס האָבען פֿון „הויף“ אין „הויף“ געפֿיהרט: פֿון זיין חדר — אין רבינ'ס חדר; אין בית־המדרש, אין מקוה און אין הויף־גאָרטען... דער „הויף“ — דאָס איז זיין וועלט, זיין עיקר געווען. דער „אין־דרויסען“, אויף יענער זייט פּלויט פֿון „הויף“ — אַ טפל. נישט עס האָט איהם אינטערעסירט, וואָס דאָרט קומט פֿאָר, נישט ער האָט ווען עס איז געטראַכט דעריבער. וואָרום ווייניג, זעהר ווייניג האָט לייבעלע דעם „דרויסען“ געקענט. גאַניץ זעלטען נאָר פֿלעגט ער אַמאָל מיט זיין פֿאָטער, דעם רבי'ן, מיטפֿאָהרען ערגעץ אין אַ יודיש שטעדטעל, אין אַ רבי'שען „הויף“, צו־גאַסט, אָדער אויף אַ שמחה, און פֿון די עטליכע נסיעות האָט ער בעקומען אַ פֿאָרשטעלונג, דאָס אין דרויסען, אויף יענער זייט פּלויט פֿון „הויף“, ציהען זיך לאַנגע שאָסעען אַהין ערגעץ אין פֿער־

פֿאַרפֿעגגע יודישע שטעדטלעך, וואו ס'וואָהנען חסידים מיט ווייב-און-קינדער, וואָס באמת לעבען זיי דאָרט נאָר מיט דער השפעה פֿון דאַנען, פֿון „הויף"; דאָרט זיצען זיי, די חסידים און זענען עוסק אין פרנסה און זייערע געדאַנקען און מחשבות זענען תמיד — דאָ זענען „הויף" פֿערנומען, אַזוי, דאָס זייער וואָהנען דאָרט איז נישט קיין קביעות, נאָר אַנ'אַרעי, אַ מין סוכה, וואָס דער יוד זיצט אין איהר אַלט טעג... און ווי נאָר עס מאַכט זיך אַ שעת-הכושר, פֿער-לאָזען זיי, די חסידים, זייערע דירות-אַרעי דאָרט אין די פֿערוואָר-פֿענע שטעדטעלך; זיי נעהמען מיט זיך טלית-און-תפלין, די בגדי שבת, חאַפען זיך אויף די שאָסען אַ'רויף און אַהער, אַהער אין „הויף", אין דער דירת-קבע קומען זיי...

אַ תמים איז לייבעלע געווען, ממש די תמימות אַליין, און דער-פֿאַר טאַקי איז גרויס געווען די אַהבה פֿון „הויף" צו איהם.

חסידים האָבען איהם ליעב געהאַט, ווייבער האָבען זיך מיט אַזעלכע כשר'ע קינדער געבענשט און די רביצין, שרה'לע, האָט איהם ווי אַנ'אויג אין קאָפּ געהיט.

צו זעכצעהן יאָהר האָט מען לייבעלע'ן חתונה געמאַכט. פֿאַר-געקומען איז עס אַזוי:

איינמאָל איז ער, לייבעלע, ווי זיין שטייגער, געזעסען אין התבודדות-חדר און מעיין געווען אין אַ חסידיש ספר. האָט זיך די טהיר געעפֿענט און דער שמש האָט זיך אויף דער טהיר שוועל געוויזען:

— לייבעלע, דער טאַטע רופֿט.

האָט ער אויפֿ'ן ספר געלעגט אַנ'„עירוב" און איז מיט גרויס הכנעה אַריין „אינוועניג", וואו דער טאַטע, דער רבי, איז געשטאַנען און מיט אונגעדולד איהם אויסגעקוקט. ביי זיין אַריינקומען האָט ער איהם גלייך אויף אַ שטוהל אָנגעוויזען, און נאָכדעם ווי דער רבי איז, שטאַרק פֿער'מוח'ט, עטליכע מאָל אומגעלאָפֿען הין-און-צוריק איבער'ן חדר, האָט ער זיך מיט לייבעלען אַריינגעלאָזט אין אַ שמועס וועגען אַזעלכע ענינים, פֿון וועלכע דער 16-יעהריגער לייבעלע איז שטאַרק רויט געוואָרען און האָט די אויגען פֿון דער ערד ניט געקאָנט אויפֿהויבען...

דער רבי האָט פֿאַר איהם דורכגעוואַרפֿען זעהר פֿיעל מימרות פֿון דער גמרא, וואו עס ווערט אַרומגערעדט דער ענין פֿון נעהמען אַ ווייב, וועגען די מעלות און די גרויסע מדרגות פֿון אַ בעל-אשה ובנים...

דאַגעגען די חסרונית און דאָס שפלות פון אַ פלג־גופא, אַ שרוי בלא אשה...

דער רבי האָט איהם פאַר דער האַנד אָנגענומען און ליעבליך איהם אין די אויגען געקוקט:

— ביזט שוין 16 יאָהר, אָהן עין־הרע... געדענקסט דאָך וואָס רב כהנא האָט געזאָגט: „דערפאַר בין איך בעסער פאַר מיינע חברים, ווייל איך האָב חתונה געהאַט צו 16 יאָהר, און ווען איך וואָלט חתונה האָבען צו 13 — וואָלט איך מיך געריייצט מיט'ן יצר־הרע: „אַ פייל אין דיינע אויגען!"... דערנאָך איז דער רבי איבערגעגאַנגען צו חסידות און צו קבלה־ספרים, וואו עס ווערט גערעדט וועגען ענין פון זווג, וועגען די פגימות, וואָס דער יוד איז מיט דעם ענין מתקן, וועגען עצבות און הרהורים־רעים וכ"ו...

לייבעלע האָט די גאַנצע צייט געהאַלטען דעם קאָפּ אַראָבגעלאָזען, די אויגען ערנסט אָן אַ זייט בעהאַלטען און געצופּט די עטליכע בלאָנדע הערעלעך, וואָס האָבען אויף זיין גאָמבע געשפּראָצט... פּלוצלונג האָט ער דעם פאָטערס האַנד אויף זיין קאָפּ דערפיהלט און ליעבליך־שטילע ווערטער האָבען זיך געטראָגען צו זיינע אויערען:

— מזל־טוב... יהי רצון, „אויבען" זאָל מען צו דעם זיווג מסכים זיין...

לייבעלע האָט אַ צאַפּעל געטהון. זיינע אויגען האָבען זיך אויף אַ רגע צום פאָטער אויפגעהויבען, נאָר באַלד זיך צוריק אָן אַ זייט בעהאַלטען און זיין פנים איז פלאַם־רויט געוואָרען.

עטליכע מינוט האָט אַ שטילקייט אינ'ם חדר געהערשט. דער רבי האָט זיך הין־און־צוריק אַרומגעדרעהט, און פּלוצלונג האָט ער צו איהם מיט'ן פינגער אַ וויז געטהון:

— נו, ביטול־תורה... זעץ זיך צוריק לערנען...

כ'האָט בעדייט, דאָס דער שמועס איז שוין געענדיגט און ער קאָן שוין געהן...

שפּעטער, ווען לייבעלע איז זיך צוריק אין זיין חדר געזעסען, אַריינגעקוקט אין אַ ספר און פערטיעפט געוועזען אין אַנדערע מחשבות... האָט זיך וויעדער די טיהר געעפענט און דער משמש האָט זיך אויף דער שוועל געוויזען:

— לייבעלע, די מאַמע, רופט.

האָט לייבעלע די אויגען אַראָבגעלאָזען און געצופט די בלאָנדע הערעלעך, וואָס האָבען איהם זיין גאַמבע געשפּראָצט, וואָרום געשטויסען האָט ער זיך שוין איצט, נאָך וואָס מען רופט איהם... און ער איז צו דער רביצין אין שטוב אַריין.

די מאַמע, שרה׳לע די רביצין, האָט איהם מיט אַ ליעבליכען שמייכעל בעגעגענט און זיך אַוועקגעזעצט נעבען איהם ביים טיש. זי האָט עטליכע מינוט געשוויגען און געקוקט אויף איהם מיט האַרציגע מוטער-אויגען. דערנאָך האָבען זיך פון איהר מויל פערעלווערטער געשאָטען; האַרציגע, זיסע ווערטער מיט אַ ליעבען שמייכעל צוזאַמענגעגאָסען... דערצעהלט האָט זי אַ מעשה-פּלא וועגען אַ שידוך, וואָס עס איז ביי איהר זיידען, דעם צדיק, זכרונו לברכת, פאָרגעקומען... דערמאָהנט האָט זי יעדעס מאָל אַן „אמת-וואָרט", וואָס זי האָט אין אַ הייליג ספר געלייענט... דערנאָך איז זי אַריבער, פריהער בדרך-רמז, בלויז אָנצוהערעניש, און וואָס ווייטער אַלץ דייטליכער און קלאָרער — צום שידוך, וואָס מ׳האָט שוין אין וואַרשא געענדיגט... דערצעהלט די שבחים פון מחותן, ר׳ פנחס גלאָזמאַן און זיין הויז. — די רביצין האָט אין עטליכע ווערטער אויך די כלה, דבורה׳לע, צום גוטען דערמאָהנט, געריהמט איהרע מעלות, די מעלות פון אַ פרומע יודישע טאָכטער... לייבעלע האָט געהאַלטען די אויגען צו דער ערד אַראָבגעלאָזען. פּלוצלונג האָט ער די מוטערס הענד אויף זיין קאָפּ דערפיהלט און אַ הייסע טרעהר האָט פון די רביצינ׳ס אויגען אויף זיין פּנים אַראָבגעקאַפּעט. זי האָט איהם „מזל-טוב" געוואונשען...

דער שידוך איז געשלאָסען געוואָרען, די תנאים זענען פאָרגעקומען, און פאַר דעם שטילען ערנסטען לייבעלען האָבען זיך אונרוהיגע טעג און נעכט אָנגעהויבען; נאַכט-ביי-נאַכט איז איהם דער שלאָף געשטערט געוואָרען... ביז ער האָט די שלעכטע מחשבות גובר געווען און דאָס אונקלאָרע עצבות איז פערשוואונדען געוואָרען. אַנדערע מחשבות, בעסערע, צופריעדענע, האָבען זייער אָרט פערנומען.

געטראַכט האָט ער וועגען די פּגימות, וואָס ער וועט מתקן זיין, וועגען דער העכער מדרגה, צו וועלכער ער וועט זוכה זיין דאַמאָלס ווען ער וועט אויפהערען צו זיין אַ פּלג-גופא, אַ שרוי בלא אשה וכו׳.

שטיל, רוהיג, ווי אָבגעזונדערט פאַר־זיך, איז לייבעלע געזעצן אויך נאָך דער חתונה. די ערשטע עטליכע וואָכען האָט ער כמעט קיין צוויי ווערטער אין מעת־לעת נישט גערעדט מיט זיין יונגע ווייב דבורה'לע, און אַפילו אין דער שפּעטערער צייט, ווען ער איז שוין צו איהר מעהר צוגעוואָהנט און היימיש געוואָרען, זענען אויך גאַנץ זעלטען געווען זיינע רייד צו איהר. בייטאָג האָט ער זיך כמעט נישט געזעהען מיט איהר, און ווי אַזוי? אין דערפריה, ווען דבורה'לע איז נאָך געלעגען אין בעט און געהאַלטען די אויגען פערמאַכט, איז שוין לייבעלע געזעסען אין זיין התבודדות־צימער און געלערנט, און דער משמש האָט איהם טיי אָדער קאַווע דערלאַנגט, אָדער ער האָט צוזאַמען מיט'ן פאָטער, מיט'ן רבי'ן, אין אַהויבען ענין עוסק געווען ביז אַרום עלף־צוועלף דעם זייגער, ווען ער האָט מיט'ן רבי'נס מנין מיטגעדאַווענט; איבערבייסען פלעגט ער ס'רוב מיט'ן רבי'ן צוזאַמען, און ווען ער פלעגט אַפילו בעזונדער אין זיין חדר־המיוחד דעם אָנבייסען עסען, איז אויך דבורה'לע אין דער צייט צו איהם נישט אַריינגעקומען. דאָס זעלבע איז אויך מיט'ן מיטאָג געווען; די רביצין האָט דאָס אַפילו אָנגעהויבען צו בעמערקען און עס האָט איהר אַ ביסעל פערדראָסען: היתכן, מעג מען זיך דען אַזוי פרעמד האַלטען פון אַ מאַן? בפרט נאָך יונגע מאַן־און־ווייב נאָך דער חתונה?...

און נישט איינמאָל האָט זי שוין געוואָלט פערפיהרען אַ שמועס וועגען דעם מיט איהר שנור דבורה'לע און איהר געבען אָנצוהערע־ניש: „טאָכטערשי, ס'טויג נישט אַזאַ פיהרעכץ"... נאָר יעדעס מאָל האָט זי זיך דערפון אָבגעהאַלטען און מלמד־זכות געווען אויף איהר, טראַכטענדיג: ביי אַנ'אמת פרומע יודישע טאָכטער איז די מדה פון בושה זעהר גרויס.. דאָס זעלבע האָט אויך לייבעלע טיילמאָל עפּעס ווי אונבעוואוסט אַטראַכט געטהון...

געזעהען האָט ער זיך מיט איהר נאָר ביינאַכט ביי דער וועטשערע, און דאָס אויך נאָר גאַנץ זעלטען; דען ס'רוב, ווען לייבעלע איז אַהיים געקומען, איז שוין דבורה'לע אין בעט געלעגען און בכיון, צי נישט בכיון, געהאַלטען די אויגען פערמאַכט — און דאַמאָלס פלעגט לייבעלע נאָר פון יוצא וועגען, אַ מאָל אַ זאָג טהון, למשל:

— שוין געגעסען וועטשערע?...

צ'... :

— ס׳נישט געזעהען דאָ אַ ספר?...

אָדער:

— פאַרדאַן אפשר נאָך אַ גלעזעל טיי?...

וכדומה אַזעלכע פראַגען, וואָס הערען געזאָגט גלאַט אין דער וועלט אַריין, נישט אָנרופענדיג ביים נאָמען און נישט וואַרטענדיג אויף קיין ענטפער... ווייטער פון אַזעלכע דבורים איז עס נישט געגאַנגען...

אַזוי איז דער „האָניג-חודש" פאַריבער, אַזוי זענען פאַריבער אויך די ווייטערע וואָכען.

און גרוים איז דער צער פון לייבעלען געווען. וואָרום געפיהלט האָט לייבעלע, און געשעמט האָט ער זיך אַליין פאַר דעם דאָזיגען געפיהל, דאָס די ליעבשאַפט צו איהר וואַקסט ביי איהם אין האַרצען מיט יעדען טאָג, ממש עס איז איהם מבלבל אויף שעה׳ן־לאַנג די מחשבות... נאָר וואָס זאָל ער טהון? צו שטאַרק—האָט ער געטראַכט — איז ביי זיין יונג ווייב דבורה׳לע די בושה און צניעות פון אַ בת-ישראל איינגעוואָרצעלט און ער האָט פשוט נים קיין דרייסטקייט, עפּעס גאָר אומגעריכט צוגעהן צו איהר און זיך אויסשמועסען...

— — — — — —

זיין ווייב דבורה׳לע האָט זיך צו איהם פרעמד געפיהלט, און גרוים איז געווען לייבעל׳עס צער. אַלע אין „הויף" האָבען איהם ליעב געהאַט. און ווי זאָל מען אַזאַ יונגערמאַן ווי לייבעלע דעם רבינ׳ס נישט ליעבען?...

---

## .II

## די יונגע שנור.

ס׳איז אַ הייסער זומער-פאַרנאַכט. אין רבינ׳ס בית-המדרש, אין שטעדטעל נ. האָט מען נאָר-וואָס אָבגעדאַוועגט מנחה, און דער עולם איז אַרוים אויפ׳ן הויף אַ ביסעל קיהלע ליפט געניסען. די לאַנגע הילצערנע בענק, וואָס זענען צוגעשלאָגען צו די וועגד פון בית-המדרש, הערען תיכף בעזעצט מיט חסידים, זקנים און פרעמדע יודען, וואָס זענען געקומען אַהער אַ „עצה פרעגען" און רעכענען אַזעקצופאָהרען, אויב ס׳וועט נאָר קיין אויפהאַלטונג ניט זיין, מיט דער „ערשטער באַהן".

לייבעלע דעם רבינ'ס, אין אַ ווידענעם שלאָפראָק, דרעהט זיך אַרום אויף און אָב איבער'ן הויף מיט צוויי יונגע קעסט-אידימלעך אין פיהרען אַ שאַרפען שמועס אין לערנען.

משה-מרדכי, דער אַלטער משמש, מיט זיינע שאַרפע, דורכ-דרינגענדע אויגען, שפּאַצירט זיך אַרום לאַנגזאַם איבער'ן הויף, פּיפּ-קעט אונאויפהערליך די לאַנגע לולקע, וואַרט ווען מען וועט אָבצושטעקען אַ „שלום-עליכם" און גיט אַכטונג ס'זאָל זיך ניט ווער פון די, וואָס האָבען זיך שוין „געזעגענט", אויסדרעהען אָהן „לעצט-געלד"...

.........................................

אין אַ קליינעם צימער, נעבען דער רביצינ'ס שטוב, אויסגע-מעבלירט לויט'ן אַלטען סטיל, פּעפּוצט מיט שענע אַלטע אַנטיקען, פיעל טייערע חפצים און „דרשה-געשאַנק", נעבען פענסטער, וואָס געדעהט-אַרוים אויף אַ ווייטיגע אַלעע הינטער דער שטאָדט, בעפּלאַנצט מיט אַ געדיכטע שורה פיל-צווייגיגע בוימער, זיצט דבורה'לע, די „יונגע שנור", אַנאַכצעהן-יעהריג ווייבעל, אַנאיידעל יונג פּנים, וואָס דערצעהלט, אַז דאָרט ביי טאַטע-מאַמע איז זי אַ צאַרטעריג קינד געווען, אין האָניג און מילך געוואַקסען און דאָס איז זי נאָר-וואָס פון חופּה-שלייער אַפּיר...

נאָהענט צו איהר זיצט רבקה'לע דעם רבינ'ס, אַ 16-יעהריגע מיידעל, מיט לאַנגע בלאָנדע האָר און קינדערשע בלאָהע אויגען, אין וועלכע ס'איז קינדערשע תמימות אויסגעגאָסען...

אין צימער איז שטיל און טונקעל, די בוימער האָבען אין זייערע שאָטענס דאָס פענסטער פערהילט און אַ קיהל לייכט ווינטעל האָט די בלעטער געוויעגט אין אין פענסטער געבלאָזען.

ביידע זענען געזעסען שטילשווייגענד און שטיל פערטראַכט; רבקה'לע האָט זיך געשפּיעלט מיט איהר שווערערינס לאַנגען פּערל-באַנד. דבורה'לע האָט זיך שטאַרק צוגעטוליעט צו רבקה'לען און אומעטיג געשעפּטשעט:

— כ'האָב מורא, רבקה'שי... עפּעס שרעקט מיך אַזוי...

— פאַר וועמען האָסטו מורא? — האָט איהר רבקה'לע אָנגעקוקט מיט שרעק.

— כ'ווייס ניט... נאָר מורא האָב איך. אַלץ איז מיר דאָ עפּעס אַזוי פרעמד... עס שרעקט מיך... אַז איך דערזעה אַמאָל דעם שווער, ב'היים נישט, וואָס דאָס איז, נאָר ס'הייבט אין מיר אָן דאַמאָלס אַלע

גלידער צו ציטערען... עפּעס שרעק איך מיך אַזוי פאַר דער רביצין, פאַר דער שוויגער...

— וואָס רעדסטו, דבורה'לע? די מאַמעשי איז דאָך אַזאַ גוטע, זי בעהאַנדעלט דאָך דיך אַזוי גוט, אַזוי גוט...

— יאָ, אָבער איך ווייס אַליין נישט פאַרוואָס, עפּעס איז מיר דער גאַנצער „הויף" דאָ אַזוי פרעמד, אַזוי ווייט... אַלעס וואַרפט אויף מיר אַזאַ שרעק אָן... עס שרעקט מיך אַזוי דער אַלטער משמש מיט דער לאַנגער לולקע, אוי, ווי זיינע אויגען שטעכען... עס שרעקט מיך עפּעס דער גאַנצער „הויף" מיט די אַלע פרעמדע יודען, וואָס האַלטען טאָג-איין טאָג-אויס אין איין אַהערפאָהרען, אין איין אַוועק-פאָהרען... אוי, רבקה'שי, ווי איך בענק אַהיים... כ'בענק אַזוי... דאָרט אין ווארשאָ...

דבורה'לע האָט זיך נעהענטער צוגעטוליעט צו איהר, ביידע האָבען אַ ווײַלע געשוויגען און דאַן האָט זי ווייטער גערעדט:

— זעהסטו, רבקה'שי, דאָרט אין ווארשאָ, פלעג איך איצט מיט חברטעס שפּאַצירען, אין זאַקסישען גאָרטען געהן... אָדער מיר זענען אין די „אַלעען" געפאָהרען... דאָרט אַראָב אין די „לאַזשינ-קעס"... אוי, ווי מיר פלעגען שטיפען, לאַכען און אַזוי גוט, אַזוי גוט פערברענגען צוזאַמען... מען פלעגט עסען שאָקאָלאַד אין פרוכטען און אַזוי פיעל לאַכען... אוי, וואָס מיר פלעגען זיך דאָס אָבלאַכען; אין אַזאַ פאַרנאַכט!... און הערסטו, רבקה'שי, איינמאָל — דאָרט אין די אַלעען איז דאָס געווען — זעהען מיר אַזוי געזעסען אויף אַ באַנק אין געלאַכט... געהען גראָד פערביי עטליכע בחורימ'לעך, אַזעלכע שענע אויסגעפוצטע, און פלוצלונג האָבען זיי אונז גענומען בעשי-טען מיט אַזוי פיעל קאָנפעטי, אַזוי פיעל, אוי, מאַמעשי ־רוזי!... הערסטו? און איין בחור האָט זיך צוגעבויגען צו מיר און...

רבקה'לע האָט הערענדיג די לעצטע ווערטער אַ שטאַרקען צאַפּעל געטהון, איהרע נאַאיווע אויגען האָבען מיט קינדערישע שרעק אַ קוק געטהון אויף דבורה'לען און אַרומבליקענדיג איבער'ן פינסטע-רען צימער, האָט זי קוים שטאַמלענדיג איבערגעפרעגט:

— זיך צוגעבויגען צו דיר?... און דו ביזט אַנטלאָפען, געשווינד אַנטלאָפען, געשווינד... אַיאָ?

— געה, דו נאַריש לעמעלע — האָט זיך דבורה'לע צולאַכט און זי צאַרט אַרומגענומען — פאַרוואָס האָב איך געזאָלט אַנטלויפען?..

איך האָב געלאַכט און מיינע חברטעס האָבען געלאַכט... און אַ סך מאָל, אַט אַזוי ווי יעצט, ווען ס׳פּלעגט נאַכט ווערען, פּלעג איך מיר אַרויסגעהן צו מיינס אַ חברטע, ברוינשוויַיג הייסט זי, גאָר אין גיכען דאַרף ביי איהר זיין די חתונה מיט אַן אמת׳ן „דייטש״!... און דאָרט, ביי דער חברטע ברוינשוויַיג, פּלעגט מען אַלע נאַכט שפּיעלען אויפ׳ן פּאָרטעפּיאַן און זינגען, זי און די שוועסטער און איהר ברודער, הערסט? און אַ סך מאָל איך אויך...

— דו? — האָט זיך רבקה׳לע מיט שרעק פון איהרע אָרעמס אַרויסגעריסען — מעג מען דען?...

— שטילער, דו נאַרישע קינד, דער טאַטעשי און די מאַמעשי האָבען ניט געוואוסט... הערסט? און אַ סך מאָל פּלעג איך פאַרנאַכט אויפ׳ן באַלקאָן זיך אוועקזעצען און פּוילישע ביכלעך לייענען, אוי, סאַ׳ראַ שענע ביכלעך!... אַזעלכע שענע „ראָמאַנען״, פון חתן-כלה, וואָס האָבען זיך געליעבט און זענען פון די עלטערען אַנטלאָפען... אוי, סאַ׳ראַ שענע!...

דבורה׳לע האָט זיך פערטראַכט און צובויגענדיג זיך צום פענסטער האָט זי צוגעגעבען:

— אוי, ווי פינסטער דאָ איז, מיר איז דאָ אַזוי אומעטיג! עפּעס איז דאָ אַליץ ווי אַרומגעצוימט, ווי איך וואָלט אין אַ שטיין געזעסען... גאַנצע טעג זיץ-אָב אין שטוב... נישטאָ וואו צו געהן, נישטאָ וואו צו שטעהן... ווי איך שרעק מיך, כ׳האָב אַזוי מורא... אוי, רבקה׳שי, ווי איך בענק אַהיים... כ׳בענק אַזוי...

רבקה׳לע, וועלכע האָט די גאַנצע צייט נייגיעריג געקוקט אויף איהר שוועגערין און מיט אַן אָפּען מויל צו אַלע איהרע ווערטער צוגעהערט, האָט די לעצטע ווערטער כמעט ניט געהערט, זי איז געבליבען זיצען מאָדנע פערטראַכט. אין איהר קינדיש האַרץ האָבען זיך פערשיעדענע געפיהלען ערוואַכט און מיט שטילע שטאַמלענדע ווערטער האָט זי זיך צו דער שוועגערין געווענדעט:

— איך פערשטעה דיך ניט, דבורה׳לע. דו זאָגסט, דאָס דו פּלעגסט לייענען אין די פּוילישע ביכלעך פון פערליעבטע חתן-כלה, וואָס זענען פון דערהיים אַנטלאָפען... פאַרוואָס, דבורה׳לע, זענען זיי אַנטלאָפען?...

— ווייל זיי האָבען זיך ביידע געליעבט...

— געליעבט?

דבורה'לע האט זיך שטארקער צוגעטוליעט צו איהר שוועגערין און געשעפטשעט:

— יא, יא, רבקה'שי... איך איך... איך האב אין ווארשא געליעבט...

רבקה'לע איז פון ארט אויפגעשפרונגען, און ווארפענדיג דער־שראקענע בליקען אויף איהר שוועגערין, האט איהר קערפער געציטערט אין דער פארנאכטיגע פינסטערניש פ'נ'ם צימער...

* *

*

אין דרויסען איז די נאכט צוגעפאלען; רבקה'לע, אבעאונרו־היגטע פון פלוצלונגע שרעק, וואס איהר שוועגערינס לעצטע ווערטער האבען אויף איהר אנגעווארפען, האט זיך שטיל אויף די שפיץ פינגער פון צימער ארויסגעשארט.

דבורה'לע, פערשליסענדיג איהר קאפ צווישען די אָרעמס, איז געבליבען זיצען ביים פענסטער און געקוקט מיט שטארע בליקען אין דער ווייטער נאכט־שטילקייט, אין וועלכער ס'האבען זיך פון צייט צו צייט דורכגעטראגען אבגעריסענע קלאנגען: א בעל־עגלה'שער „וויא" און א פאכען פון א בייטש, טענער פון א גארמאָנקע און מיידעלשע געלעכטערס...

פאר'ן פענסטער האבען זיך די בוימער געוויעגט און געפאכעט מיט זייערע בלעטער אויף דבורה'לעס פנים. זי האט פעסטער איהר קאפ אין די אָרעמס איינגעשלאָסען און די אויגען פערמאכט.

עס שווימען־אויף פאר איהר היימישע בילדער פון דער נאָהענטער פערגאנגענהייט.

אָט איז יענער אָוועגד...

זי ליגט אין עס־צימער אויף דער סאָפע אויסגעצויגען און לייענט א פוילישע ביכעל, וואס איהר חבר'טע ריווטשע ברוינשווייג האט איהר געגעבען... אוי, וואס פאר א שען ביכעל יענץ איז געווען!... חא־חא־חא, וויפיעל זי האט דאס דאמאָלס געלאכט פון דעם דאָזיגען נארישען, אוי, אוי, ווי האט ער געהייסען? — יא, זי געדענקט, יאנושעק, יאנושעק האט ער געהייסען... דער דאָזיגער יאנושעק איז תמיד ארומגע־גאנגען מיט די געדאנקען, נישט חתונה צו האבען אנדערש, נאר פאר

אַ כּלה מיט אַ סך געלד... און אַז ער פלעגט זײַן צווישען אַ „טאַזאַר-
זשימטווע" און דערזעהען אַ שען מיידעל פון נישט-רײַכען שטאַנד,
האָט ער געחאַפּט, יאַנושעק, און איז אַנטלאָפען, מורא-האָבענדיג, ער
זאָל זיך נישט אין איהר פערליבען... אַ שאָדה, זי האָט דאָס ביכעל
נישט געענדיגט... די טיהר האָט זיך דאַמאָלס געעפענט, זי האָט זיך
דערשראָקען און געשווינד בעהאַלטען דאָס ביכעל אונטערן פאַרטוך...
געמיינט האָט זי, אַז דאָס גערעט דער טאַטע, באַלד האָט זי אָבער איהר
אומזיכטע שרעק דערזעהען, דאָס איז גאָר די מאַמע אַרײַנגעקומען, און
די מאַמע האָט קײַן פּויליש ביכעל נישט געשטערט צו לייענען... „יודי-
שע ראָמאַנען, פלעגט תמיד די מאַמע צו איהר זאָגען, איז אַן עבירה
צו האַלטען, מחמת זיי פיהרען אַראָב פון גוטען וועג און זיי פער-
פּאַסקודען דעם קאָפּ מיט אויסגעלאַסענע זאַכען, טפוי זאָלען זיי דאָרט
ווערען!... פון אַ פּויליש ביכעל אָבער, לערנט מען זיך אויס רעדען
פּויליש און די הײַנטיגע צײַט פאָדערט עס"... די מאַמע האָט גע-
שמייכעלט און זיך אַוועקגעזעצט נעבען איהר, עפּעס אַ צײַט גערעדט
מיט איהר אַזעלכע מאָדנע ווערטער, זי קאָן זיך בשום אופן ניט דער-
מאָהנען, וואָס האָט זי דאָס דאַמאָלס גערעדט אַזוינס... דערנאָך האָט
זיך די מאַמע אויפגעשטעלט, צוגעגאַנגען נעהענטער צו איהר, געגלעט
איהר איבער'ן קאָפּ, געקוקט איהר שמייכלענדיג אין די אויגען, האַלב-
פערשעמט איהר אַרומגענומען און געזאָגט: „טאָכטערשי, ס'קומט דיר
אַ מזל-טוב"...

וואָס האָט זי דערויף געענטפערט? ניין, זי קאָן זיך גאָרנישט
דערמאָהנען, זי האָט, דאַכט זיך, גאָרנישט געענטפערט...
דערהערענדיג די בשורה פון דער מוטער, דאָס זי שטעהט אין אַ יחוס-
שידוך, און אַ שדוך מיט אַ רבי'שען „הויף", האָט זי דאַמאָלס, גע-
דענקט זי, פון גרויס איבערראַשונג קײַן איין וואָרט נישט אַרויסגערעדט.
צו דער מוטערס גרויס וואונדער האָט זי נישט געפּרובט איבערפרע-
גען קײַן זאַך... זי איז דאַן געבליבען זיצען ווי צוגעשמידט צו איהר
אָרט, איהרע אויגען האָבען שטאַר געקוקט אויף דער מוטער, און איהר
מוח, אין וועלכען ס'האָט זיך אַ מבול פון געדאַנקען געפּלאָנטערט, איז
דאַן פּלוצלונג, גאָר אומערוואַרטעט פאַר איהר זעלבסט, אַרויפגעשוואוי-
מען דער נאָמען: דוד...

דוד... — אין אָנפאַנג האָט זי זיך דאַן אַליין נישט געקאָנט
אָבגעבען קײַן געניע בעגריף, וואָס און ווען זי טראַכט וועגען איהם...

זי האָט דערנאָך, געדענקט זי, ווען זי האָט זיך אַ בּיסעל יִבערוּהיקט, אַליין געחידוש'ט, פאַרוואָס דער דאָזיגער נאָמען האָט זיך עפּעס אײַנגעגעסען אין איהר מוח און גיט איהר קיין רוה נישט...

אַ גאַנצע נאַכט האָט זי דאַמאָלס קיין אויג נישט צוגעמאַכט; וויפיעל זי האָט נישט געפּרובט דעם דאָזיגען געדאַנק אָבצוטרייבען פון זיך, דער־ ־ ־ ־ר האָט זי זיך צוגעוואָרגט צו איהם, אַלץ מיט מעהר דרייסטקייט האָט זי געגומען טראַכטען דעריבער. ס'האָט איהר בעהערשט אַ געפיהל, וועלכען זי האָט זיך געשראָקען אויף די ליפּען צו ברענגען...

און אָט זיצט זי צו־מאָרגענס אין אָוענד בײַ די ברוינשווייג'ס.

ברוינשווייג'ס הויז, פלעגט זאָגען די מאַמע, איז אַ „פּאָסטעמ־פּאָוע" הויז, מחמת ר' ברוך ברוינשווייג אַליין איז אַ גאַנץ קנאַפּער חסיד, נישט איבעריג פרום און בכלל אַ שטיק היינטוועלטיגער. ברוינ־שווייג'ס טעכטער האָבען געענדיגט פּענסיאָנען. די עלטערע טאָכטער האָט חתונה געהאַט מיט אַ „דייטש" און די יונגערע טאָכטער, ריוואטשע, שפּיעלט אויף פּאַרטעפּיאַן.

זי, דבורה'לע, איז אַנ'אָפּטע אַריינגעהערין געווען בײַ דער שכנות'דיגער פאַמיליע ברוינשווייג אין הויז; דאָרט האָט זי די פרייע אָוענדען פערבראַכט. דאָרט האָט זי כמעט דאָס ערשטע ביכעל אָנ־געהויבען צו לייענען; מיט דער צייט איז זי דאָרט געוואָרען צוגע־וואָהנט צו דער גאַנצער שטוב, געפיהלט זיך דאָרט פריי אין היימיש־אַ דאַנק ריוואטשען, איז זי בעקאַנט געוואָרען מיט פיעל חבר'טעס פון דער „פּאָסטעמפּאָוער" קלאַס, וועלכע פלעגען זיך צוזאַמענקו־מען אין אָוענד פערברענגען אין זאָרגלאָזע מעדעלשע שפּיעלערייען אין שמועסען, שפּיעלען אויפ'ן פּאַרטעפּיאַן און אונטערהאַלטען זיך מיט לאַכעדיג־פרעהליכע לידער. צוזאַמען מיט זיי, אָהן איהרע על־טערענס וויסען, פלעגט זי, דבורה'לע, געהן גאַנץ אָפט אין טעאַטער און אויף פערוויילונגען.

וואָס האָבען דאַמאָלס די חבר'טעס געטראַכט וועגען איהר?? דאַ־מאָלס, ווען זיי האָבען געהערט, וואָס פאַר אַ שדוך זייער חבר'טע דבורה'לע האָט געטהון?... אין די ברוינשווייגס? און ריוואטשע?...

זי פיהלט, ווי איהר פּנים גליהט איצט פון רויטקייט...

אָט זיצט זי צו־מאָרגענס אין אָוענד בײַ די ברוינשווייגס.

ווען זי איז אריינגעקומען, האבען איהר אלע דארט אין הויז בעגעגענט מיט אליעבען שמייכעל. ריווטשע האט איהר צוגעטראגען א שטוהל און געבעטען זיצען, מאראם ברוינשווייג האט אנגעקלונגען אין קיך, מ'זאל אריינברענגען טהיי.

זי איז געזעסען ביים טיש און געשוויגען. זי האט אלע היילע געווארפען א בליק אויף די ארומיגע פנימ'ער, פון וועלכע זי דאט געוואלט לייענען: צי איז שוין פאר זיי דער סוד נישט ענטפלעקט... פארוואס קוקט אזוי מאדאם ברוינשווייג אויף איהר? וואס בעדייט דער שמייכעל, וואס רוהט אויף איהר פנים? און ריווטשע? און הודי? פארוואס האלטען זיי די אויגען אוועקגעקעהרט פון איהר?... אט האט זיך מאדאם ברוינשווייג געווענדעט צו איהר מיט עטליכע פראגען און האט געשמייכעלט דערביי און געלאכט... אלע זענען מיט אמאל געבליבען זיצען שטיל. ריווטשע האט געקוקט אויף איהר מיט פארשטענדע בליקען... איהר הארץ האט האסטיג גענומען קלאפען, זי האט קיין ארט ניט געפינען, וואו די אויגען צו בעהאלטען, זי האט זיך געוואלט ערגעץ איינגראבען, פערשטעקען, נישט טרעפען זיך מיט קיינעם. איהרע באקען האבען געפלאמט... נישט-ווילענדיג האבען זיך איהרע אויגען אנגעשטויסען אויף דודי'ס און זייערע בליקען האבען זיך בעגעגענט... קיינער, אויסער זי, האט דאן נישט בעמערקט, ווי דוד האט נערוועז געציטערט און זיין פנים איז מאדנע בלאס געווארען... און פלוצלונג איז ער געשווינד אויפגעשטאנען פון דער שטוהל, אנגעהויבען ארומשפרייזען א צוטומעלטער פון איין ארט אויפ'ן צווייטען, פון דער שאנק צו דער קאמאד, פון דער קאמאד צום פענסטער, ווי ער וואלט דארט עפעס געזוכט... און ציטערנדיג אינגאנצען פון אויפרעגונג, איז ער אונבעמערקט אין זייטיגען צימער אוועק...

וואס ווייטער איז געוועזען, קאן זי זיך געווי נישט דערמאהנען... ס'האט זיך אלץ אינאיינעם צונויפגעגאסען אין א מיש-מאש פון צוברעקעלטע, אפגעריסענע בילדער... ס'האט זיך די טיהר געעפענט און מיידלעך, חברטעס, זענען אריינגעקומען... און די מיידלעך האבען געלאכט, און מאדאם ברוינשווייג איז געשטאנען נעבען איהר און געשמייכעלט... ריווטשע איז געשטאנען הינטער די פארהאנג ביים פענסטער און געקוקט אויף איהר און מיט די הענד צו די מיידלעך געוויזען און געדראהט מיט די פינגער... און די מיידלעך האבען געלאכט און האבען איהרע ווייסע הענד אויסגעשטרעקט... די טיהר

פֿון ווייטיגען צימער האָט זיך האַלב געעפֿענט און דורס קאָפּ האָט זיך אין דער טיהר בעוויזען... „מזל־טוב!“... און אַלין אַרום האָט געהילכט פֿון געלעכטער... ניין, ווייטער געדענקט זי נישט, דער קאָפּ איז איהר אַזוי שווער, מעהר קאָן זי זיך גאָרנישט דער־מאָהנען...

זינט יענעם אָווענד פֿלעגט זי שוין וועלטענער אַריינקומען צו דער פֿאַמיליע ברוינשווייג. און פֿלעגט זי ווען קומען, האָט זי בעמערקט, חי אַלע אין הויז היטען זיך נישט אַרויסצוחאַפּען זיך מיט אַ וואָרט וועגען שדוך, די תנאים און דער זמן־החתונה, וועלכער איז שוין גאָר נאָהענט...

און די תנאים... דער רבי דער מחותן, און די רביצין... וואָס בײַ זיי אין הויז האָט זיך דאַמאָלס אָבגעטהון!... ניין, זי געדענקט נישט, זי קאָן בשום־אופן נישט צונויפֿשטעלען אין בילד צום צווייטען; זי געדענקט אַפילו נישט גענוי, ווי אַזוי די חתונה איז צוגעגאַנגען... זי איז די גאַנצע צייט געווען ווי בערוישט... אין הויז בײַ זיי האָט געקאָכט און געפּילדערט ווי ערב פּסח, די טיהר האָט נישט גערוהט... דער טאַטע איז אַרומגעלאָפֿען אַ צוטראָגענער און כּסדר געשריבען מיט דער בלײַפֿעדער, געצופּט די באָרד און געמאַכט חשבונות... די מאַמע איז אַרומגעשפּרונגען פֿון איין צימער אין צווייטען מיט׳ן בינטעל שליסעלעך אין האַנד און געוואַקסען פֿון נחת... און זי, דבורה׳לע, איז שעה׳ן־לאַנג אָבגעזעסען יעדען טאָג בײַם פֿענסטער און געטראַכט, ניין — גאָרנישט, גאָרנישט געטראַכט... זי איז געזעסען און געקוקט אין דרויסען, געקוקט סתם אין דער וועלט אַריין... איז געקומען די שנײַדערין, די נעהטאָרין, די פּוצערקע און די מאַמע האָט זי אַרײַנגערופֿען — איז זי אַ שווײַגענדע, אַ געדאָרב־זאַמע אַרײַנגעגאַנגען, זיך אָנגעמאָסטען, אָנגעפּוצט, געדרעהט זיך בײַם שפּיגעל, דאָ רעכטס, דאָ לינקס... נישט זי האָט געזאָגט עפּעס אַ חסרון, נישט זי האָט געמאַכט עפּעס אַ בעמערקונג. שווײַגענדיג האָט זי אַלץ געפֿאָלגט און געטהון מעכאַניש, אָהן חשק, אָהן ווילען. „די מאַמעשי זאָגט אַזוי? — זאָל זײַן אַזוי“... קיין זאַך האָט זי נישט אינ־טערעסירט. ווי אַ שאָטען האָט זי זיך גאַנצע טעג אַרומגעדרעהט...

בײַנאַכט נאָר, ווען זי פֿלעגט ליגען אויפ׳ן געלעגער, פֿלעגען דאַן פֿאַר איהר דורכלויפֿען איינצעלנע אָבגעריסענע איינדריקען, וועל־כע זי האָט אין פֿערלויף פֿון טאָג איבערגעלעבט, און דאַן פֿלעגט

די וועגען איהר נאָהענטער צוקינפֿט טראַכטען... זי פֿערמאַלט די אויגען און גיט זיך מיה, הילטיג צו זעהען דאָס געשטאַלט פֿונ'ם חתן... אַ מאָגערער בלאַסער יונגעל מיט אַ מאָגער פֿערגרינט פּנים, וועלכעס זעהט זיך אַרויס פֿון די צוויי לאַנגע און ברייט־צופּלאָסענע פּאות... זי גראָבט־איין דעם קאָפּ אין קישען און צולאַכט זיך... חאַ־חאַ־חאַ, חי־חי־חי — הילכט־אָב דער ווידער־קול פֿון דעם פֿערשטיקטען געלעכטער אינ'ם פֿינסטערען שלאָפֿצימער, און די מאַמע, וואָס שלאָפֿט אין דערביי־איגען צימער, דערשרעקט זיך און שרייט־אַריין מיט אַ ציטערדיגע שטימע: „דבורה'לע? דבורה'שי?"... נאָר זי, דבורה'לע, ענטפֿערט נישט, עפּעס האָט זי איצט הנאה, וואָס זי האָט די מאַמע איבערגעשראָקען, און עס ווילט זיך איהר, צו־להכעיס, נאָכאַמאָל לאַכען, נאָך העכער, העכער, מען זאָל אין גאַנצען הויז הערען און דער טאַטע זאָל הערען: חאַ־חאַ־חאַ, חי־חי־חי!... אינ'ם דאָזיגען געלעכטער, פֿלעגט זי פֿיהלען, גיסט זיך אויס איהר נקמה, דאָס און גיפֿט, וואָס האָבען זיך ביי איהר אין האַרצען צונויפֿגעקליבען; אַ האַס צו טאַטע־מאַמע, וואָס האָבען זי צוליעב „יחוס" פֿערקויפֿט, אַ שנאה צו פֿיעל, פֿיעל אַנדערע, וואָס זי ווייסט אַפילו ניט, ווער און וואָס זיי זענען...

און אָט איז דאָס לעצטע בילד. דער מאָמענט, ווען זיי האָבען זיך צושיידט...

אויף דער פּלאַטפֿאָרמע אַרום דעם וואָקזאַל האָט גערוישט פֿון די מחותנים און פֿיעל געסט, וועלכע זענען געקומען איהר בעגלייטען און געזעגענען זיך. די מאַמע, אַ שיינענדיגע פֿון פֿרייד, לויפֿט אַרום מיט אויסגעשטרעקטע הענד, חאַפּט אַלע ווייַלע אַרום אַנאַנדער קאָפּ, האַלזט איהם פֿעסט צונויף און קושט, ווישט די ליפּען און קושט... אָט איז אַ ראָד פֿון אַ געדיכטען עולם און אין מיטען ראָד פֿלאַטערען שטריימלען און פּאות, און דער טאַטע איז אויך אין מיטען, קוקט אַרום זיך מיט גדלות און ציהט לאַנגזאַם די באָרד... זי, דבורה'לע, אויסגעפּוצט אין די נייע מלבושים, זיצט אין וואַגאָן און קוקט אַרויס דורכ'ן פֿענסטער... אַ געשריי רייסט זיך שיער ניט אַרויס פֿון איהר האַרץ... דאָרט אין ווינקעל, נעבען די שטאַלעטען פֿון וואָקזאַל, אונבעמערקט פֿון אַ זייטיג אויג, שטעהט ער... דוד... פֿיבערהאַפֿט בלאָנדזשען אַרום זיינע אויגען צווישען די פֿיעלע אויסגעפּוצטע געסט און ציטערט פֿון אויפֿרעגונג... ער זעהט איהר... יאָ, זייערע אויגען האָבען זיך צוזאַמענגעטראָפֿען, ער געזעגענט זיך

מיט איהר, עפּעס, דאַכט זיך, זאָגט ער איהר עפּעס... דער צונג ריהרט זיך... זי זעהט איהם נאָך... ער שאָקעלט מיטן קאָפּ, מיטן פינגער, דאַכט זיך, ווייזט ער עפּעס... דער צונג לויפט אַלין שנעלער, שנעלער, זי זעהט איהם נאָך פון ווייטען... אָט איז נאָך אַ פּינטעלע, פון דערווייטען, פון דערווייטען...

— — — — — — — — — — —

— דבורה'לע, דבורה'לע...

דאָס איז די שוויגער, שרה'לע די רביצין, מיט אַן אָנגעצונדענעם לאָמפּ אין האַנד אַריינגעקומען. דבורה'לע האָט דערשראָקען איהר קאָפּ פון די איינגעשלאָסענע אָרעמס אויפגעהויבען און אַ צומישטען בליק אַרום זיך געוואָרפען.

אין דער אָפענער טיהר האָט זיך געוויזען אַ פערשעמט פנים פון לייבעלע דעם רבינ'ס...

* *

*

אומרוהיג האָט רבקה'לע פערבראַכט די נאַכט אויף איהר געלעגער און ניט געקאָנט איינשלאָפען.

— זאָל איהר גאָט ניט שטראָפען! — טראַכט זי מיט שרעק און בעהאַלט דעם קאָפּ אונטער דער קאָלדרע — אוי, וואָס פאַר אַ הערטער זי האָט פאַרנאַכט דאָרט, אין צימער ביים פענסטער, פון איהר שוועגערין דבורה'לע געהערט!... די קורצע אָבגעהאַקטע ווערטער, אין וועלכע איהר שוועגערין האָט זיך פאַר איהר דאָס האַרץ אויסגעגאָסען און געשילדערט איהר לעבען און אויפפיהרונג אין וואַרשאָ... צום ערשטען מאָל אין איהר לעבען הערט זי פון אַ יודישע טאָכטער — דערצו נאָך פון אַ יודיש ווייבעל! — אַזעלכע ווערטער!... זי, רבקה'לע דעם רבינ'ס טאָכטער, האָט דאָך דאָ אין „הויף" ביז איצט איהרע יאָהרען פערבראַכט; אין דער סביבה פון פרומקייט און קדושה אויסגעוואַקסען, ערצויגען געוואָרען, אַזוי ווי אַ רבינ'ס קינד דאַרף ערצויגען ווערען, מיט יעדען שריט און טריט אָבגעהיט געוועזען און גאָר אַזעלכע ווערטער!...

— איז דאָס אמת? — שרעקט איהר דער געדאַנק, איז דאָס טאַקי אמת, אַז דאָרט אין דער גרויסער שטאָדט זענען יודישע, חסידישע

מעדלעך אַזעלכע זינדיגע?...

אונרוהיג וואַרפט זיך רבקה'לע דעם רבינ'ס טאָכטער אויף'ן געלעגער, זי בעמיהט זיך אַלע דבורה'לעס ווערטער צו דערמאָהנען און איהר פּנים ווערט מיט אַ שעמעוודיגע רויטקייט בעגאָסען... צום לויפען־הורך און איהר פאַנטאַזיע פערשיעדענע בילדער און פיגורען, וואָס צום ערשטען מאָל, דאַכט זיך, טראַכט זי וועגען זיי, צום ערשטען מאָל אין איהר לעבען קומען אַזעלכע בילדער אויף איהר געדאַנק אַרויף...

אַ ציטער לויפט־דורך איבער איהר קערפּער — זי איז אַזינדיגע... — שעפּטשען שטיל איהרע ליפּען און זי הילט זיך אײַנגאַנצען אײַן אין דער קאָלדרע — זי איז אַזינדיגע... דאָרט אין דער גרויסער שטאָדט זענען אַלע פול מיט עבירות... אַלע מעדלעך זינדיגען דאָרט...

---

שוין לענגסט שלאָפט דבורה'לע, און רבקה'לע ליגט אויף איהר געלעגער און קאָן ניט אײַנשלאָפען.

אַ ביטערער אומעט נאָגט איהר האַרץ, זי פיהלט זיך איינזאַם און עלענד אין דעם דאָזיגען הויז, וואו אויף אַלעם אַרום איז אויסגעגאָסען פורכט און הייליגקייט, אויסגעמישט מיט אַ מין אונבעוואוסטבאַרע שרעק...

עס ציהט איהר אַהין, דאָרט אין דער גרויסער שטאָדט, אַהין, צו דעם רויִשיגען קאָכיגען לעבען, צו איהרע עלטערען, צו דער פאַמיליע ברוינשטיין, צו איהרע חברטעס, צו ריוועטשען און צו...דודן... צו דער פּאָרטעפּיאַן, צו די פרעהליכע אָזענדען, צו דעם גאָרטען־שפּאַציר און די זומער־פּאַרנאַכטען... און וואָס מעהר זי טראַכט איבער זיי, אַלץ מעהר ערוואַכען זיי זיך אין איהר געדאַנק, און עס ציהט איהר אַהין, אַהין, דאָרט, וואו זי האָט ביז איצט איהרע קינדערלישע יאָהרען פערבראַכט...

און דבורה'לע שפּרינגט פלוצלונג אַראָפּ פון איהר בעט, נעהמט אויף זיך אַרום אַ לײַכטע שאַלעכעל איבער די אַקסלען, און אַ באָרוויסע לאָזט זי זיך אויף די שפּיץ פינגער אַרײַן אין נאָהענטען צימער; לאַנגזאַם, פאַמעליך געהט זי צו צום בעט, און וועלכער רבקה'לע ליגט מיט פערמאַכטע אויגען, נאָר־וואָס אײַנגעשלאָפען, זען זיגט

זיך איין איבּער איהר, הערקענדיג זי מיט אַ שוואַכע שטימע און גלעט־
טענדיג דערביי צאַרט און ליעבּליך איהרע הענד:

— רבקה׳לע... רבקה׳שי... דו שלאָפסט?... רבקה׳שי!

רבקה האָט האַסטיג געעפענט די אויגען און מיט שרעק אַ צאַפּעל געטהון, און אַרומקוקענדיג זיך איבּערן צימער און דער־זעהענדיג נעבּען זיך דבורה׳לען איינגעצאַצען כמעט אויסגעטהון, האָט זי ווי צומישט אַרויסגערעדט:

— אך!... דאָס ביזטו?... אַזוי שפּעט ביינאַכט?... וואָס איז געשעהען? וואָס זיצטו עפּעס דאָ אַזוי?..

— בּערוהיג זיך, בּערוהיג זיך — האָט איהר דבורה׳לע געגלעט די אָרעמס און געשמייכעלט — ס׳איז גאָרנישט... איך בּין גלאַט אַזוי אַריינגעקומען צו דיר... ס׳איז מיר אומעטיג דאָרט...

— אָבער, אָבער... — האָט רבקה׳לע געשטאַמעלט און געקוקט אויף איהר מיט אונפערשטענדליכע בּליקען — אָבער... וועה נאָך, ווי שעמסטו זיך נישט... דו בּיזט דאָך אַ נאַקעטע... און בּאָרפיס בּיזטו... געה־אַהוועק, כ׳בּעט דיך... דאָרט בּיי אייך אין דער גרויסער שטאָדט זענען אַלע מיידלעך זינדיגע... אַלע מיידלעך...

— האַ־חאַ — האָט זיך דבורה׳לע צולאַכט און זיך מעהר צוגעבּויגען צו איהר — וואָס רעדסטו דאָס אַזעלכע מאָדנע ווערטער?... חאַ־חאַ!.. ס׳האָט זיך דיר, ווייזט־אויס, אַ שלעכטער חלום געחלומ׳ט איצט, איאָ, מיידעלע מיינס?... אוי וועה איז מיר, ווי בלאַס דו קוקסט אויס! וואָס עפּעס קוקסטו אויף מיר מיט אַזעלכע שטאַרקע אויגען? זאָג מיר, רבקה׳לע, וואָס איז מיט דיר?

אַ לאַנגע ווײַלע האָט רבקה׳לע געשוויגען, קוקענדיג אַלץ אויף איהר מיט שרעק. פּלוצלונג האָט זי זיך אויפגעזעצט אויף איהר בּעט און מיט אַ שעמעוודיגע מינע זיך געווענדעט צו איהר שוועגערין:

— אָבער זאָג מיך, דבורה׳לע, כ׳בּעט דיך, איז טאַקע אמת, האָס דו האָסט מיר געזאָגט פאַרנאַכט, דאָרט בּיים פענסטער?...

— אַז וואָס?...

— אַז, אַז... דאָרט אין וואַרשאָ, דאָרט... אײדער דו בּיזט אַהערגעקומען צו אונז... ווען דו בּיזט נאָך אַ מיידעל געווען... האָסטו געליעבּט?... זאָג מיר...

דבורה׳לע האָט אַ ציטער געטהון, איהר פריהערדיגער שמייכעל איז מיט אַמאָל פערשוואונדען געוואָרען, איהר פּנים איז געוואָרען

ערנסט. אין אָנגעהמענדיגע רבקה'לען בײַ דער היגה, האָט זי זיך צו איהר געווענדעט מיט אַ ציטערנדע שטימע:

— דער גישט מעהר, רבקה'לע, אַזעלכע ווערטער, דו ביזט נאָך אַ קינד... דו פערשטעהסט נאָך גאָרנישט, אַ קינד ביזטו נאָך... לאָמיר מעהר וועגען דעם נישט רעדען... כ'האָב זיך נאָר גלאַט אַזוי אַרויסגע־האַפּט פאַר דיר... אָבער כ'בעט דיך, שלאָג דאָס דיר אַרויס פון קאָפּ, טהו מיר צוליעב, רבקה'לע, פערשאַף מיר נישט קײן שמערצען, טראַכט נישט מעהר דעריבער.....

זי האָט זיך צוגעבויגען צו איהר און צוגעטוליעט צו זיך איהרע וואַרימע אָרעמס. עטליכע מינוטען האָט אַ שטילקייט געהערשט...

פּלוצלונג האָבען זיי דערהערט פון דרויסען רעדער־סקריפּערײַ פון בריטשקעס, וואָס האָבען זיך מיט שווערקייט געשלעפּט איבער דער שטילער אײַנגעשלאָפענער גאַס. דאָס סקריפּערײַ איז געוואָרען אַלץ נעהענטער און נעהענטער,־און מיט רעש זיך געשטעלט נעבען הויף.

באַלד האָט זיך פון הויף דערהערט אַ שטאַרקע בעוועגונג, אַ געדרעדערײַ און פרעמדע טריט פון פיעל פּערזאָנען. דבורה'לע האָט זיך מיט געשווינדיגקייט אַ כאַפּ געטהון פון איהר אָרט, און ווינ־שענדיג רבקה'לען „אַ גוטע נאַכט", איז זי איילענדיג פערשוואונדען צוריק צו זיך אין צימער.

---

# .III

## דער פעטער.

צו די ברוינשווייגס אין הויז איז געקומען אַ גאַסט צופאָרען. דער פעטער שמחה־הערש, דער האַטשינער שוחט, ר' ברוך ברוינ־שווייגס ברודער, וועלכען מ'האָט פרעהליך מקבל־פּנים געווען:

— ברוך־הבא, פעטער שמחה־הערש! אַדאַי צום רבין!...

ווײַזט הגם ר' שמחה־הערש איז שוחט אין האַטשין, וואו עס וואוינט דער האַטשינער רבי, און הגם ר' שמחה־הערש איז גע־ווען אַ גאַנצער יוצא־ונכנס בײַם האַטשינער רבין אין הויז און פלעגט אפילו שבת אַרײַנקומען צום טיש זינגען אַ זמר, פונדעסטוועגען האָט ער זיך געהאַט „זײַן" רבין, דער רבי פון נ., וואוהין ער פלעגט נסע־

כען א נסיעה עטליכע מאל אין יאהר. און ווען ער פלעגט פאהרען פון חאטשין קיין נ., פלעגט זיך דער פעטער שמחה-הערש אבשטעלען אויף א האלבען טאג אין ווארשא, אבטרעטען ביים ברודער ברוך ברוינשווייג אין הויז. און דערפאר טאקי, ווי נאר ער פלעגט דעם ברודערס טיהר עפענען אין ברוינשווייג'ס בני-בית האט איהם דער-זעהען, איז געווארען פרעהליך אין הויז, און נאכ'ן ערשטען קבלת-פנים, פלעגט גלייך איינער ארוים מיט נישט קיין בעהאלטענע ליצנות-פראגע:

— וואוהין, פעטער שמחה-הערש?

דער פעטער שמחה-הערש האט זיך פערשטאנען דערויף און פלעגט גוטמוטיג צולעגען א פינגער צו דער נאז:

— עה-הע קינדערס!... וואוהין? וואס הייסט, וואוהין? אודאי — אהין!... — און דערביי פלעגט ער אווייז טהון מיט'ן פינגער: — „אהין", דאס האט געהייסען קיין נ. צום רבי'ן.

בעזונדערס פלעגט זיך תמיד משמח זיין מיט'ן פעטער שמחה-הערש'ס קימען, ברוינשווייג'ס יונגערער זוהן, דוד.

דען זומער-צייט, ווען די פאמיליע ברוינשווייג פאהרט ארוים אויף דאטשע, פלעגט דאן דוד גאנץ אפט אריבערפאהרען קיין חאט-טשין צום פעטער, פערברענגען עטליכע וואכען אינ'ם רוהיגען קליינ-שטעדטעלדיגען לעבען. אין חאטשין האט זיך דוד געפיהלט פאר א גאנצען חשוב; אלע האבען איהם שוין דארט געקענט, מיט יעדען געווען היימיש. די חאטשינער בחורים-אינטעליגענטען האבען געהאט גרויס אבשיי פאר דעם ווארשאווער גבירישען בחור, וועלכער געהט פאצעטיש געקליידעט און איז א שארפער קענער אין די ביכער, און אין די זומער-פארנאכטען פלעגען זיך די דארטיגע בחורים-אינטעליגענ-טען גאר גרויסארטיג אויספוצען, די האר פערקעמען מיט „גרושיזעס" פון פארענט און ביכלעך האט מען גענומען אונטער די ארעמס — זאל ער וויסען, דער ווארשאווער בחור, אז זיי, חאטשינער, זענען עפעס אויך ניט אבי-ווער! — און די גאנצע חברותא מיט דוד'ן אין דערמיט, פלעגען זיך לאזען מיט אויפגעהויבענע קעפ און שטאלצע טריט, שפאצירען-געהן אונטער דער שטאדט, וואו מ'האט זיך אויפ'ן גראז אויסגעלעגט, מיט די פנימ'ער צום הימעל, און מ'האט דיסקוסיעס גע-פיהרט און וועגען ביכער גערעדט און העברעאישע ליעדער געזונגען.

די חאטשינער אינטעליגענטען האבען איהם איינמאל גבין-

השמשות-צייט, אנגעוויזען אויפן חאַטשינער רבינ'ס בחור'ל, מרדכי'לע, און דערביי האבען זיי איהם אַ סוד אין אויער איבערגעגעבען: — „אַ משכיל... טאג און נאכט אין די ביכער"... דוד האט געשלאָסען מיט איהם בעקאַנטשאַפט, געוואָרען אַלין נעהענטער און נעהענטער — ליעב-צוגעקניפּטע חברים! אַזוי, דאָס דוד פלעגט שוין דערנאָך אין וואַרשא פיהרען מיט איהם אַ געהיימע קאָרעספּאָנדענץ און די אונטערשריפטען אויף די בריעף, סיי דוד'ס און סיי מרדכי'לעס, זענען געצייכענט געווען מיט בלויזע ראשי-תיבות.

און דעריבער, אז דוד פלעגט אין וואַרשא דעם פעטער שמחה-הערש דערזעהען, האט ער זיך דערפרעהט, ווי איינער, וואס בעקומט אַ גרוס פון זיין היים-שטעדטעל; אָבגעגעבען איהם אַ ברייטען שלום-עליכם און אויסגעפרעגט זיך, פונקט ווי אַ חאַטשינער תושב: וואס הערט זיך עפּעס אין חאַטשין? וואס מאַכט דער און וואס מאַכט יענער?

איצטיגס מאל, ווען ברוינשווייג'ס בני-בית האט פרעהליך מקבל-פנים געווען זייער פעטער: „פעטער שמחה-הערש, וואס הערט זיך?" — האט ר' שמחה-הערש אַנגערנסט פערטרויערטען שאָקעל געטהאָן מיטן קאָפּ און האט פון דער בוזים-קעשענע אַ טעלעגראַמע אַרויסגענומען און געזיפצט:

— פיזיים נישט וואס איבערצוטראַכטען, היינט אין דערפריה האָב איך פון „דאָרט", פון נ. אַ טעלעגראַמע ערהאַלטען: „דער רבי דאַרף איין האָבען". וואס זאל דאס בעדייטען?

—אַ טעלעגראַמע? — אַלע האָבען זיך געחידוש'ט דערויף און יעדער האט זיך געפרובט בערוהיגען דעם איבערגעשראָקענעם פעטער.

דער פעטער שמחה-הערש האט זיך געוואַשען די הענד און אַוועקגעלעגט זיין רייזע-פעקעל אין אַ ווינקעל; מאַדאַם ברוינשווייג האט זיך דערווייל געפּאָרעט אין קיך צואייַלען דעם מיטאָג לכבוד דעם גאַסט. מען האט זיך אויסגעזעצט אַרום טיש און דער פעטער שמחה-הערש האט ניט אויפגעהערט צו זיפצען וועגען דער טעלעגראַמע, וואס ער האט ערהאַלטען. ער האט געקנייטשט דעם שטערען און געפרובט לערנען פשט: טאָמער איז די מעשה אַזוי? און טאָמער — אַזוי? און איז יעדעס מאל געקומען צום אויספיהר, אַז ווי אַזוי מען זאל נישט פרובען טייטשען, איז פאָרט דער גאַנצער ענין וועהר

קשה און דער שכל זיינער קאָן דאָס כאין אופן ניט תופס זיין...

— און וואָס מאַכט אין נ. די יונגע שנור, דבורה׳לע, מיין שכנ׳טעס טאָכטער? — האָט זיך פלוצלונג מאַדאַם ברוינשטיין גע־ווענדעט מיט אַ פראַגע צו ר׳ שמחה־הערש׳ן.

— ווייס איך... זאָגען זאָגט מען, אז זי האַלט זיך עפּעס פון אַלע ווי אָבגעזונדערט, פון דערווייטען. זיצט גאַנצע טעג ביי זיך אין צימער ביים פענסטער, ווייס איך... זי איז תמיד, זאָגט מען, טרויעריג און פערבענקט, גיט זיך נישר אָב מיט קיינעס, אויסער מיט׳ן רבי׳נס טאָכטער, רבקה׳לע... נאַרישקייטען... אַ יונג קינד, אַרויס־גענומען פון אַ וואַרשאָוער גבירישע הויז — איז זי שעמעוודיג, איז איהר שווער אַ ביסעל זיך צוצוגעוואָהנען מיט אַמאָל און פיהרען זיך אויפ׳ן רבי׳שען שטייגער, ווי די רבי׳שע קינדער...

און ר׳ שמחה־הערש האָט גענומען שילדערען די התנהגות „דערט", אין „הויף", דערצעהלט מיט התלהבות, ווי אַזוי עס פיהרט זיך די רביצין און ווי עס זענען זיך נוהג די קינדער, און דערצעהלענדיג האָט זיין פנים געלויכטען פון גדלות, וואָס אויך ער, ר׳ שמחה־הערש, געהער צו דעם דאָזיגען „הויף", אויך ער האָט דאָרט אַ חלק; אַני־עקספּרעס טעלעגראַמע שיקט מען נאָך איהם!...

אַלע ביים טיש האָבען זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט, וואָס דער פעטער שמחה־הערש דערצעהלט; דוד איז געזעסען ערנסט פערטראַכט, האַלטענדיג דעם קאָפּ אָנגעשפּאַרט אויף דער האַנד, זיין פנים איז געווען בלאַס און אויפגערעגט און פון זיינע שטאַרקע אויגען, וואָס האָבען פערטראַכט געקוקט ערגעץ אויפ׳ן סופית, איז קענטיג געווען, דאָס ער איז שטאַרק פערטראָגען און זיינע רעיונות בלאָנד־זשען ערגעץ וויט־וויט אַוועק...

פערברענגענדיג נאָך אַ שטיקעל צייט ביים טיש, האָט ר׳ שמחה־הערש געבענשט און זיך אויפגעהויבען פון אָרט און אַ קוק־טהוענדיג אויפ׳ן זייגער, האָט ער זיך אָנגעהויבען צוזאַמלען צו דער נסיעה.

דוד האָט ווי ערוואַכט פון זיינע פערטראָגענע רעיונות און זע־הענדיג, דאָס דער פעטער האַלט שוין גרייט דאָס רייזע־פעקעל אין האַנד און געזעגענט זיך, איז ער פלוצלונג אויפגעשפרונגען פונ׳ם אָרט און אַ צוטומעלטער אַ זאָג געטהון:

— פעטער שמחה־הערש, וואַרט אַ ווילע, איך פאָהר אויך...

— וואוהין? — האָבען איהם אַלע אָנגעקוקט פערוואונדערט.

דוד האָט זיך געסטאַרעט צו בעהאַלטען זיין איפּרעגונג, אום נישט צו ערוועקען ביי קיינעם קיין חשד... און אָנגעהמענדיג אַרוי-הינגע מינע, האָט ער מכלומרשט שמייכלענדיג און גלייכגילטיג גע-ענטפערט:

— אָט אַזוי גלאַט, ס'האָט מיר עפּעס אָנגעהאַפּט אַ חשק... כ'וויל מיטפאָהרען מיט'ן פעטער שמחה-הערש... אַזעלכע הייסע טעג איצט... איך וויל זיך אַביסעל היגפּאַהרען און אַגב טאַקי אַ ביסעל צוקוקען דאָס פיהרונג ביי אַ רבי'ן... אָט אַזוי גלאַט...

די מוטער, מאַדאַם ברוינשווייג, האָט איהם פערוואונדערט אָנגעקוקט, נאָר דאָ האָט זיך אָנגערופען ר' שמחה-הערש:

נו, מילא, זאָל ער מיטפאָהרען, וואָס שאַדט עס דיר? צו אַ רבי'ן פאָהרען מאַכט קיינמאָל ניט קאַליע... און אָבהאַלטען דערפון איז אודאי נישט גלייך... — און אַ קלאַפּ-טהוענדיג דוד'ן איבער דער פלייצע, האָט ער צוגעגעבען מיט אַ צופרידענעם שמייכעל:

— אָ-האָ! נישקשה, דוד, דו וועסט נאָך אַמאָל ווערען אַ חסיד...

מאַדאַם ברוינשווייג האָט נאָך עפּעס געוואָלט זאָגען, דוד האָט אָבער געשווינד צונויפגעפּאַקעוועט די שבת'דיגע מלבושים זיינע און מיט אַנ'איילענדיגען: „זייט געזונד" איז ער צוזאַמען מיט'ן פּע-טער, ר' שמחה-הערש, אַרויס פון שטוב.

אַ פערטראַכטער, אַ פערחלומ'טער איז דוד געווען דעם גאַנ-צען וועג, און ערשט נאָך האַלבע נאַכט איז ער מיט'ן פעטער, ר' שמחה-הערש, אָנגעקומען קיין נ.

---

# .IV

## אין הויף.

ס'איז דאָנערשטאָג שפּעט ביי נאַכט. דער גאַנצער „הויף" איז נאָך וואַך. אין דער גרויסער קיך פון דער רביצינ'ס וואָהנונג זענען די דינסטען, אַלץ עלטערע ידינעס, פערוואָרפען מיט פיעל אַרבייט לכבוד שבת, די היץ איז גרויס, פון קוימען שלאָגט אַ גע-דיכטע פאַרע. לייזער, דער משרת פון „הויף", אַ מגושמ'דיגער ייד

פֿון א יאָהר 50, לויפֿט־אַרום ווי אַ צוטומעלטער און קאָן זיך קיין עצה ניט געבען. יעדער רופֿט איהם, יעדען דאַרף ער צופֿרידען שטעלען און — חאַטש צורייס זיך!

אין גרויסען געמייערטען בית־המדרש דרעהען זיך אַרום די נאַר־וואָס אָנגעקומענע חסידים, וואָס זענען, ווער פֿריהער, ווער שפּעטער, געקומען מיט דער באַהן אָדער מיט אַקס אַהער צום רבי'ן אויף שבת. איינער אָנגעהאַלטען אין צווייטענס גאַרטעל דרעהט מען זיך בזגרוויז אויף און אָב איבער דער לענג און ברייט פֿון בית־המדרש, אָנגעטוהט אין ברייטע גאַרטלען און יאַרמעלקעס אין אַ נעבעל פֿון ליולקעס און ציגאַרען־רויך און מען רעדט וועגען מסחר, וועלט־זאַכען און חסידות...

דער קליינער בית־המדרש'ל, וואָס פֿיהרט אין רבינ'ס צימער, איז אָנגעפּאַקט מיט ווייבער, איינגעהילטע אין פּאַטשיילעס, צונויפֿגענורעט איינע אָן דער צווייטע.

ביים ברייטען טיש נעבען פֿענסטער זיצט ר' יודעל „קוויטעל־שרייבער", אויפֿ'ן טיש איז אָהן אַ סדר צוואָרפֿען ווייסע בויגעלעך פּאַפּיער, אַלטע קנוילען קוויטלעך, אַ טינטער און עטליכע פֿעדערס, מונדשטיקען פֿון פּאַפּיראָסען און שטיקלעך ציגאַרען.

בנעימות ציהט זיך ר' יודעל דעם ציגאַר, געלאַסען בלאָזט ער די בלויע רעדלעך רויך, טונקט־איין יעדעס מאָל די פֿעדער און שרייבט „קוויטלעך".

מיט פֿרומע צום הימעל־אויפֿגעהויבענע אויגען, שטופּט זיך יעדע יודענע נאָהענט צום טיש, קוקט זיך אַרום, צי די אַנדערע הערען נישט, און איינבויגענדיג זיך נעהענטער צום בויגעלע פּאַפּיר, וואָס ליגט אויסגעשפּרייט נעבען ר' יודלען, דיקטירט זי איהם שטילערהייד. וואָס ער דאַרף פֿאַר איהר אָנשרייבען אינ'ם „קוויטעל". איהר שטימע ווערט וואָס אַמאָל וויינענדיגער; זי דערצעהלט איהם אַליך, וואָס עס פּרעסט אויף איהר האַרץ; אַלע צרות, אומגליקען, וועלכע האָבען איהר אַהערגעבראַכט זוכען הילף ביים צדיק... זי בעט פרנסה פֿאַר איהר הויזגעזינד, געזונד פֿאַר זיך, פֿאַר דעם מאַן און פֿאַר די קינדערלעך; אַ שידוך פֿאַר איהר דערוואַקסענע טאָכטער; אַנ'עצה פֿאַר די פֿערפּלאָנטערטע עסקים, פֿון וועלכע זי, די פּראָסטע יודענע מיט איהר פּראָסטען שכל, זעהט ניט קיין אויסוועג... אָט פֿערגעסט זי זיך אַ ווײַלע, עפּעס, געדענקט זי,„ האָט אויף איהר האַרץ נאָך פֿיעל זאַכען גע־

פרעגט, זי געדענקט אָבער ניט אַקוראַט... זי קנייטשט דעם שטערן, אָט־אָט דערמאָהנט זי זיך עפּעס און הייסט אַריינשרייבען אין קוויטעל... יעדען, ווער ס'איז איהר נאָהענט און טייער, פֿאַר יעדען בעט זי אין קוויטעל צו דערמאָהנען...

און אַ שטרענגער יהד איז ר' יודעל דער קוויטעל־שרייבער, אַ קאַלטער גזלן. רוהיג, לאַנגזאַם, ציהט ער די רינגעלעך רויך, קאַלטבלוטיג הערט ער אויס יעדענס מעשׂית, אומגליקען און צרות, און קוקענדיג אויף זיין קאַלט רוהיג פּנים, איז קענטיג, דאָס די אַלע מעשׂות קריכען איהם אין דער לינקער פּאה נישט... פּאַמעליך, נישט איילענדיג זיך, פֿיהרט ער אויף דעם ביגעלע פּאַפּיר אַ שורה נאָך אַ שורה, לאָזט יעדען מאָל אַרויס זיין שטרענגען: „נו, ווייטער!" ביז די יודענע, וואָס שטעהט פֿאַר איהם, געפֿינט שוין מעהר ניט וואָס צו ענטפֿערען אויף דעם „נו ווייטער!" טהוט ר' יודעל אויף איהר אַ שטרענגען קוק און זי חאַפּט זיך תיכף צו דער קעשענע, צעהלט אויס עטליכע מטבעות און אַן אַנדער יודינע פֿערנעהמט איהר פּלאַץ...

און צונויפֿגעטוליעט זענען זיי אַלע יודינעס איינע צו דער צווייטע, די אויגען זענען געווענדעט צו דער טיהר, וואָס פֿיהרט אין רבינ'ס חדר, און ביי יעדען מינדסטען שאָרך, ביי יעדען קלענסטען ריהר פֿון דער טיהר, לויפֿט איבער אַלע דורך אַ ציטער. די פּנימ'ער ווערען נאָך מעהר ערנסטער, פֿרומער, הייליגער... אָט־אָט, וואַרטען זיי, וועט זיך די טיהר עפֿענען, איינציגווייז וועלען זיי אַהין אין הייליגען צימער אַריינגעהן, און זיך פֿאַר דעם צדיק די הערצער אויסגיסען...

אָט עפֿענט זיך די טיהר פֿון רבינ'ס חדר און עס באַווייזט זיך לייבעלע דעם רבינ'ס, מיט לויפֿענדיגע אויגען קוקט ער זיך איבער דעם בית־המדרש'ל אום, די דערשראָקענע ווייבער מאַכען איהם אַוועק, דריקען זיך צו דער וואַנד צו. איילענדיג, מיט די אויגען אָן אַ זייט, לויפֿט לייבעלע דורך און דורך דער טיהר פֿון אַרויסגאַנג ווערט ער ערגעץ פֿערשוואונדען, אַרויסרופֿענדיג מיט זיין ערשיינונג יראת־הכבוד און קנאה אין די הערצער פֿון די יודינעס, וואָס שעפּטשען (שטיל צווישען זיך:

— וואָס פֿאַר אַן אידעל קינד, די שכינה רוהט דאָך אויף זיין ליכטיג פּנימ'ל...

— אַ מתנה פֿון זיין ליעבען נאָמען! זייד איז דאָך דאָס, דיימענטען מיט בריליאַנטען...

- ערשט פֿאַר פֿיער וואָכען די חתונה געהאַט!
— און זוכה געווען צו אַזאַ ליבּטיגען אוצר, האָט גראָד ניט קיין „גוטער יוד“, ניט קיין רבינ׳ס טאָכטער. אַז זיין ליעבער נאָמען הייל עמיצען בעגליקען, האָט זיך דער הייליגער רבי דוקא מיט אַ חסיד, אַ גביר פֿון ווארשאַ מישדך געווען. אַז זיין ליעבער נאָמען וויל — האָט, זעהט איהר דאָך, אַ פּשוט׳ וואַרשאָיער מיידעל, צו אַזאַ גדולה דער-לעבט!...
— און לאָמיך שוין אַזאַ יאָהר האָבען, טאַטע זיסער, וואָס פֿאַר אַ טייער און כשר קינד זי איז!...
— און ווי געשיקט זיך דען! אַז די רביצין, זאָל געזונד זיין האָט זי פֿאַר אַ שנור אויסגעקליבען, מן הסתם איז זי ווערט...
— אַזוי ווי מען קאָן נישט — דערצעהלט מען — אין די ליכטיגע זון קוקען, אַזוי קאָן מען נישט קוקען אין איהר שיין, ליכטיג פנים...
— אַן איידעל כשר קינד, אַ שוויַיגענדיגע — דערצעהלט מען — איז זי, די יונגע שנור, קיין איבעריג וואָרט רעדט זי נישט, זי זיצט גאַנצע טעג אין איהר צימער ביים פֿענסטער, איהרע ליפּען שעפּטשען עפּעס שטילע, שטילע ווערטער און איהרע אויגען קוקען אין הימעל אַריין...
— דאָס טהוט זי — זאָגט מען — תפלה צום רבונו של עולם פֿאַר די, וואָס דאַרפֿען געהאָלפֿען צו ווערען...
— אַזאַ כשר פֿרום קינד! און זעהט איהר דאָך, אַזעלכעס האָט זיך דוקא אין וואַרשאַ, צווישען די וואַרשאָיער מיידלעך געפֿונען...
— ש-ש-ש!... דאַכט זיך, די טיהר עפֿענט זיך דאָרט... אוי, טאַטע זיסער!...
די ווייבער בלייבען מיט אַמאָל שטיל, די פּנימ׳ער ווערען ערנסט און פֿרום, די אויגען קוקען צו דער טיהר, פֿון וואַנען ס׳האָט זיך עפּעס אַ שאָרך דערהערט...
אין דרויסען, נעבען טויער פֿון הויף, דרעהט זיך אַרום משה-מרדכי דער אַלטער משמש מיט דער לאַנגער לולקע אין מויל און וואַרט-אָב די חסידים, וואָס דאַרפֿען אָנקומען מיט׳ן איצטיגען צוג.
משה-מרדכי איז שוין אויף דער עלטער, אין „הויף“ האָט ער שוין אַ פּנים, ווי אַן אויסגעדיענטער סאָלדאַט, אַ אינוואַליד. געבנגע-דיענט עטליכע און דרייסיג יאָהר. צוואַנציג יאָהר ביים אַלטען ז״ל

און צעהן יאָהר בײַם הײַנטיגען, טויג ער שוין איצט ניט מעהר צו זײַן עבודה, זײַן פלאַץ פֿערטרעטען צווײ אַנדערע משמשים, אויסער אַ דריטען, וואָס זיצט בײַ נאַכט אין רבינ׳ס צימער. משה־מרדכי נוצט נאָר צו אַ זײַטיגע אַרבײַט, ווי למשל, מיטגעהן מיט׳ן רבי׳ן אין „הויף“, אַלטוינג געבען אין רבינ׳ס מקוה, דערלאַנגען בײַם טיש, שבת, וואַסער צו וואַשען, א. ד. ג. אַ גאַנצע טאָג דרעהט זיך משה־מרדכי אַרום אין הויף, אין בית־המדרש, פּלאָנטערט זיך אין די רביצינ׳ס קיך, וואו ער נאַשט אַרוים, ווען קײנער זעהט נישט, פֿון די טעפּ... אויף משה־מרדכי, זאָגען די חסידים, דאָס ער האָט אַ „שנאַל“ מיט גאָלד... דעם עיקר קאַפּיטאַל האָט ער אָנגעזאַמעלט אין די פֿריהערדיגע יאָהרען, בעת ער איז נאָך געװען בײַ די כחות, געוועזן ממש די רעכטע האַנד אינ׳זע־ניג, דאַמאָלס האָט ער טאַקי געפּראַוועט ביד רמה. פֿלעגט ער שמעהן בײַ דער טיהר, בשעת׳ן „געזעגענען“ — האָט ער בײַ די חסידים און איבער־הויפּט בײַ די יודינעס, די קעשענעס אָבגעריסען,, די הויט האָט ער גע־שונדען!... איצט אָבער איז שוין ניט יענע צײַטען, בײַ דער טיהר שטעהט שוין אַנ׳אַנדערער און משה־מרדכי מוז זיך בענוגענען מיט די „לעצט־געלדער“, וואָס ער הויט טאַקי זעהר שטאַרק... און יעדע נאַכט, בפֿרט דאָנערשטאָג, שטעהט ער און וואַרט־אָב פּאַסאַזשירען, שטעקט זײ אַרײַן דעם ערשטען „שלום־עליכם“ און נעהמט דערהײַל אַ „קאָנטאָ“..

און אָט בײַוויזען זיך פֿון דערווײַטענס, אויף דעם לאַנגען פֿינ־סטערען וועג, וואָס פֿיהרט פֿון דער באַהן, צווײ ברישקעס אָנגעפּאַקט מיט חסידים. משה־מרדכי קוקט זיך טיעף אײַן מיט זײַנע הורבֿדרינ־גענדע אויגען, די ברישקעס ליפּען מיט קראַזש, דערנעהענטערען זיך אַלין נעהער, ביז זײ שטעלען זיך אָב פֿאַר׳ן טויער.

משה־מרדכי שטעלט זיך אַוועק בײַם שמאָלען טיהרעל פֿון טויער. קוקט זיך גוט אײַן אין יעדענס פּנים פֿון די אָנגעקומענע חסידים און טײַלט „שלום־עליכם׳ס“:

— ר׳ בעריש גאָסטינינצער, האַ? שלום־עליכם...

— אָ־האָ, שלמה׳לע, ביזט אויך געקומען, האַ?... שלום־עליכם...

— אַ! שלום־עליכם! ר׳ מענדעלי ראָסדיטשער, דאַכט זיך, האַ?...

פּ־ש־ש! פּנוּ מקום!... ר' שמחה־הערש, האַ? שלום־עליכם...

— שלום־עליכם... עפּעס אַנ'אונבעקאַנטער... צום ערשטען מאָל אודאי, פון וואַנען ביזטוּ דאָס יונגערמאַן?...

אַריינגעהענדיג אין הויף האָט זיך יעדער געלאָזט אין אַנאַנדער חעג; וועד ס'איז אַריין אין קליינעם בית־המדרש'ל „שלום" נעהמען, און ווער — אינ'ם גרויסען בית־המדרש. משה־מרדכי האָט זיך פּאַמעלעך געלאָזט געהן אין קיך, צעהלענדיג אויף די פינגער וויפיעל חסידים ס'זענען שוין פאַראַן, און וויפיעל „לעצט־געלד", אַ שטייגער, ס'וועט לויט'ן חשבון, אַריינפאַלען...

די טריט ווערען אייניציגווייז ווייניגער און פערשוואונדען, שטיל און פוסט ווערט אין הויף, העט־ניט־ווען ווערט די שטילקייט איבערגעריסען פון לייזער דעם משרת'ס גראָב קול דאָרט אין קיך, פון ר' יודעל דעם „קוויטעל־שרייבערס" אַ שטרענגען „נו, ווייטער!", פון אַ חסיד'ס אַ גמרא־ניגון דאָרט אינ'ם גרויסען בית־המדרש...

און ערגעץ אָן דער זייט פון דעם פּוסטען שטילען הויף, אין אַ ווינקעל נעבען דער פּלומפּ, שטעהט אַ יונגערמאַן, וואָס איז צוזאַמען מיט די לעצטע אָנגעקומענע חסידים אויף דער בריטשקע געקומען. זיין פּנים איז אונגעוועהנליך בלאַס, און מיט שרעקענדע אויגען קוקט ער זיך אויפמערקזאַם איבער דעם הויף אַרום, שטיל קוקט ער זיך איין אין יעדען בעלויכטענעם פענסטער, און זיינע ליפּען ציטערען שעפּטשענדיג:

— וואו?... וואו איז זי, דבורה'לע?...

---

## V.

## שרה'לע די רבי'צין.

דעם גאַנצען וועג, ווען ר' שמחה־הערש איז דאָנערשטאָג ביי נאַכט געפאָהרען קיין נ., איז ער געזעען זעהר אומרוהיג.

— וואָס קאָן בעדייטען די דעפּעשע, וואָס דער „הויף" האָט מיר ספּעציעל געשיקט? — האָט ער נישט אויפגעהערט צו טראַכטען. פערשיעדענע רעיונות האָבען איהם אויפ'ן וועג געמאַטערט,

און ווען ער איז אַראָב פֿון דער בריטשקע און אַריין אין „הויף“, איז איהם גלייך, נאָכ'ן „שלום נעהמען“, אַנטקעגען געלאָפֿען שלום דער ערשטער משמש:

— שלום־עליכם, ר' שמחה־הערש! — האָט ער מיט התלהבות אויסגערופֿען — בעלמוטשעט זשע נישט, די רביצין קוקט אייך אויס שוין אַ גאַנצען טאָג, שוין אַ שעה צוויי ווי זי האַלט אין איין פֿרעגען אויף אייך, גיכער!...

אָבער וואָס איז געשעהען? — האָט ר' שמחה־הערש נאָך אַליין געהאַט שרעק.

— זייט נישט אַזוי צוטראָגען, נישט חלילה קיין בייז... נו, בעלעמוטשעט זשע נישט.

ר' שמחה־הערש איז צוזאַמען מיט'ן משמש אַריין אין דער רביצינ'ס וואָהנונג, אין אַ ווינקעל פֿון קיך האָט ער אַוועקגעלעגט דאָס רייזע־פּעקעל, געוואַשען זיך די הענד און אַריין אין דער גרויסער שטוב.

די שטוב איז אַ גרויסע און ליכטיגע, דאָס מעבעל איז אַלט־מאָדיש, נאָר רייך בעל־הבתיש „אָנגעבויצעוועט“. אויף אַ הויכען און בּרייטען שטוהל נעבען פֿענסטער, זיצט די רביצין, אין אַ הויכע הויב מיט סטענגעס אויפ'ן קאָפּ, אין קליידער און צירונג, פֿון וועלכע עשירות און צניעות שפּיגלען זיך צוזאַמען אָב...

פֿאַר שרה'לע די רביצין האָבען אַלע חסידים גרויס דרך־ארץ; כבוד גיט מען איהר אָב כמעט גלייך מיט'ן רבי'ן. אַ חשוב, אַ חסיד, אַ מקורב וועט קומענדיג צופֿאָהרען, פֿריהער אויף דער סטאַנציע ניט געהן, ביז ער זאָל נישט, נאָכ'ן „שלום“ נעהמען, צו דער רביצין אַריינגעהן און איהר אָבגעבען אַ „גוט אָווענד“ און „וואָס מאַכט די רביצין?“... און אַוועקפֿאָהרען וועט ער נישט, אויב ער וועט זיך נישט האָבען מיט דער רביצין געזעגענט.

וואָרום די רביצין שרה'לע איז אַ בעריהמטע יחסנית, אַ בת־קדושים, דור־דורות ציהט זי אַלאַנגע „קייט“ פֿון „גוטע־יודען“ און רביים. איהר זיידע, דער רבי ר' שבתי'לע ז"ל האָט מיט דער וועלט געהודערט. אויף נאָהענט און ווייט האָט זיך זיין נאָמען געצויגען, גוים, להבדיל, פֿון אַרומיגען געגענד האָבען פֿאַר איהם אימת־מות געציטערט... און אַליין איז זי, די רביצין שרה'לע, פֿאַר אַ גרויסע אשה צדקנית געריהמט. אַ סך לשון־קודש־פּסוקים און גמרא־ווערט־

לעך קאָן זי, שטענדיג אין מוסר-ספרים און אין חסידות פּערטרן, פיעל חסידישע תורות „נאַשען“ פון איהר די חסידים... און הויבּט זי אַמאָל אָן דערצעהלען חסידישע מעשות, וואָס זי האָט זיך פון מאַטען און זיידען אָנגעהערט, שטעלען דערביי חסידים מויל און אויערען אויף...

דער רבי אַליין, זאָגט מען, אַז ער דערזעהט איהר, הויבט ער זיך פון דער שטוהל אויף און גיט איהר כבוד אָב, און איינמאָל האָט ער צו די חסידים, זיינע נאָהענטע מקורבים געזאָגט:

— מעהר פאַר דעם רבי'ן איירען, — גיט אָב כבוד מיין רביצין... דאָס אַלץ, וואָס איהר זעהט דאָ — געהער דאָס צו איהר...

און צו זיין מקורב, ר' אברהמ'לע פיטעלזעצער האָט ער אַמאָל געזאָגט בזה הלשון:

— אברהמ'על, אַקוויטעל ליינען קאָן מיין רביצין ברוך השם, בעסער ווי דיין רבי... און זיי וויסען: „אויבען“ — האָט זי מעהר דעה פאַר מיר...

---

אַגאַסט, ר' שמחה-הערש! זיצט, זייט מוחל — האָט די רביצין מקבל פנים געווען ר' שמחה-הערשען ביי זיין אַריינקומען. זי האָט בעת מעשה אַראָבגענומען די ברילען פון איהר שטערען און זיי אַריינגעלעגט אין אָפענעם דיקען מוסר-ספר, אויף עברי-טייטש, וואָס איז אויפ'ן פענסטער געלעגען, האָט זיך בעקוועמער גלייך געזעצט אויף דער וויך-געבעטער שטוהל און נעהענטער צוגערוקט צו זיך דאָס פוסען-בענקעלע.

— וואָס מאַכט איהר, ר' שמחה-הערש? שוין גאָר אַגאַסט דאָ, אַלאַנגע צייט נישט געווען, וואָס מאַכט אייערע בני-בית?

— געלויבט דער אויבערשטער.

— און פרנסה?

— געלויבט דער אויבערשטער.

— טאַקי מקנא צו זיין אייך, ר' שמחה-הערש, האָט די רביצין געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, אַיוד האָט זיך גאָרנישט וועגען וואָס צו זשאַלעווען...

— מילא, — האָט ר' שמחה-הערש הבנעה'דיג געשטאַמעלט— צום רבונו של עולם דערלעגט מען נישט... געלויבט איז דער

אויבערשטער דערפֿאַר. כ'האָב מיך נישט חלילה צו בעקלאָגען...

— אַזוי, אַזוי, האָט די רביצין געזאָגט מיט אַ מוטבי־טאָן. אַזוי, אַזוי, ר' שמחה־הערש, אַז דער אויבערשטער העלפֿט און מען האָט זיך נישט וועגען וואָס, חלילה, צו זשאַלעווען, פֿערגעסט מען שוין דאַמאָלס אָן רבי'ן. צום רבי'ן קומט מען נאָר קרעכצען וועגען פרנסה, וועגען געזונד... אַנדערע צייטען, אַנדערע חסידים... צום זיידען זכרונו לברכה פֿלעגען אַנדערע חסידים קומען, מ'האָט זיך וועגען עפּעס אַנדערש געזשאַלעוועט... יאָ, ר' שמחה־הערש, דאַמאָלס האָבען חסידים חוץ פרנסה און געזונד, אויך וועגען אַנדערע ענינים גע־קרעכצט...

ר' שמחה־הערש האָט אַראָבגעלאָזען דעם קאָפּ, ווי ער וואָלט זיך געשעמט פֿאַר דער רביצינ'ס מוסר.

— שלום, — האָט זיך די רביצין געווענדעט צום משמש — זעה, ס'זאָל זיין טעה. — און דאַן האָט זי זיך ווידער געווענדעט צו ר' שמחה־הערש'ן.

— פֿערשטעהט איהר, ר' שמחה־הערש, כ'האָב געשיקט נאָך אייך, כ'דאַרף ביי אייך אַ שטיקעל עצה פֿרעגען, ס'האַלט ביי אַ שדוך וועגען מיין רבקה'לע... אַן עצה, ר' שמחה־הערש, וויל איך ביי אייך...

— אַן עצה? מהיכא תיתי, רביצין.

שלום דער משמש האָט דערלאַנגט טעה. די רביצין האָט זיך ביים טיש אַוועקגעזעצט און אָנגעהויבען:

— פֿערשטעהט איהר, ר' שמחה הערש, מיין מאַן, דער רבי זאָל געזונד זיין, מישט זיך ווייניג אין אַזעלכע זאַכען. צו זיווגים — זאָגט דער רבי — איז אַ נ'אשה מעהר מסוגל... און פֿאַר אייך, ר' שמחה הערש, וועל איך דעם אמת זאָגען: דעם שדוך, וואָס איך האָב מיט מיין ליבעלע געטהון, איז מיר עפּעס נישט צום האַרץ... כ'מיין ניט, חלילה, דאָס איך בין ניט צופֿרידען מיט דעם ווילען פֿון זיין ליעבען נאָמען... אודאי איז דאָס אַ זיווג מן השמים, און אַזוי איז דער רצון פֿון הימעל געוועזען. מיין שנור דבורה'לע איז, ר' שמחה הערש, אמת, וועהר אַ פֿרום, כשר ווייבעל. כ'זאָג אייך דעם אמת, אַזוי פֿיעל צניעות און יראת־שמים פֿון אַ וואַרשאָווער מיידעל, האָב איך גאָר אַליין נישט געהאָפּט... אַ פֿרום, כשר קינד, קיין איבריג וואָרט געהט פֿון איהר מויל נישט אַרויס,

אין שטיל זענען די ווערטער, וואס זי רעדט, שטיל און ערנסט און אזוי עהרליך... זי טרעט ממש גאנצע טעג די שוועל פון איהר שטוב נישט אריבער, אזוי ווי עס שטעהט געשריבען אין תהלים: „כל כבודה בת מלך פנימה“, — „דער גרעסטער כבוד פאר א בת־מלך איז אינוועניג אין שטוב צו זיצען...“

יא, ר׳ שמחה הערש, אנ׳עהרליך כשר קינד, כ׳האב נישט חלילה קיין פרעטענזיע צום רבונו של עולם... נאר, צו וואס זאל איך פאר אייך לייקענען? ר׳ שמחה הערש — עס פעהלט איהר עפעס... אין געה איך אמאל פארביי איהר שטוב און דערזעה איהר ביים פענסטער זיצען, דאכט זיך מיר דאמאלס, אז עס פעהלט איהר אינגאנצען... ר׳ שמחה הערש — עס פעהלט איהר דאס, וואס מיין טאטע און זיידע, זכרונם לברכה, האבען בירושה זייערע קינדער איבערגעלאזען... דער „הויף“, ר׳ שמחה הערש, פעהלט איהר, זי איז נישט אין קיין „הויף“ אויסגעהאדעוועט געווארען, זי האט נישט מיט אונזער לופט געאטהעמט, נישט פון אונזער מילך געזויגען... אויף א פרעמדען שטאם איז זי געוואקסען, אויף א פרעמדער שורש, מיט אנדערע קינדער זיך געחבר׳ט... ר׳ שמחה הערש, א כשר פרום קינד איז מיין שנור, זי ציהט זיך אבער נישט פון אונזער „שנור“, פון אונזער קייט, זי איז נישט קיין קינד פון „הויף“... זי געהער נישט צו אונז... דער זיידע, זכרונו לברכה, פלעגט זאגען, דאס עס טרעפט פיעל מאל, אז צוויי צדיקים קאנען זיך נישט צונויפקומען, דערפאר וואס יעדענס נשמה געהער צו אנ׳אנדער שורש...

דער שמועס איז אויף עטליכע מינוטען איבערגעהאקט געווארען, עטליכע נאר־וואס אנגעקומענע חסידים זענען אריינגעקומען א „גוט־נ׳אווענד“ זאגען. דער זייגער האט אויסגעשלאגען האלב־דריי, די רביצין האט זיך אויפגעהויבען פון דער שטוהל און זיך געגרייט אריינצוגעהן אין איהר שטוב, ביי דער טהיר האט זי זיך חי דערמאנט אן עפעס, זי האט זיך אבגעשטעלט און געווענדעט צו ר׳ שמחה הערש׳ן:

— יא, ר׳ שמחה הערש, טאקי צוליעב דעם האב איך געשיקט נאך אייך, כ׳וויל זיך משדך זיין מיט דעם חאטשינער רבי׳ן, פון אייער שטאדט. א וואויל יונגעל, זאגט מען, האט דער חאטשינער רבי. נאר דער עיקר, ר׳ שמחה הערש, ער איז א גרויסער יחסן, און אזעלכעס וויל איך טאקי... יא, ר׳ שמחה הערש, אייגען בלוט

איז דאָס... יחוס מיט יחוס — ס'איז צוויי נשמות פֿון איין שורש... דער שדוך, ר' שמחה הערש, איז שוין כמעט ווי געענדיגט. זונטאָג ביינאַכט רעכענען מיר, מיט דעם הילף פֿון זיין ליעבען נאָמען, צו מאַכען תנאים. נאָר מיישב געווען האָב איך מיר, אז מיר האָבען יאָ אזא אַלטען גוטען פֿריינד, אַ „שענער יוד", וועהגען אין חאַטשין, פֿאַרוואָס זאָלען מיר טאַקי נישט אַ שיק טהון נאָך איהם?... מיר האָבען געשיקט אַ דעפעשע נאָך אייך, וואָרום דעם רבינ'ס רצון איז, אַז איהר, ר' שמחה הערש, זאָלט זיך מיט אייער כבוד אַ ביסעל מטריח זיין אין דעם דאָזיגען ענין. עס שטעהט דאָך, ר' שמחה הערש, געשריבען: „צונויפֿפּאָרען אַ זיווג קומט־אָן אַזוי שווער, ווי דעם ים צו שפּאַלטען..." אַ שווערע זאַך, ר' שמחה הערש, דער זיידע, זכרונו לברכה, פֿלעגט זאָגען... נאָר — אַ גוטע נאַכט, ר' שמחה הערש, דער רבי וועט שוין מן הסתם רעדען מיט אייך, אַ גוטע נאַכט.

---

ווען ר' שמחה הערש איז נאַכדעם אַרויס אויפֿ'ן „הויף", האָט ער געטראָפֿען דוד'ן אַ פֿערטראַכטען אַרומדרעהען זיך הין און צוריק. ר' שמחה הערש איז נאָך אויפֿ'ן וועג פֿאָדרענדיג אויפֿמערקזאַם געוואָרען אויף דוד'ס האַלטונג און זיין מאָדנע שטילשווייגעניש, נאָר ער האָט דאַרויף נישט געלעגט קיין אַכט:

— ווייס איך, אַ בחור, קומט דאָס ערשטע מאָל צו אַ רבי'ן... נישט צוגעוואָהנט נאָך... פֿיהלט ער זיך אַ ביסעל שעמעוודיג, נישט היימיש.

— נו, דוד, — האָט איהם איצט דער פֿעטער אַ פֿרעג געטהון, אַרויסגעהענדיג מיט איהם צוזאַמען פֿון הויף — האָסטו שוין גע־געבען „שלום"?

— „שלום"? — האָט דוד פֿערטראַכט איבערגעפֿרעגט, נאָר באַלד זיך אַ חאַפּ געטהון: — „שלום"?... אודאי, וואָס איז דאָס פֿאַר אַ שאלה, געווים האָב איך געגעבען „שלום"...

— נו, ווי געפֿעלט דיר עפּעס אונזער רבי? — האָט דער פֿעטער געפֿרעגט מיט אַ שמייכעל.

— דער רבי?... נו, אודאי... ס'הייסט... וואָס איז דאָס פֿאַר אַ שאלה?... אודאי געפֿעלט ער מיר!...

זיי האָבּען זיך געלאָזט געהן אין דערבייאיגען שמאָלען געסעל, וואָס פיהרט צו מנחם חסיד'ס אכסניה.

— איך האָב גאר פערגעסען — האט זיך דוד פלוצים ווי דער־מאָנט — נו, וועגען וואס, פעטער, האט מען דאָס אייך אַזוי נויטיג ביים רבי'ן, דאָס מען האט אייך אַזש מיט אַ דעפּעשע אַרויסגערופען?

— אַט אַזוי, היימישע ענינים, חסיד'ישע זאַכען... מ'דאַרף זיך מיט מיר שואל עצה זיין וועגען אַ רבי'שע זאַך — האט דער פעטער געענטפערט מיט גדלות, וועלענדיג דערמיט ווייזען דוד'ן, ווי גרויס און חשוב ער איז אין „הויף".

זיי זענען צוגעקומען צו דער אכסניה. די טהיר האט זיי געעפענט דער בעל־הבית פון דער אכסניה, ר' נחום חסיד, אַ ייד אין אַ ברייטען שלאָפראָק און אַ לאַנגען טלית־קטן, וועלכער האט זיי בעגעגענט מיט אַ ברייטען „שלום־עליכם".

אינוועניג, אין דער גרויסער שטוב, זענען חסידים געלעגען צעוואָרפען איבער די ברייט און לענג פון די בעטען און געחראָפעט מיט אַ מידען שלאָף נאָכ'ן וועג, און אַ מיש־מאַש פון געפּלאָכטענע הענד און פיס האָבען איבער די בעטען אַראָבגעהאַנגען. איין חסיד, וואָס איז נאָר־וואָס געקומען צופאָהרען, האט זיך אויף און אָב איבער דער שטוב געדרעהט און געשווינד געדאַווענט מעריב, גע־חאַפּט און געשלונגען די ווערטער אָהן אָטהעם, קוקענדיג יעדעס מאָל אַרויס דורכ'ן פענסטער אין הימעל אַריין. וואָרום געשראָקען האט ער זיך פאַר דעם דאָזיגען הימעל, וואָס האט ביסלעכווייז גענומען גראָה ווערען און זיך שאַריען אויף טאָג, נישט וואַרטענדיג, דער חסיד זאָל פריהער פאַרטיג ווערען מיט זיין מעריב, וואָס ער איז שולדיג דער גוטס'דיגער נאַכט...

---

# .VI

## ערב שבת אין „הויף".

ס'איז אַ שענער זומער־טאָג. די זון באַקט, די היץ איז גרויס. דאָס קליינע שטעדטעל ג. האט ווי אויפגעוואַכט פון איהר שטילען

אומעטיגען לעבען און א שטעל געטהון זיך אויף די פיס: ס'איז ערב שבת און שטעדטעל!

דארט ווייט, אויפ'ן לאנגען שאסיי, הייזען זיך יעדעס מאל פוהרען, בריטשקעס, בוידען, אנגעפאקט מיט יודען חסידים, בחורים און יונגלעך, וואס זענען געקומען צום רבי'ן לכבוד שבת. אינ'ם רבינ'ס געסעל שטעהען די בעלי-אכסניות גרייט פאר די טירען, מיט לאנגע צעטלעך אין בלייפעדערס אין די הענד און בייסען די שפיץ-בערדלעך; זיי קאנען נאך אלין קיין רילטיגען חשבון ניט צונויפשטעלען, א הארבע „וואיאטשע" עגבערט אין זייערע מחות, און זיי ווייסען זיך ניט קיין עצה צו געבען; אט שטעהט א בעל-אכסניה, דאס היטעל מיט דער יארמולקע פערדרוקט אן א זייט און מיט'ן שפיץ פינגער ווייל ער זיך די הארבע שאלה פערענטפערען: „וואס מהוט מען? זאל ער ריזיקירען און צוקויפען נאך א ביסעל פיש מיט פלייש, האט ער מורא, טאמער וועלען היינט נישט קומען אזוי פיעל חסידים און די „פארציעס" וועלען איבערבלייבען. און דרויסען איז די היץ גרוים — וועט מען דאס זונטאג מוזען פאר די הינט ארויסוארפען... זאל ער אנגרייטען ווייניגער — איז טאמער העלפט אבער דער אייבערשטער און עס מאכט זיך גראד „א שארפע נסיעה", די צייט דערווייל שטעהט נישט, ס'איז ערב שבת, ס'וועט ווערען שפעט און ער וועט בלייבען מיט פערלעגטע הענד — נישטא מיט וואס צום טיש צו געהן!....

און אט שטעלען זיך אב די פוהרען, בוידען און בריטשקעס, חסידים קריכען אראב מיט זייערע רייזע-פעקלעך פון זייערע געזעסען, פריי עטהעמען זיי אב, ארומקוקענדיג זיך אינ'ם רבינ'ס געסעל. אט איז עס, דאס געסעל, וועלכעס שמעקט עפעס אזוי היימיש און ליעבליך. נישטא דא דאס וואכעדיגע, דאס אומעטיגע, וואס דארט אין דער-היים... א בעזונדער הייליג וועלטעל איז דאס, וואו כ'ווערען פערשוואונדען אלע אומעטיגע רעיונות, די רעיונות פון דאגות-פרנסה, פון די טאג-טעגליכע זארג. דער גוף ווערט דא אן אנדערער, די נשמה — אן אנדערע... און אפילו אט די זעלבע בעקאנטע יודען פון דער איין און דער זעלבער שטאדט, בעקומען אינגער אין צווייטענס אויגען גאר אן אנדערע פנים, אן אנדערע צורה — ס'זענען גאר נישט די זעלבע יודען, וואס דארט אין דער-היים!...

פון באר-געסעל, אויף יענער זייט מארק, הייזען זיך נאסע,

אויסגעוויקטע חסידים, פון וועלכע ס'רינגען נאך אראב לעבליכע טראפענס מקוה־וואסער. בנעימות, געלאסען, מיט ערנסט־פאר־קנייטשטע שטערענס, צעהלען זיי די טריט איבער דעם ברייטען מארק־וועג. פראנק און פריי געהט מען איבער דער גאס אין די יארמולקעס אין שיך און זאקען. — פון אנטקעגענאיבערדיגען געסעל, דארט וואו ס'הויבען זיך אן דעם פריצ'ס לאנקעס, קומען אן יונגע חסידים אין חסידים'לעך, מיט די צונויפגעקנוילטע העמדער אונטער די אָרעמס. זיי קומען פון וואסער, פון נאהנטען טייך, וואו זיי האבען זיך לכבוד־שבת געבאדען, און אגב, מעשה־קונדס, א ביסעל א שמיץ געטהון, געוויזען בריה'שאפט אין שווימען...

ס'ווערט פארנאכט, די זון זעצט זיך, דער מארק ווערט לעדי־גער, פוסטער און רוהיגער, און די פענסטער הויבען אן פינקלען שבת־ליכטלעך.

אינ'ם רבינ'ס „הויף" וועגען שוין אלע חסידים צונויפגעקומען. ארויף און אראב דרעהען זיך במנוחה די אטלאסנע און זיידענע קאפאטעס, און קוקען מיט פחד דארט, צום רבינ'ס שטוב, וואו ס'דארף זיך אט־אט די טהיר עפענען, און דער רבי וועט זיך ווייזען.

ערגעץ אן דער זייט פון הויף דרעהט זיך ארום ר' שמחה הירש דער שוחט, איינגאנצען א שבת'דיגער, מיט א שבת'דיגען גלאנץ אויף זיין ברייטען ווייסען קאלנער פון העמד, וואס איז אריבער־פערלעגט איבער דער אטלאסענער קאפאטע... האנד ביי האנד געהט מיט איהם צוזאמען דוד, א בלאסער, א פער'מרה־שחורה'טער, מיט פערטראכטע אויגען, און א פאצעטישער, זיידענער קאפאטע, און א קליין, סאמעטען היטעלע, אויסגעפוצט און קאלנער און מאנקעטען. אזוי, דאס יעדער חסיד, וואס געהט פערביי און דערזעהט איהם, ווייסט ער גלייך, אז דאס איז „א ווארשאווער פאצעטיש יונגער־מאנטשיקעל"...

שווייגענדיג, מיט אנ'אראבגעלאזענעם קאפ, איז דוד נאכגעגאנגען זיין פעטער שמחה הירש. גלייכגילטיג האט ער זיך צוגע־הערט צו די אלע ווערטער, וואס דער פעטער האט אין איהם אריינגערעדט.

— דער רבי געהט! — האט זיך פלוצים א קול איבער'ן הויף דורכגעטראגען.

און כהרף־עין האט זיך דער עולם חסידים אין צוויי שורות

צוטײלט. אַלע זענען װי צוגעשמידעט געװאָרען צו די עָרטער, קײנער האָט מיט קײן אבר נישט גערירט. אַ שטילקײט האָט איבערן הויף געהערשט. דער רבי אָנגעלעהנט אויף זײן זײדן לײבעלע און צוױי משמשים, װאָס זענען אויף רעכטס און לינקס געװען אויס־געשטעלט, זענען אויף דעם װעג, צװישען די שורות חסידים, דורכ־געגאַנגען און אַרײן אין גרויסען בעלויכטענעם בית־המדרש.

באַלד איז דאָס בית־המדרש פֿול מיט חסידים. דער גאַנצער עולם איז צוזאַמענגעגאָסען, אַלס פֿון אַטלאַסענע קאַפּאָטעס און שטרײַמלעך בעװעגט זיך און שאָקעלט זיך מיט אימה און הכנעה, אַלע אויגען זענען געװענדעט אַהין צום עמוד, װאו דער רבי מאַכט זיך אַ װעג און דרעהט זיך הין און צוריק איבער דער ברײט פֿון בית־המדרש, פֿון אײן װינקעל צום צװײטען...

און אָט איז דער חזן בײַם עמוד מקבל־שבת. דאָס זיסע שבת־קול צוגיסט זיך אַרום, דער עולם נעהמט זיך אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער שאָקלען און שטיל אונטערזינגען. װאָס אַ מינוט — אַלץ גרעסער װאַקסט די התפעלות, די אינערליכע שבת־שמחה... דער רבי שטעהט אין אַ װינקעל, די הענד אין דעם גאַרטעל פֿערשטעקט און שטיל פֿערטיעפֿט אין זיך, שאָקעלט ער זיך פּאַמעליך, פּאַמעליך... און אָט טהוט ער זיך אַ חאַפּ און הױבט אָן פֿון אײן װינקעל צום צװײטען אַרומלויפֿען. דער עולם שטעהט און קוקט זײַן מינדסטע בעװעגונג נאָך, און עס װערט דער עולם פֿערצאַפּעלט, פֿול מיט שרעק און יראת־הכבוד.

צונויפֿגעפּרעסט איז דוד צװישען גרויסען עולם חסידים, אָנגע־פֿילט איז איצט זײַן האַרץ מיט פֿערשידענע אונקלאָרע אײַנדרי־קען און אַ בעגײַסטערונג, װאָס ער פֿיהלט דאָס צום ערשטען מאָל. ער פֿערגעסט זיך, נאָך װאָס און צו װאָס ער איז אַהער געקומען... צונויפֿגעגאָסען איז ער מיט דער גאַנצער עדה חסידים, און צוזאַמען מיט דער עדה פֿאַלט ער אַרײַן אין עקסטאַז און התלהבות. פֿערטראָ־גען װערט ער אין אַן אַנדערע װעלט, אין אַן עולם־האצילות, אין אַ װעלט, צו װעלכע ס׳זענען מסוגל אַנדערע מענשען מיט אַנדערע נשמות... אין אַ תהום פֿון מחשבות װערט ער פֿערזונקען, אײן מחשבה פֿערטראָגט איהם אויף אַ צװײטע. ער פֿיהלט שוין גאָרנישט, װאָס עס טהוט זיך אַרום איהם, ער שװעבט אַרום אין אַ װעלט פֿון אונ־ענדליכע רעיונות און געדאַנקען — — —

און אַ דונער-קול טראָגט זיך דורך איבערן בית-המדרש:

— גוט שבת! גוט שבת!

דוד ערוואַכט ווי פון אַ פערטיפטען חלום און פיבערהאַפּט לויפען זיינע אויגען איבערן גרויסען בית-המדרש אַרום: אָט האָט זיך היידער דער עולם אין צוויי שורות צונויפגעפרעסט. פון אַלע פּנים'ער שטראַהלט דער שבת אַרויס. לאַנגזאַם, מיט שבת-טריט גערט דער רבי דורך דעם וועג צווישען די שורות. זיין פּנים איז לויטער און גוטמוטיג, און גוטמוטיג בויגט ער דעם קאָפּ אויף רעכטס און אויף לינקס: „גוט שבת, גוט שבת“.

און עס ווייזט זיך אויס, אַז פון יעדען ווינקעלע הערט זיך געזאַנגען: „אַ גוט שבת, אַ גוט שבת“...

ווי אויף אַ חוואַליע ווערט דוד צוזאַמען מיט'ן עולם געטראָגען. דער רבי איז שוין אין דרויסען — דער גאַנצער עולם נאָך. עס ציהט זיך דער עולם, ווי אַ לאַנגע לויפענדיגע חוואַליע פון דער טיהר אויפ'ן הויף און פון הויף אַהין אינ'ם קליינעם בית-המדרש'ל, וואו דער רבי וועט באַלד דעם טיש „פיהרען“.

— צום קידוש!

שטיל איז געוואָרען. דער עולם האָט זיך פעסט צונויפגעקליעט אינאיינעם. מ'האָט ליידיג געמאַכט אַ וועג ביי דער טיהר, וועלכע פיהרט אין דער רביצינ'ס וואָהנונג, און באַלד האָט זיך די דאָזיגע טיהר פּאַמעליך געעפענט און דוד האָט אַ שטאַרקען ציטער געטהון...

אין דער האַלב-געעפענטער טיהר האָט זיך בעוויזען די רביצין אין אַ גרויסען שבת-הויב, בעהאַנגען מיט אַ ברייטען שטערן-באַנד און שניר פּערל, נעבען איהר, ביי איין זייט — איהר טאָכטער, רבקה'לע, מיט אַ שעמעוודיגע רויטקייט אויף איהר גאַנציז-פּנים בעגאָסען; ביי דער צווייטער זייט — דבורה'לע...

שטיל איז געוואָרען אין בית-המדרש און אין דער שטילקייט האָבען זיך די געצעהלטע פּערל-ווערטער פון דעם רבינ'ס קידוש מיט אַ זיסען ניגון צוגאָסען. ערנסט האָט יעדער חסיד די אויגען פערגלאָצט און איטלעכס וואָרט געשלונגען...

בערוישט איז דוד אויף זיין אָרט געשטאַנען, הענד און פיס האָבען איהם געציטערט, געפלאַמט האָט זיין פּנים, אונרוהיג האָט ער זיך אויף די שפּיץ פינגער געשטעלט און מיט פיבערהאַפטע בלי-

קאָן צו דער טיהר געקוקט... פֿון דער האַלבּ-אָפֿענער טיהר האָט זיך דבורה'לעס קאָפּ געזעהען. זי האָט פֿאָרזיכטיג מיט איהרע אויגען איבּער דעם גרויסען עולם חסידים אַרומגעבּלאָנדזשעט און זי האָט זיך מיט דוד'ס בּליקען צונויפֿגעטראָפֿען.

מאָמענטאַל איז אַנ׳„אוי״ געוועזען גרייט פֿון בּיידענס הערצער זיך אַרויסצורייסען, נאָר דערפֿיהלענדיג, וואו זיי געפֿינען זיך, איז גלייך דער „אוי״ אין זייערע הערצער פֿערשטיקט געוואָרען...

און עס האָבּען זיך ווי פּערל נאָך פּערל מיט אַ קלינגענדיגען ניגון דעם רבּינ'ס ווערטער געגאָסען. לייבּעלע, דעם רבּינ'ס זוהן, איז בּיים טיש, נעבּען רבּינ'ס רעכטע האַנד געשטאַנען, דאָס בּלאַסע פּנימ'על אין אַ גרויס הויך שטריימעל פֿערשטעקט... אין זיך פֿרום, ערנסט געשאָקעלט, האַלטענדיג די הענד אין גאַרטעל פֿערשטעקט.

פֿרום און ערנסט האָט זיך דער עולם מיטגעשאָקעלט און די אויגען צום סופיט געהויבּען.

און צאַרט, פֿול מיט שבת-חן האָבּען דעם רבּינ'ס לעצטע קדיש-ווערטער געקלונגען:

— בּרוך אתה ה׳ מ—ק—ד—ש ה—ש—בּ—ת..

— א—מ—ן — האָט אַרויסגעהילכט פֿון גאַנצען עולם חסידים.

און קיינער האָט נישט בּעמערקט, ווי צוויי פּאָר אויגען האָבּען זיך טיעף איינגעגעסען איינע אין די צווייטע...

* *

*

כ'איז שפּעט אין אָוונד. דאָס שטעדטעל איז שוין לאַנג פֿערוויעגט אין אַ רוהיגען שבת-שלאָף. אַ שטילקייט איז איבּער אַלע געסלעך אויסגעגאָסען.

אינוועניג אין רבּינ'ס בּית-המדרש ווערט נאָך דער „טיש" געפֿיהרט. די בּענק אַרום טיש און די פֿענסטער זענען בּעלעגערט מיט חסידים; יעדער וויל זיך נעהענטער צושטופּען צום טיש, איינקוקען זיך אינ'ם רבּי'ן און אין זיינע הנהגות; אָט פֿערטראַכט זיך דער רבּי אַ ווײַלע און הויבּט-אָן זאָגען עפּעס און בּאַלד טהוט זיך דער גאַנצער עולם אַ שטופּ-צו צום טיש, אַלע קעפּ ווערען מיט איין מאָל איינגעבּויגען, די מיילער אָפֿען, די אויגען ערנסט און די אויערען אויסגעשפּיצט: איינער, וואָס סטאַרעט זיך אַ וואָרט נישט צו פֿער-ליערען און אַ צווייטער, וואָס וויל חאָטש איין וואָרט חאַפּען... און

אַלֶע זֶענֶען די הֶעמדער פַייכט, פֿון אַלֶע גיסֶען זיך אונאויפהערליך טראָפּענס שווייס..

אויבענאָן, אויף אַ וויין־געֶבעטע פּאָטער־שטוהל, זיצט דער רבי הָאַלב־אויסגעצויגען אויף דער שטוהל־אָנלעהן און זינגט שטיל אונטער אַ ניגון, שטארק פערטראָגען און רעיונות. נעבען איהם רעכטס, זיצט לייבעלע און וואַרפט יעדעס מאָל אונטערטהעניגע בליקען צום פּאָטער; לינקס — עטליכע רבנים, וואָס זענען געקומען צום רבי'ן אויף שבת; נאָך זיי — צווייי לאַנגע שורות מיט מקורבים און אָנגעזעהענע חסידים, וואָס האָבען זוכה געווען צו ווערען „טיש־זיצער"; און דער הויף, און מיטען דער באַנק, שטעהט יודעל דער „קוויטעל־שרייבער" און טיילט דעם אַרומיגען עולם וויין, אויסרופענדיג יעדען ביים נאָמען.

און דרויסען אויפ'ן הויף דרעהען זיך אַרום פערשוויצטע חסידים מיט שטריימלעך און די הענד און פּאָכען זיך איבער די פערשוויצטע פנימ'ער און פייכטע שטערענס, און חזר'ן זיך אַ נייעם ניגון...

---

איינע אַליין זיצט דבורה'לע און איהר צימער, אַריבערגעבויגען איבער דעם אָפענעם פענסטער. דורשטיג קוקען איהרע אויגען און דעם פינסטערען וועג, וואָס ציהט זיך אַנטקעגען פענסטער; דער וועג ציהט זיך הינטער דער שטאָדט אַוועק, אַריין און געדיכטע שורות בוימער, און פון דאָרט איז אַנ'אויסגעטרעטענער שאָסע אַהין, און גאַרנאָוועה וואַלד.

אַ שטילקייט הערשט און דער רביצינ'ס וואָהנונג. אַליין איז זי, דבורה'לע, איצט און איהר צימער. רבקה'לע איז שוין און צווייטען צימער לאַנג איינגעשלאָפען. די רביצין איז און לעצטען צימער און דרעמעלט ביים טיש. און קיך ליגען אַלע יודענעס און דינסטען אויף די בעטען און חראָפּען. לייזער דער משרת האָט שוין דאָס צימעס אויסגעטיילט און איז אַוועק צו זיך אַהיים; אַליין איז דבורה'לע דאָ ביים פענסטער, איהרע בליקען קוקען אויפ'ן פינסטערען וועג אַליך הירשטיגער און דורשטיגער.

— וועט ער קומען? — טראַכט זי, און זי פיהלט, ווי ביי דעם דאָזיגען געדאַנק לויפט אַ שוידער איבער איהרע ביינער דורך...

— און אפשר, קלערט זי, הויבט ער גאָר נישט אָן צו וויסען דערפון... אפשר האָט ער גאָרנישט פערשטאַנען דאָס, וואָס איך האָב און דער טיהר, ביים קידוש, געטראַכט?... און ווער ווייסט...

אפשר איז ער גאָר גליַיך, ווי די אַלע אַנדערע חסידים נאָר צום רבי'ן אַהער געקומען?... ער האָט גאָר מיר נישט אין זינען, ער טראַכט גאָרנים וועגען מיר?...

— אוממעגליך, אוממעגליך, האָט זי זיך באַלד אַליין אויסגעלאַכט, אוממעגליך... עס קאָן דאַרין קיין צווייפֿעל נים זיין... צו מיר, יאָ, צו מיר איז ער דאָס אַהער געקומען... איך האָב נאָך פֿריהער געוואוסט. נאָך דאַמאָלס, ווען איך האָב פֿון וואַגאָן אַרויסגעקוקט און ער איז דאַן אין אַ ווינקעל געשטאַנען...

— אָבער..., איז איהר פּלוצלונג אַ מוֹרא'דיגער געדאַנק הורך, אָבער... זינדיג איך נים דערמיט?... בעגעה איך דען נישט דעם גרעסטען פֿערברעכען, איך?... איך האָב אַ דאָך שוין אַ מאַן, צו אַ פֿרעמדען געהער איך דאָך שוין... ווי מעג איך דען איצט וועגען דוד'ן טראַכטען'ש ווי מעג איך דען איצט?... איך, אַ פֿרוי פֿון אַ מאַן, שטעה איצט שפּעט ביי נאַכט און וואַרט־אָב אַ פֿרעמדען מאַנסבפערשוין!... אָח, ווי זינדיג איך בין דערמיט!... ניין, ניין, איך וועל נישט... דאָס פֿענסטער וועל איך פֿערמאַכען... איך וועל אַריינלויפֿען דאָרט אין לעצטען צימער, צו דער שוויגער, צו דער רביצין... אוי, ווי איך ציטער, ווי עס שווינדערט מיך...

האַסטיג שפּרינגט זי צוריק אָב פֿון'ם פֿענסטער און פֿאַלט אַנידער אויף דער שטוהל, און אונטערשפּאַרענדיג דעם קאָפּ אויף דער האַנד, פֿערמאַכט זי האַלב די אויגען און אין איהר קאָפּ נעהמט ברויזען אַ חוואַליע פֿון פֿערשיעדענע געדאַנקען, ערינערונגען און רעיונות:

— דער טאַטע האָט מיך „צוליעב יחוס" פֿערקויפֿט. ער האָט זיך געוואָלט אין אַ רבי'ישען „הויף" איינקויפֿען... די מאַמע האָט נאָר אין זינען געהאַט איהר כבוד, אַ רביצין האָט זי געוואָלט פֿאַר אַ מחותנת'טע האָבען... טאַטע־מאַמע האָבען וועגען מיר, וועגען מיין גליק אין צוקונפֿט אַ האָר נים געטראַכט... זייער כבוד און יחוס האָבען זיי געוואָלט בעקרוינען און אום צו דערגרייכען דאָס, האָב איך דערצו נישט מעהר, ווי אַ שפּיעל־צייג געדיענט... איך בין אַ פֿערמיטלערין צווישען געלד און יחוס געוועזען... מען האָט מיך חתונה געמאַכט, אַ מאַן האָט מען מיר געגעבען...

— מ'האָט מיר אַ מ—אַ—ן געגעבען — צולאַכט זי זיך —אַ מ—אַ—ן!... אַ דאַר אויסגעמאָגערט יונגעל, אַ אונזויסענדער קעלבעל, אָהן פֿערשטאַנד און אָהן שכל. אַ בהמה'לע... פֿרעמד און מאָדנע

זעגען מיר איינער צום צווייטען, ווי אויף אַן אומבעקאַנטע זאַך קוקט ער נאָך איצט אויף מיר... אַז ער בעגעגענט מיך בייטאָג, לאָזט ער די אויגען אַראָב און ווערט רויט... עפּעס האָט ער מורא פֿאַר מיר...

איהרע געדאַנקען ווערען אויף אַ ווײַלע איבערגעריסען. דאָרט פֿון הויף, פֿון די פֿענסטער פֿונ'ם בית-המדרש, וואו דער טיש ווערט „געפֿיהרט", טראָגט זיך אַ הייליג שבת-געזאַנג, אונטערגעהילפּען פֿונ'ם גאַנצען עולם חסידים און ווערט זיך אַ מינוט אַלײן הויכער און העכער... דבורה'לע שפּאַרט אונטער דעם קאָפּ אויף איהרע הענד, אײַנגעלעהנט מיט די עלענבויגען אויפ'ן פֿענסטער, זי הערט זיך אײַן אין דעם חסידישען געזאַנג, וואָס עס קלינגט-אָב אַרום ווייט אין דער נאַכט-שטילקייט און איהרע ליפּען שעפּטשען:

— אוי, ווי עס פֿעהלט אויף מיר אַ שרעק אָן, אַלײן איז דאָ הייליג, אין אַ הייליגען מאַנטעל פֿערהילט... אָבער מיר איז דאָס אַלעס פֿרעמד און ווייט, פֿרעמד איז מיר דאָס אַלעס... לעבען וויל איך, לעבען ווי מײַנע חברט'עס אין וואַרשאָ...

און ווידער קומט איהר דער נאָמען דוד אַרויף אויפ'ן געדאַנק. מאָמענטאַל שפּרינגט זי ווידער אויף פֿון דער שטוהל און בויגט זיך איבער'ן פֿענסטער אַרויס.

— וואו איז ער? — קוקט זי אומרוהיג אין דער ווייטער ברייטקייט פֿון דער נאַכט — וואו איז ער? פֿאַרוואָס קומט ער נישט?...

— דו זינדיגסט... — פֿיהלט זי, ווי אַ שטרענגע שטימע חאָרנט איהר, און זי טהוט אומבאַוואוסטזיניג אַ ציטער: — דו זינדיגסט דאָך...

זי פֿערטראַכט זיך אַ ווײַלע, איהרע אויגען קוקען מיט שרעק אין דער ווייטער נאַכט-פֿינסטערניש, אין איהר מח געהט איצט אַ הייסער געדאַנקען-קאַמפּף פֿאָר, און ווי אָננעהמענדיג אַ פֿעסטען בעשלוס, ציטערען שטיל איהרע ליפּען:

— איך קאָן ניט... איך וויל ניט... איך קאָן אַזוי ניט לעבען... יונג בין איך, איך וויל לעבען, לעבען... — — נאָר ניין, קיין זינדיגע וויל איך ניט זײַן, איך וועל קיין פֿערברעכען ניט בעגעהן... איך וויל נאָר בלויז פֿאַר אַ בעסערע צוקונפֿט קעמפּפֿען. איך וויל צורייסען די קייטען, אין וועלכע טאַטע-מאַמע האָבען מיך אָהן מײַן ווילען צוגעשמידעט... איך וויל ניט זינדיגען, דוד וועט מיר נאָר העלפֿען די דאָזיגע קייטען צורײַסען, און ביז דאַן — ביז דאַן וועל

איך אונטערטהעניג און שטום איבערטראָגען מיין שיקזאַל, דאָ
אין צימער וועל איך איינזאַם און אָבגעזונדערט די טעג פֿערברענ-
גען און הענגען אַ פֿרייער צוקונפֿט טראַכטען... דוד וועט מיר נאָך
אַ טרייער פֿריינד זיין, אַ פֿריינד, וואָס וועט מיר העלפֿען זיך צו דער
פֿרייהייט דערשלאָגען און דאַן —! —

זי האָט אַ ווײַלע אומגעקעהרט דעם קאָפּ אין צימער. דאָס צימער
איז וואָס אַ מינוט אַלץ טונקעלער און שאָטענדיגער געוואָרען, דאָס
פֿייער פֿון טיש-לאָמפּ האָט זיך גענומען אַראָבלאָזען און צאַנקען, און
די פֿינסטערניש, וואָס האָט אָנגעהויבען זיך אינ'ם צימער צו פֿער-
שפּרייטען, האָט צוזאַמען דערמיט עפּעס אַנ'אונבעוואוסטע שרעק
מיט זיך מיטגעבראַכט... אין דרויסען צווישען די בוימער האָבען זיך
פּלוצלונג פּאָרוילכטיגע טריט געהערט, וועלכע האָבען זיך לאַנגזאַם
צום פֿענסטער דערנעהנטערט...

דבורה'לע איז מיט איבערראַשונג אויפֿגעשפּרונגען און זיך
פֿונ'ם פֿענסטער אַרויסגעבויגען...

— דוד... — האָט זי ציטערנדיג אַרויסגעשטאַמעלט.

— היבשע עטליכע מינוטען זענען זיי ביידע איבערראַשטע,
שטילשווייגענדע, געשטאַנען פּנים צו פּנים. זי — אין פֿענסטער מיט
אַ האַלב-אַרויסגעבויגענעם קערפּער און ער — אַנטקעגען איהר אין
דרויסען...

— ענדליך... — האָט דוד פּלוצלונג די שטילקייט איבערגעריס-
סען — ענדליך איז מיר געלונגען דיך צו זעהען... אַך, דבורה'לע,
דו זאָלסט וויסען ווי איך האָב נאָך דיר געבענקט... דאָרט, ווען דו
ביזט מיט אונז צוזאַמען געווען, ווען דו פֿלעגסט ביי אונז אין שטוב
יעדען אָוענד פֿערברענגען, דאָרט האָב איך דאָס נאָך אויך אַזוי
ווייט ניט געפֿיהלט... און פּלוצלונג האָט מען דיך פֿון אונז אָבגע-
ריסען. ווייט אַוועק ביזטו פֿון אונז, ביזט אַוועק אין אַנ'אַנדער וועלט,
אין אַ פֿערשלאָסענע, אַ פֿרעמדע פֿערבאָרגענע וועלט, אין אַ נעבעל
פֿון סודות... עפּעס אַ שרעקליכער סוד שוועבט דאָ אויפֿ'ן „הויף"
אַרום און טיילט איהר פֿון וועלט און מענשען אָב... אַלין האַרפּט דאָ
אַזאַ שרעק אָן... אַך, ווי איך האָב געבענקט נאָך דיר, ווי מיין האַרץ
האָט צו דיר געצויגען... עפּעס האָט מיין האַרץ אַזוי געשראָקען
פֿאַר דיר, ווי זי וואָלט מיר געזאָגט, דאָס דו פֿיהלסט זיך איינזאַם און
פֿרעמד... איך האָב ניט געקאָנט רוהען, ווי אַ שאָטען בין איך טאָג

ווי נאַכט אַרומגעגאַנגען און — איך בין געקומען צו דיר...:

ער איז אַנטשוויגען געוואָרען. פון „הויף" האָט זיך ווידער אַ ניגון געטראָגען, אַרום און דער טיעפער נאַכט-שטילקייט האָט דאָס געזאַנג אָבגעהילכט, טענער און אָבגעהאַקטע ווערטער האָבען הויך אין דער לופט געקלונגען. דאָס האָט מען דאָרט, ביים „טיש" דעם „שיר המעלות" פאַר'ן „בענטשען" געזונגען...

עטליכע מינוטען זענען זיי אַזוי געשטאַנען, יעדער פערטיעפט אין מחשבות. דוד האָט זיך נעהענטער צום פענסטער און צו דבורה'לען צוגערוקט. און פערשטעלענדיג מיט דער האַנד דאָס געזיכט, האָט דבורה'לע שטיל אַרויסגערעדט:

— דוד... דער טאַטע האָט מיך צוליעב יחוס פערקויפט, טאַטע-מאַמע האָבען נישט מיך, נאָר זייער כבוד אין זינען געהאַט... ענג איז מיר דאָ, פרעמד און איינזאַם בין איך אינ'ם דאָזיגען „הויף"... אַך, ווי עס ציהט מיך, ווי איך בענק נאָך וואַרשאָ אַהיים... און ריווי-טשע? וואָס מאַכט ריווטשע?... דוד, מיר איז שרעקליך ענג... ווען דו זאָלסט וויסען ווי איך לייד... טאַטע-מאַמע האָבען מיר אַ זיווג צו געקליבען... מען האָט מיך אין אַ פעסטונג פון הייליגקייט פער-שפאַרט... אַלץ איז דאָ הייליג און שרעקט... דוד, איך וויל אַרויס פון דאַנען...

זי איז שטיל געבליבען. אין הויף האָבען זיך פיעלע טריט פון חסידים דערהערט, הויכע חסידישע שמועסלעך, אויסגעמישט און אונטערגעברומט פון חסידישע נגונים'לעך... דבורה'לע איז איילענ-דיג צוריק אין צימער אַריינגעשפרונגען און זיך געגרייט דאָס פענ-סטער צו פערמאַכען. דוד איז אַ ווייַלע געבליבען שטעהן אויף זיין אָרט ווי פערגליווערט, קוקענדיג מיט פערטראַכטע אויגען. באַלד האָט ער זיך אָבער ווי פון שרעק אַ חאַפּ געטהון

— זייַ געזונד, דבורה'לע...

— דוד, דוד... מיר איז דאָ ענג... טאַטע-מאַמע האָבען מיך צוליעב יחוס פערקויפט... דוד...

די טריט פון די חסידים האָבען אַלץ נעהענטער אָבגעהילכט, האַסטיג האָט זיך דאָס פענסטער פון צימער פערקלאַפּט. מיט איילענ-דיגע טריט איז דוד אין דער פינסטערניש פון דער נאַכט פערשוואונ-דען...



אויף דער „סטאַנציע“ איז דער עולם חסידים געזעסען און געטרונקען ביער און סאָדע־וואַסער, און די נייע זמר'לעך גע'חזר'ט; קעסט־יונגעלייט, ערשט נאָר־וואָס נאָך דער חתונה, וועלכע האָבען אַ צייט־לאַנג, זיצענדיג בחור־ווייז אין שטיבעל ביי דער גמרא, פאַנטאַזירט וועגען טליתים מיט זילבערנע עטרות, הויכע שטריימלען מיט סאַמעטענע קאַפּלען, און אָפטע „נסיעות“ צום רבי'ן אויפ'ן שווער'ס חשבון... דרעהען זיך איצט אַרום גדלות'דיג אין זייערע שפּאָגעל־נייע זיידענע קאַפּאָטעס, דרעהען קונציג מיט צוויי פינגער די נאָכ־געלאָזענע עקען פון די זיידענע גאַרטלען, פּאָכען זיך מיט די שטריימלען איבער די פנים'ער און זאָרגלאָז, קונדסיש, שטופּען זיי אַרום און לאָזען קיינעם נישט לעבען; איז אַ חסיד אויפ'ן בעטעל איינגעשלאָפען — בינדט מען איהם צו מיט אַ גאַרטעל און מען גיסט איהם וואַסער אין די זאָקען; אָדער ווייזט עמיצער אָן, אַז דער אָדער יענער איז אַ פעטער העלט, און דאָס דער דאָזיגער וועט נאָר בקרוב אַנ'אַלטען, רייכען שווער מקבר זיין, און וועט אַ פיינע „אפותיקי“ נעהמען... שטעלט חברה צו איהם צו און מען נעהמט איהם מעלקען:

— הער נאָר, דו, זעקס פלאַשען „יאַסנע“ זאָלסטו געבען...

און איז יענער אַנ'עקשן, וועט ער אין פּאַנטאָפּעל אין קאָפּ אַריין חאַפּען און אַ צווייטען, מ'וועט איהם מכבד זיין מיט אַ „וזרקתי“ הינטער'ן קאָלנער, און אויב דער דאָזיגער איז נאָך אַליין אַ שייגעץ און שפּאַרט זיך איין: היקא נישט! — חאַפּט מען איהם דאַמאָלס דאָס שטריימעל אַראָב און מען פער'משכונ'ט עס ביים ביער־שענקער, און איצט — געה דו, נאַרישער יונגערמאַן, און שלאָג דיר קאָפּ אָן וואַנד, נאָכאַמאָל זיי נישט קיין עזות־פנים!...

אין אַ ווינקעל, איז דוד געלעגען אָנגעשפּאַרט אויף אַ בעטעל און געקוקט מיט שטאַרע אויגען אַרום זיך. די שטילע און מאָדנע האַלטונג פון דעם „פנים־חדשות“, אין דער פּאַצעטיש־זיידענער קאַפּאָטקעלע און דאָס קליינע וואַרשאָווער היטעלע אויפ'ן שפּיץ־קאָפּ, האָט ביים עולם־חסידים אַ חשד ערוועקט, יעדעס מאָל האָט אַנ'אַנדערער חסיד אַ האַלב אויג פערמאַכט און געשיקט אַ שאַרפען דורכדרינגענדען בליק אַהין צום דאָזיגען יונגענמאַן, און נישט קאָנענדיג זיך

בערוהיגען פלעגט דער דאזיגער א פינגער אויסשטרעקען צו א צוזייטיגען חסיד און א פרעג טהון: „דאָ, ווער איז'ס יענער?“.

— שמחה הערש חאָשטינער קעהר איהם אָן א פעטער...

און די קעסט-יונגעלייט, די קונדסים, האָבען זיך אַלין אינאיינעם נעדרעהט אַרום איהם, אָבגעמאָסטען איהם מיט זייערע אויגען און געקוקט פאַרשטענדיג אין זיין פנים, שושקענדיג זיך: „זאָל מען אפשר נעהמען דעם פאַרשוין אין דער אַרבייט?“ און מען איז אַלץ כסדר צוגעגאַנגען נעהנטער צו איהם און זיך מכין געווען צו „נעהמען דעם קליינעם אויפ'ן צימבעל“, נאָר דער פעטער שמחה הערש פלעגט עס דערזעהען אין א סטראַשע טהון שטרענג מיט'ן פינגער צו דער חברה:

— שקצים!...

און די יונגעלייט האָבען זיך פערשעמט אָבגעטראָגען.

דורכ'ן פענסטער האָבען שוין גראָדע פריהמאָרגען באַסען אַריינגעשיינט, דער עולם האָט איינציגוויז אָנגעהויבען איינצושלאָפען און די יונגעלייט האָבען געקעהרט מעשים: מ'האָט די איינגע־שלאָפענע חסידים פון די בעטען אַראָבגעשלעפט און זיך אויף זייערע ערטער געלעגט, מען ראַנגעלט זיך; פיער חסידים שלאָפען אין איין בעט און א פינפטער טאַנצט אַריין אין מיטען, יענע שרייען אַזש פון וועהטאָג און פון דערשטיקעניש, נאָר דער דאָ־זיגער האָט זיך פעסט איינגעפלאָכטען צווישען דעם בינטעל הענ־ אין פיס, און — נישט צו ריהרען איהם פון אָרט!...

---

אונרוהיג האָט דוד די נאַכט פערבראַכט און נישט געקאָנט איינשלאָפען, און אויף צו־מאָרגענס איז ער ווי א שאָטען אַרומ־געגאַנגען און קיין אָרט זיך נישט געקאָנט געפינען. איי-קאַלט איז ער אין בית־המדרש, ביים דאַוונען און ביים טיש „פיהרען“, איז זיין נעכטיגען ווינקעל געשטאַנען און זיך צוגעקוקט צו אַלעם, וואָס אַרום איהם קומט־פאָר, נאָר דאָס נעכטיגע התלהבות האָט איהם שוין איצט געפעהלט, ער האָט נישט אַראָבגענומען די אויגען פון לייבעלע דעם רבי'נס, נאָכגעשפירט זיינע אַלע בעוועגונגען און תנועות, און א שנאה האָט זיך צו איהם דערוועקט אין האַרצען, און מיט א שפּאָטישען שמייכעל אויף די ליפען האָט ער אַלע זיינע תנועות נאָכגעקרימט.

= אט מיט חעם דאזיגען וועט דאס דבורה'לע דארפען איהרע טעג און לעבען פערברענגען! — האט ער געטראכט מיט ערביטערונג, און שיער, שיער האט ער נישט אויסגעשריען: פרא-אדם!...

און דער פעטער שמחה העריש, וואס האט אויף זיך א חוב געשפירט. דעם „קליינעם" פאר א שטיקעל חסיד צו מאכען, האט יעדעס מאל אויפגעזוכט דוד'ן און מיט א צופרידענעם שמייכעל געקוקט איהם פארשענדיג אין פנים:

— נו, ווי געפעלט עס דיר?

און דוד פלעגט יעדעס מאל מיט א פערבארגענע אונצופריעדענהייט ענטפערען:

— וואס איז דאס, פעטער, פאר א שאלה? ס'געפעלט מיר, אודאי געפעלט עס מיר...

און נאכ'ן „טיש", ווען די חסידים זענען אויף די סטאנציעס אוועק, האט זיך דוד געלאזט געהן הינטער דער שטאדט און גע-לעגט זיך אין וואלד הינטער א בוים און איינגעשלאפען, און ווען ער האט זיך אויפגעכאפט, איז שוין טונקעל געווען, פון רבינ'ס בית-המדרש האבען זיך נגונים פון שלש-סעודות געטראגען, און דוד האט זיך הינטער'ן פענסטער פון דבורה'לעס צימער ארומ-געדרעהט און מיט אונגעדולד אין א קלאפענדיג הארץ, האט ער ארויסגעקוקט, זי זאל זיך אין פענסטער ווייזען, נאר — אומזיסט.

און אונרוהיג האט ער זיך ארומגעדרעהט אין הויף, אין בית-המדרש האט מען שוין נאך הבדלה געהאלטען. ר' יודעל דער קוויטעל-שרייבער איז ביים טיש אינ'ם קליינעם בית-המדרש'ל געזעסען, געראוויכערט די לאנגע לולקע און קוויטלען פאר די ווייבער געשריבען. חסידים האבען זיך אריין און ארויס געדרעהט און זיך מכין געווען צו דער נסיעה אהיים.

און א שווערער טרויער האט זיך אויף דוד'ס הארצען גע-לעגט, פערצווייפעלט האט ער זיך יעדעס מאל, אונבעמערקטערהייד, פערקירעוועט צווישען די בוימער פון דער רביצינס וואהנונג, גע-קוקט אין דבורה'לעס פענסטער און מיט הארצוועהטאג האט ער געטראכט:

— מיט וואס זשע בין איך אהער געקומען און מיט וואס וועל איך אהיים פאהרען?...

## VII.

## שבת צו־נאכטס.

ביי מנחם חסיד אויף דער „סטאַנציע“ איז אַ זשומעריי און אַ גערויש. אַרום דעם גרויסען טיש זיצען חסידים אין אַטלאַסענע קאַפּאָטעס און אין די יאַרמעלקעס און רויכערען און פּופקען דעם נאָך הבדלה־ר׳יך, און עפּעס מיט אַזאַ חשק, ווי איינער, וואָס חאַפּט זיך צו צום עסען נאָך אַ תענית... און דער רויך קייקעלט זיך איבער דעם אַייר פון דער ברייטער שטוב און פיהלט איהר אָן מיט אַ בלאָהען געדיכטען נעבעל; מנחם־חסיד און זיינע הויז־לייט לויפען־אַרום פערפאָרעט, טראָגען־אַריין פולע גלעזער טעה און טראָגען־אַרויס לעדיגע גלעזער, און צוקאָפּט זענען זיי, ממש קיין עצה ניט צו געבען זיך, פון יעדענס בעפעהלען, פון יעדענס פערלאַנגען:

— מנחם, טעה.

— מנחם, נישטאָ אין דער פושקע קיין צוקער.

— מנחם, האָסט היינט געשווינדעלט מיט׳ן קוגעל...

— מנחם — אַ „רעכנונג“.

— מנחם — לעבעדיגער!...

און אַזוי אָהן אויפהער, יעדער מיט עפּעס אַנדערש. און מנחם מיט זיינע הויז־מענשען לויפען אַריין און אַרויס צוטומעלטע, שוויצען מיט סכנות נפשות, איין גאָט זאָל זיך אויף זיי מרחם זיין...

און חסידים זענען צולעגט אויף טיש און אויף בענק, אויף צוואָרפענע בעטען און סעניקעס שטרוי. אַ רעדעל יונגע לייט זיצען ביי אַנ׳אָפענעם פענסטער און חזר׳ן די נייע ניגונים, וואָס מען האָט געהערט ביים „טיש“; יעדעס מאָל ווערט דער ניגון איבער־געחזר׳ט, און יעדעס מאָל מיט מעהר קולות בעגלייט פון די, וואָס האָבען שוין אין דער צייט אַ צוויי־דריי טענער געחאַפּט און געדענקען אויך אין קאָפּ... און האָט זיך אַ יונגערמאַן דעם ניגון נאָך ניט אויסגעלערנט, ער פערשטעהט איהם נאָך ניט כדבעי, פערקנייטשט ער טיעף דעם שטערען, פערמאַכט די אויגען, דעם גראָבען פינגער לאָזט ער אין דער לופט קאָמאַנדעווען, נאָכ׳ן טאַקט נאָך, האַלט־מיט דער „קאַפּעליע“ און שלינגט ערנסט יעדען טאָן... אַהיים קומען פון

רבי׳ן און קיין נייעם ניגון ניט מיטברענגען — קיין שום יונגערמאַן זאָל מיט דעם עגמת־נפש ניט געפּטרט ווערען!...

די עלטערע חסידים זיצען בײם טיש, טרינקען טײע און פּיפּקען ציגאַרען און לולקעס, כאַפּען יעדעס מאָל אַ בליק צו די „קונדסים״, די יונגע־לייט און פֿון צייט צו צייט האַלטען זיי אונטער מיט אַ קורץ־אָבגעהאַקטען בים־באָם...

אין צווייטען ווינקעל זיצען צוויי חסידים זקנים און פּיפּקען לולקעס. מיט אַ ווייכען מילדען טאָן חזרן זיי איבער די „תורה״, וואָס דער רבי האָט געזאָגט בײם טיש און מ׳געדט־איבער אויך חסידישע מעשׂיות פֿון אַמאָל, אַמאָל, וואָס מ׳האָט אַליין מיט די אויגען געזעהען, אָדער פֿון אנשים נאמנים געהערט... בשעת איינער דערצעהלט, האָרכט דער צווייטער אויס מיט קאָפּ, ערנסט, מיט אַ פֿרומע מינע, און שלינגט וואָרט נאָך וואָרט. און נאָך איידער עס ענדיגט דער ערשטער — האָט זיך שוין דער צווייטער אָן אַ מעשׂה דערמאָהנט. בלייבט דער ערשטער שטיל און האָרכט מיט דער זעלבער ערנסטקייט דעם צווייטענס מעשׂה אויס...

עטליכע חסידים, בחורים, וואָס שטענדיג זענען זיי פֿעריאָגט און דער עול־מבחר לאָזט זיי ניט רוהען, זעגען זיך שוין מכין אין וועג אַריין, פּאַקען זיך די פּעקלעך און האָבען בדעה, דאָס בעלות, ווען ס׳וועט נאָר אָנהויבען צו בלאָהען אויף טאָג, זאָלען זיי צו דער באַהן פֿאָהרען. אונגעדולדיג געהט יעדעס מאָל צו אַנאַנדערער צום פֿענסטער, שטעקט די קאָפּ אין אָפֿענעם פֿענסטער אַרויס, און דערזעהט ער פֿון וויטען עמיצען דורכגעהן, שרייט ער איהם נאָך:

— יונגערמאַן, יונגערמאַן, זײַ זשע מוחל, מען „געזעגענט״ זיך שוין „דאָרט״?

דאָס וואַרטען די חסידים־סוחרים, דאָס קוקען זיי אונגעדולדיג אויף די מינוט, ווען דער רבי זאָל זיך אָנהויבען צו געזעגענען מיטן עולם. אַ גרויסער עול איז בײ אַ חסיד, וואָס אײלט זיך אַהיים צופֿאָהרען, דאָס געזעגענען. שעה׳ן־לאַנג, מאַכט זיך פֿיעל מאָל, אין „הויף״ אָבשטעהן און זיך דערוואַרטען דערצו, און דערווייל איז מען ניט אויף קיין אָרט, נישט די קאָנסט זיך צולעהנען און אַ דרעמעל כאַפּען, נישט די קאָנסט אויף דער „סטאַנציע״ זיצען און אַ באַגלעזער טײע טרינקען, וויזוים טאָמער בעת־מעשׂה עפֿענט זיך איבער דער צייט די טיהר פֿון רבי׳נס חדר, דער רבי געזעגענט־אָב, און בײן

וואָס־ווען, אײדער דו קוקסט זיך אַרום — האָט זיך שוין די „טיהר־"
פערמאַכט און שטעה וויעדער אָב עטליכע שעה — און אַמאָל אַ האַל־
בען מעת־לעת — און וואַרט ביז עס וועט זיך וויעדער אַ שעת־הכושר
מאַכען...

און טאַקי דערפאַר דאַרף אַ חסיד, אַ סוחר, וואָס אײַלט זיך
אַהיים, זײַן גרייט תיכף נאָך הבדלה און היטען די צײַט. דערנאָך,
אַז דו ווערסט זיך האָבען אָבגעזעגענט, קאָנסטו טאַקי טהון, וואָס דײַן
האַרץ גלוסט; קאָנסט טרינקען טעה, קאָנסט חאַפּען אַ דרעמעל, וואַרים
דו ביזט שוין דאָס שווערסטע שטיקעל אַרבייט איבערגעקומען;
וועט דיך פערגלוסטען — חאַפּסטו דאָס רייזע־פּעקעל, זעצסט זיך
אויף אויף דער ערשטער אין בעסטער בריטשקע און פאָהרסט צו דער
באַהן.

די טיהר פון דער „סטאַנציע" רוהט ניט. חסידים אַרײַן — חסידים
אַרוים, און אַלע געהען אויף איין וועג און אַלע קומען פון איין
וועג, — פון דער „סטאַנציע" אין „הויף" און פון „הויף" אין דער
„סטאַנציע". מעהר אינטערעסירט מען זיך נישט, ווייטער געהט קיינעם
די גאַנצע שטאָדט ניט אָן...

און חסידים זיצען מיט גרינגע הערצער און ווייכע געמיטער,
קיין דאגה, קיין מינדעסטע טרויער־מחשבה איז אויף קיין פּנים ניט
צו געפינען, און דערצעהלען און שמועסען פון „גוטע־יודען" און
מעשׂות־פּליאות, און פיין, ברידערליך איז מען איינער צום צווייטען
צוגעלאָזען, ניט מען עקשנ'ט זיך, ניט מען ברוגז'ט זיך, בנעימות
און נאָכגיעביג געהט מען פון איין „גוטען־יוד" צום צווייטען אַריבער,
און עס וויקעלט זיך דער שמועס פון איין מעשׂה'לע אויף דער צוויי־
טער. פון אייגענעם רבי'ן הויבט מען אָן, און מען קרייזעלט אַרום
דור־דורות פון „גוטע־יודען". מען שפּינט אַ פאָדים אין אַ פאָדים,
ביז מ'קומט צום אייגענעם רבי'ן צוריק...

און דער שמועס ווערט פּלוצלונג ערנסטער און שטילער. ווע־
גען דעם שידוך פון רבינ'ס טאָכטער הויבט מען אָן שמועסען, ווע־
גען דאָס וואוילע בחור'ל, מרדכי'לע, דעם חאַשטשינער רבינ'ס זוהן
און וועגען די תנאים, וואָס דאַרף בקרוב פערבונדען ווערען צווישען
די צוויי „הויפען".

— אַ וואויל יונגעל מרדכי'לע דעם חאַשטשינער רבינ'ס — רופט
זיך אָן אַ חסיד, וועלכער איז ידוע פאַר אַ מופלג אין חסידישע

מעשות און אין יחוס־קייט פון אלע רביים און „גוטע־ידעלען“.

— א שארפע קאפ האט ער, אויגען — חכמה שפריצט פון זיי...

— יא, זאגען זאגט מען, דאס ער איז גאר קיין נאר נישט...

— און מען שמועסט, דאס ער איז גארנישט קיין „פערקנייטש־טער“ — מישט זיך אריין א לאדזער יוד, א חסיד מיט א בייכעל, אין א געפרעסט קעלנערל: — א שטיק „היינטהעלטיגער“ — זאגט מען אויף איהם, ער האט, זאגט מען, א שטארקע ידיעה אין מילי דעלמא, קען, זאגט מען, פויליש און רוסיש מיט די איבעריגע זאכען גאר אויסגעצייכענט.

— מילא, נישט קיין עולה... א רבינ'ס א קינד, מיינט דאס חלילה נישט קאליע...

— ס'א שאלה? די גרעסטע „גוטע־יודען“ האבען געקאנט... ס'איז א כבוד־התורה. א „גוטער־יוד“, וואס האט א ידיעה אין זייערע לשונות — האבען גוים דעם גרעסטען דרך־ארץ פאר איהם, און דער אויבערשטער זאל אויסהיטען, מאכט זיך חלילה ווען א גזרה אויף כלל־ישראל, דארף מען זיך טאקי קאנען „אויסשמועסען מיט'ן מלכות...

— אוודאי איז עס א גלייכער שדוך. און דער יחוס, א קליינינ־קייט? — פון די גרויסע גדולים שטאמט ער דאך.

— און קרוב לגמרי, זאגט מען, האלט עס שוין, אלע טאג, ריכט מען זיך, וועט דער „הויף“ א טעלעגראמע מיט א מזל־טוב" ארויסשיקען קיין חאשטין, שיקען און תנאים וועט געשריבען ווערען.

און דערצעהלען דערצעהלט מען, דאס איינער פון אונזערע חסידים, א גביר מפורסם, נאר איך וויל נישט פורש בשמו זיין, וועלכער האט א יונגעל, גאר א כלי מפואר, האט זיך אין דער לעצטער צייט אין דער בריוו געלעגט, חדשים־לאנג האט ער אויף אלע דרכים געארבייט, כמעט אויף יעדען שבת איז ער געקומען אהער צופאהרען, געלאזט זיך קאסטען מיט א ברייטע האנד און געוואלט הוקא דעם רבינ'ס א מחותן ווערען, גרייט איז ער געווען צו געבען א הון־רב, וויפיעל דער „הויף“ וועט נאר פערלאנגען, נאר — נישט געפועל'ט: דער רבי האט ניט מסכים געווען, די רביצין האט געזאגט — פונקט כל הון דעלמא וועט זי נישט מהוצה ווערען. נישט מיט קיין עשירות וויל זי זיך מתחתן זיין, נאר א רבינ'ס א קינד וויל זי, א „הויף“

מיט אַ „הויף", — יחוס זוכט זי, נישט אַנדערש ווי אַ בן־גדולים!... אין שדוך — זאָגט די רביצין — האָט זי שוין מיט עשירות געטהון און — געגנוג!...

— און דערצעהלען דערצעהלט מען, דאָס אין פּילפּול „גוטע־יודישע הויפען" איז איצט כמעט ווי געוואָרען במוסכם, מען זאָל ווי ווייט מעגליך וועהען מהיום־והלאה די שדוכים מיט עשירות אויסמיידען, און זיך מיט „איינענע", צווישען זיך, „הויף" מיט „הויף" מתחתן זיין...

— און אַ סברה איז עס. וואָרום דער תערובות, דאָס אויסמישען זיך פון רבישע קינדער מיט די חסידיש־גבירישע קינדער האָט אין די „הויפען" צופיעל עגמת־נפש גורם געווען...

— און מעשה שהיה מיט די שנור פון'ם רבי'ן הידוע — עס איז נישט גלייך פורש בשמו צו זיין — וואָס האָט איהר מאַן, דעם רבינ'ס זוהן „איבערגעפיהרט", און אַליין איז זי ממש לתרבות רעה אַרוים... מעשות דערצעהלט מען נאָך עד היום אויף איהר — השם ישמרנו!

דער עולם בלייבט זיצען אַ ווייַלע שטיל, עפּעס טרויעריגע מחשבות האָבען גענומען נאָגען אין יעדענס האַרץ, און גאָרנישט היימליכעס האָבען די דאָזיגע טרויעריגע מחשבות אונטערגעזאָגט, און מיט שרעק טראַכטען טייל וועגען ווערמליך, וואָס האָבען זיך טיעף אין דעם גרויסען שטאַרקען בוים איינגעגעסען און לעכערען דעם שטאַם...

אַ שטילקייט הערשט עטליכע מינוט אין דער גרויסער שטוב. די יונגע־לייט ביים פענסטער האָבען מפסיק געווען זייערע ניגונים און האַלטען זיך שטיל איין צו די שמועסען ביים טיש, קוקען מיט ערנסטע אויגען אַהין צו די אַלטע. אַ חסיד פערשטעקט די הענד אין די אַרבעל און שאָזעלט זיך, שטיל אונטערברומענדיג אַ תנועה פון אַ טרויעריגען נגון, אַ צווייטער שפּאַרט די האַנד אונטער אויף זיין שטערען און קוקט פערטראַכט אויפ'ן סופית. — ס'האָט זיך פּלוצלונג אַ שטילער אומעט אַהער אַריינגעגנב'עט און זיך אין דער חסידישער בריידערליכער סביבה פערשפּרייט...

נאָר אָט האָט זיך די טיהר געעפענט און תיכף איז דער אומעט פון דער שטוב פערשוואונדען.

— גוט וואָך, ר' שמחה־הערש, גוט וואָך! — רייסט זיך

אַ פרעהליכער „גוט-וואָך" פונ'ם גאַנצען עולם אַרויס.

— גוט וואָך! אָט דאָ וועלען מיר הערען נייעס!... וואָס הערט זיך ר' שמחה-הערש, פון וואַנען קומסטו?

— אודאי האָב איך אייך געבראַכט נייעס — ענטפערט ר' שמחה הערש מיט גדלות, ציהענדיג לאַנגזאַם די באָרד און אַרומדרעהענדיג זיך איבער דער שטוב — אודאי האָב איך אייך געבראַכט נייעס, און דוקא פרעהליכע... מנחם, גיב אַריין אַ גלאָז טעה.

— טאַקי? פון וואַנען קומסטו, שמחה-הערש

— פון „הויף", איך בין „דרינגען" געוועזען... עטליכע שעה מיט'ן רבי'ן אָבגעזעסען און געשמועסט... געוועזען אויך אינעווייניג ביי דער רביצין. אַ שווער שטיקעל אַרבייט אָבגעטהון, אַ שווער שטיקעל אַרבייט... נאָר געלויבט דער אויבערשטער, דורכגעפיהרט דעם עסק בשלום... מנחם, גיעב אַריין טעה.

— דערצעהל זשע, דערצעהל — ווערט דער עולם אומגעהולדיג.

נאָר ר' שמחה-הערש איז ניט אַזאַ מענש, וואָס זאָל זיך איילען, ר' שמחה-הערש האָט צייט, ער דערצעהלט זיך ווייטער גאַנץ לאַנגזאַם און דער עולם צאַפעלט פון אונגעדולד...

און פאַמעליך, בנעימות, זופענדיג די טעה, דערצעהלט ר' שמחה-הערש בפרטות וועגען דעם גאַנצען ענין, וואָס ער האָט מיט'ן רבי'ן „דרינגען" ביחידות גערעדט און וואָס ער האָט מיט דער רביצין מכח דעם שדוך געשמועסט, און ווען ר' שמחה-הערש איז שוין צום עיקר צוגעקומען און דערצעהלט, מיט וואָס ער האָט דעם ענין געענדיגט, שפרינגט דאַן דער גאַנצער עולם אויף פון טיש מיט התלהבות און פרעהליכע פנימ'ער:

— מזל-טוב, מזל-טוב! געלויבט דער אויבערשטער! זאָל זיין אין אַ מזל'דיגע שעה, מזל-טוב!...

— און ווען וועט מען תנאים שרייבען? — טהוט פלוצלונג איינער אַ פרעג.

— תנאים? — פרעגט לאַנגזאַם איבער ר' שמחה-הערש, און קוקט אויף'ן עולם מיט אַ שמייכעל, שהייגענדיג אַ ווייַלע, ווי ער וואָלט איהם אַ שאַד זיין זיי מיט דער בשורה איבעראַשען — תנאים?...

— מנחם גיב אַריין בראַנפען.

— ווען, ווען? — בעט זיך דער עולם...

— ס'האָט נאָר-וואָס אַ טעלעגראַמע אַהין, קיין חאַשטין געשיקט, און מאָרגען, רבותי, מאָרגען ביינאַכט וועט פרעהליך און לעבעדיג זיין... מאָרגען וועט מען תנאים שרייבען, מנחם, בראָנפען גיב אַריין!...

— מזל-טוב, מזל-טוב! — הילכט די גאַנצע שטוב — מזל-טוב! מנחם, בעלמיטשע ניט, בראָנפען מיט אייער-קיכלעך צום טיש!...

און באַלד איז די שטוב מיט אַן'אומגעוועהנליכע שמחה געוואָרען אָנגעפילט. די יונגע לייט ביים פענסטער האָבען אַ „פרעהליכס" אָנגעהויבען און דער גאַנצער עולם, אַלט און יונג, האָט מיט שמחה און פרייד דעם ניגון אונטערגעחאַפט, אַ וואַרשאָווער יוד, וואָס איז געהאַט אין אַ ווינקעל געשטאַנען און זיך דאָס רייזע-בעקעל פער-פאַקט, האָט תיכף דאָס פעקעל צוריק אויפגעבונדען און די גרויסע פאַטשיילע אין בוזים פערשטופט — ניין, ער פאָהרט שוין נישט אַהיים!... די חסידים-סוחרים, וואָס האָבען זיך אונגעדולדיג איבער דער שטוב אַרומגעדרעהט, און מיט ס'חריש-פער'דאגה'טע פנימ'ער אין ס'חריש-וואָכעדיגע מלבושים יעדעס מאָל הורכ'ן פענסטער גע-קוקט — צי מען „געזעגענט" שוין... האָבען יעצט, דערהערענדיג די בשורה, געשווינד פון זיך די וואָכעדיגע מלבושים אַראָבגעוואָרפען, און צוריק אין די שבת'דיגע אַריין, און אַנ'אַנדער צורה האָבען פלוצלונג זייערע פנימ'ער מיט אַמאָל בעקומען, ס'האָט זיך אויף זיי מיט אַמאָל דער קאָליר געביטען... פערשוואונדען דער וואָכע-דיגער סוחר-זאָרג און צוריק שבת'דיגע חסידים געוואָרען. — מאָרגען איז תנאים. ניין, זיי פאָהרען שוין ניט!...

די טיהר האָט זיך געעפענט און אַ בלאַס פערזאָרגט פנים האָט זיך אין דער טיהר בעוויזען.

דוד איז אין שטוב אַריינגעקומען און דעם פעטער שמחה-הערש אָן אַ זייט אַוועקגערופען:

— פעטער, ווען פאָהרען מיר?

— פאָהרען? אויב דו ווילסט דוקא — פאָהר דיר געזונדער-הייד, איך בלייב דאָ.

דוד האָט דעם פעטער שווייגענדיג אָנגעקוקט און אויף זיין פנים האָט זיך אַ פראַגע-צייכען בעוויזען

— פאַרוואָס?

— פערשטעהסטו, דוד, איך פאָהר נישט, קיין איין חסיד

פֿאָהרט נישט, מיר אַלע בלייבען דאָ... מאָרגען וועט אין „הויף" א יום־טוב זיין...

– אַ יום־טוב?

– יאָ, אַנ'אמת'ער יום־טוב. רבקה'לע, דעם רבינ'ס יונגסטע טאָכטער, וועט מאָרגען ביינאַכט תנאים שרייבען.

דוד האָט זיך אַ הייליגע פֿערטראַכט. פּלוצלונג איז עפּעס א מחשבה אין זיין קאָפּ דורכגעלאָפֿען און ער האָט אַ פֿרעגע געטהון:

– אָבער, איך האָב אייך גאָר פֿערגעסען צו פֿרעגען, פֿעטער, צוליעב וואָס האָט מען נאָך אייך אַ דעפּעשע געשיקט?...

– מאַקי וועגען דעם זעלבען ענין – האָט דער פֿעטער מיט אַ שמייכעל געענטפֿערט – דער חתן איז דעם האָשטינער רבינ'ס זוהן.

– מרדכי'לע? – האָט דוד מיט שרעק איבערגעפֿרעגט.

– יאָ. דו קענסט איהם דען?..

דוד האָט געשוויגען.

– פֿעטער – האָט ער פּלוצלונג אויסגעשריען – איך בלייב אויך דאָ... איך פֿאָהר נישט!...

– טאַקי אויף אַנ'אמת? – האָט דאָס דעם פֿעטער שטאַרק הנאה געטהון...

– יאָ, – האָט דוד איבערגעחזר'ט שטאַרק צוקאָכט – יאָ, איך בלייב דאָ, איך בלייב דאָ... כ'פֿאָהר נישט!...

---

# VIII.

## רבקה'לע דעם רבי'נס.

אַ שעהנער זומערדיגער פֿאַרמיטאָג. דער „הויף" איז אין אַ וואַרימער פֿרעהליכער ליכטיגקייט איינגעטונקען. ס'איז אַ זונטאָג פֿאַרמיטאָג און דאָך שוועבט איבער'ן „הויף" אַנ'אמת יום־טוב'דיגע רוהיגקייט. און זעהסטו ווי רוהיג, בנעימות, עס געהען חסידים־איין, חסידים־אויס, ווי איבער'ן „הויף" דרעהען זיך פֿאַרוואַיז חסידים אַרום, אין די שבת'דיגע סאַמעטענע היטלען און אין די וואָלענדיגע ציגאַרען און לולקעס – דאַכט זיך דיר, ס'איז אַ טאָג פֿון חול־המועד היינט,

ס'איז יום-טוב מיט חול אויסגעמישט, און דאָך האַרמאָנירט עס צו-זאַמען, אַ בעזונדער חן און שענקייט איז דערויף אויסגעגאָסען...

וואָרום ס'האָבען נאָך די חסידים דעם נעכטיגען שבת-לבוש פון זיך ניט אַראָבגעצויגען, שבת-רוהה איז אויף די פּנימ'ער אויסגעגאָסען און שבת'דיג זענען די שמועסלעך, וואָס ווערט צווישען זיי געפיהרט, שבת'דיג — די תנועות און בעוועגונגען...

דען אין „הויף" וועט היינט אַ יום-טוב זיין, רבקה'לע דעם רבינ'ס וועט תנאים שרייבען...

און רבקה'לע דעם רבינ'ס זיצט יעצט אין איהר צימער נעבען פענסטער, אויף וועלכען ס'ליגט אַ שען קעסטעלע מיט נעה-געצייג, ווייסע לייוואַנד און ניט-דערענדיגטע זאַכען, און זי נעהט קליינע קינדער-העמדלעך.

שוין לאַנג ווי רבקה'לע האָט אויף זיך אַ מצוה גענומען: נעהען העמדלעך פאַר אָרימע קינדער יתומים פון שטאָדט. אַן אָרימע אלמנה, וואָס האַרף איהרע נאַקעטע יתומים'לעך בעקליידען, קלויבט זי זיך מיט דער צייט אַ שטיקעל לייוואַנט צו אַ שטיקעל לייוואַנד צונויף און טראָגט דאָס דער רביצינ'ס טאָכטער אַוועק, און זי איז שוין, גאָט צו דאַנקען, מיט העמדעלעך און יאַקעלעך פאַר איהרע נאַקעטע נפשות'לעך בעזאָרגט... קומט די אָרימע אלמנה אין עטליכע טעג אַרום און נעהמט די פאַרטיגע אַרבייט אָב, פאַלען דאַן דאַנקצי-גע ברכות אויף רבקה'לעס קאָפּ. דאָס העמדעל אָדער דאָס יאַקעלע ווערט פון איין שכנ'טעס האַנד צו דער צווייטער שכנ'טע געוויזען, פון איין שטוב אין דער צווייטער ווערט דאָס מיט אַ שמייכעלע בעטראַכט און מען ריהמט די הענד, וואָס זענען פון גאָט געבענשט...

ס'האָט זיך די טיהר פון צימער געעפענט און די רביצין איז אַריינגעקומען. זי האָט זיך ביי דער זייט אַנטקעגען רבקה'לען אַוועקגעזעצט און מיט אַ צניעות'דיג שמייכעלע אויף די ליפּען, רבקה'לעס אַרבייט בעטראַכט.

— פאַר וועמען, רבקה'לע, וועט דאָס דאָזיגע העמדעלע זיין?

— כ'ווייס נישט, מאַמעשי, אַן אָרימע אלמנה, וואָס וואָהנט דאָרט אַראָב אונטער דער שטאָדט, כ'קען זי אפילו ניט, ווער זי איז, האָט מיר יענע וואָך אַ פּעקעלע ליינוואַנד דורכ'ן פענסטער אַריינגעשטעקט און געבעטען מיך: פאַר איהר אָרעם יתומ'ל אַ העמ-דעלע אויפנעהען...

— און ווי אזוי, רבקה'לע, וועסט דו דען וויסען, וואו אהין דאס פארטיגע אבצושיקען?

— פארנאכט, מאמעשי, וועט זי צום פענסטער צוקומען און זיך דאס איהריגע נעהמען...

— א, פארנאכט, רבקה'לע, וועסט דו מיט עפעס אנדערש זיין פערנומען — האט די רביצין מיט א שמייכעלע געזאגט, קוקענדיג אויף רבקה'לען.

— מיט וואס, מאמעשי, וועל איך דאס זיין פערנומען? — האט רבקה'לע בתמימות איבערגעפרעגט.

— פארנאכט, רבקה'שי, — האט די רביצין זיך נעהנטער צו רבקה'לען צוגערוקט — וועסטו זיך דארפען אויספוצען, די שבת'דיגע קליידלעך אנטהאן און...

— וואס הייסט? — האט רבקה'לע די נאדעל אין ליינוואנד געלאזט און מיט פרעגענדיגע אויגען זיך צו דער מוטער געווענדעט — צו וואס?

— בכדי דו זאלסט חן געפינען... — האט די רביצין מיט א שמייכעל געזאגט, שטיל, ווי זי וואלט איהר א סוד פערטרויען...

רבקה'לע האט געשוויגען, מיט די הענד האט זי די ליינוואנד אויף איהרע קניען אויסגעגלייכט און בושה-פלעקען האבען זיך אויף איהרע צארטע רויזען-באקען געצייטעלט...

— יא, טאכטערשי, חן דארפסטו געפינען אין די אויגען פון דיין חתן... היינט ביינאכט וועט מען תנאים שרייבען, א כלה, מאכטערשי, וועסטו מיט מזל ווערען...

— און וואס שווייגסטו, רבקה'שי?... דו ווילסט, טאכטערשי, אודאי וויסען, ווער דיין בעשערטער איז...

רבקה'לע האט די שעמעהדיגע אויגען אראבגעלאזען, איהרע פינגער האבען ציטערדיג פאלדען אויף דער ליינוואנד געקנייטשט און שטארק-שטארק האט איהר נאאיוו יונג הערצעל געקלאפט...

— און געלויבט זיין ליעבער נאמען — האט די רביצין די אויגען צום הימעל אויפגעהויבען און פרום ערנסט געשמייכעלט — געלויבט זיין ליעבער נאמען, א טייער, כשר קינד האט דיר גאט בעשערט, יומם ולילה איז ער אין תורה ועבודה עוסק, א זייד עדעל פנים, פון וועלכען ס'שפראצט תורה און חכמה ארויס, טאטע-מאמעס בענשען זיך מיט איהם, ווי אנ'אבן-טוב ווערט ער דארט אין „הויף" געהיטען,

ײַן געגלויבט זײַן ליעבער נאָמען, וואָס האָט דיר אַ זיווג, ווי דו, מאַכטערשי, ביזט ווערט צוגעשיקט...

די רביצין האָט זיך אויפגעהויבען און אַרויסגעהענדיג האָט זי זיך נאָך אַמאָל צו רבקה'לען אומגעקעהרט:

— זעה־זשע, רבקה'שי, דו זאָלסט געשווינדער מיט דײַן אַרבײַט פאַרטיג ווערען, הײַנט בײַ־נאַכט וועסטו תנאים שרײַבען...

און אַהיבשע, היבשע צײַט נאָכדעם, ווי די רביצין איז פון צימער אַרויס, איז רבקה'לע אין דערזעלבער פּאָזע אויף איהר אָרט געבליבען זיצען. די נאָדעל איז פון איהר האַנד אַרויסגעפאַלען, די לײַנוואַנד האָט זיך פון איהרע קניהען אַראָבגעגליטשט, און נישט זי האָט געזעהען נישט זי האָט געפיהלט, איהרע געדאַנקען האָבען איהר ווײַט פערטראָגען, אומזיסט האָט זיך איהר פאַנטאַזיע געמאַטערט דאָס ריכטיגע בילד פון איהר קינפטיגען בעשערטען אויסצומאָלען, אומזיסט!...

און ווען זי האָט פלוצים פון איהרע פערטיעפטע רעיונות ערוואַכט, האָבען זיך ווי נישט־ווילענדיג איהרע ליפען בעוועגט און שטילע ווערטער האָבען זיך איבער'ן צימער געטראָגען:

— ווער איז ער?...

* *
*

און עס פלאַמט רבקה'לעס געזיכט, איהר האַרץ קלאַפט, די אויגען האָט זי ערגעץ אויף אַ פינטעל אָנגעשטעלט און איהר פאַנטאַזיע רופט אין איהר פערשידענע בילדער אַרויס.

איהר געדאַנק מאַטערט זיך דאָס בילד פון איהר בעשערטען אויסצומאָהלען...

אַ ווײַלע רײַסט זיך פלוצים דער דאָזיגער געדאַנק איבער, זי טרעט זיך דאַן אַ חאַפּ, קוקט זיך איבער'ן צימער אַרום און עפּעס ווי פערשעמט נעמט זי דאַן דאָס קינדער־העמדעל פון איהר שויס און נערוועז צעהלט די נאָדעל אַ שטאָך נאָך אַ שטאָך... זי פערשעמט זיך: אַ יודישע טאָכטער — ווייסט זי, — טאָר וועגען אַזעלכעס ניט טראַכטען... זי פערטיעפט זיך אין קינדער־העמדעל און אין איהר אַרבײַט, אַ שטאָך נאָך אַ שטאָך, און אַ געדאַנק נאָך אַ געדאַנק שפּינט זיך, פערטראָגט איהר יונג־מיידעלשע פאַנטאַזיע ווײַט אַוועק, ס'הויבט זיך איהר האַרץ און ווי דער זייגער אויף דער וואַנד קלאַפּט

דאָס אַ צאַפּעל נאָך אַ צאַפּעל... דאָס צימער וויעגט זיך אין שטראָמען זונען־ליכט און זונען־פרייד. פון אַרום און אַרום, פון הויף און גאַס טראָגען זיך פרעהליכע זומער־טענער און זומער־קלאַנגען... אין דרויסען פאַר'ן פענסטער געהען מיידלעך אַ ראָד אין צאַרטע, יונגע קולות'לעך קלינגען אין דער לופט אָב:

די מאַמע איז געגאַנגען
אין מאַרק אַריין נאָך קויהלען,
האָט זי מיר געבראַכט
אַ יונגעלע פון פוילען.
אוי, איז דאָס אַ יונגעלע
אַ שענס און אַ פיינס —
מיט אַ פּאָר שוואַרצע אויגעלעך,
ק—ע—ע—צעלע מיינס.

און די טענער צוגיסען זיך וויט און דרינגען אַריין אין רבקה־לעס צימער און בעוועגען די סטרונעס פון איהר האַרץ... אין וויעדער לאָזט זי די נאָדעל פון האַנד אַרויס, מיט אַ צאַפּעלדיג האַרץ האָרכט זי זיך אין ליעדעל איין און אויף איהרע באַקען צוגיסט זיך אַ שעמעוודיגע רויטקייט... עפּעס ווי די קינדער אין דרויסען האָבען זיך אומישנע פאַר איהר פענסטער געשטעלט און ריינצען זיך מיט איהר...

און שטיל האָט זיך די טהיר געעפענט און דבורה'לע, די יונגע שנור, איז אַריין.

— דבורה'לע?

— יאָ, וואָס רבקה'לע, האָסט זיך דערשראָקען?

— דערשראָקען? וואָס פעלט דיר עפּעס איין?...

— כ'וויים... האָסט עפּעס אַזאַ צאַפּעל געטהון... און ביזט אַזוי בלאַס...

— ס'ווייזט זיך דיר נאָר אַזוי אוים, דבורה'לע...

— ס'קאָן זיין... און פאַר וועמען, צדיקת'טע, נעהסטו שוין וויעדער אַ העמדעלע — האָט דבורה'לע געפרעגט מיט אַ שמייכעל, בעטראַכטענדיג רבקה'לעס אַרבייט.

— פאַר אַנ אָרעם יתומ'ל. די אָרימע מוטער האָט מיר די ליינוואַנד דורכ'ן פענסטער אַריינגערלאַנגט: אַ העמדעלע זאָל איך פאַר איהר נאַקעט קינד אויפנעהען...

— אוי, רבקה'לע, פּאַקט דיין התן אַ פרומע צדיקת'טע!...

רבקה'לע האט פערשעמט די אויגען אראבגעלאזען, און נאך א ווײַלע שטיל־שווײַגען האט זי פאמעלעך אירע שעמעוודיגע אויגען אויף דבורה'לען אויסגעשטעלט:

— דו ווייסט שוין?

— יא, די שוויגער האט מיר פריהער די פרעהליכע בשורה געזאגט... און איצט בין איך צו דיר אַריין דעם מזל־טוב אָבגעבען.

רבקה'לע האט ניט געענטפערט.

— און פאר־וואס שווײַגסטו, רבקה'לע? פאר־וואס ביזטו אזוי פערפאלט, צוטראגען? פרעהליך דארפסטו דאך זיין, דארפסט זיך דאן מיט דיין גליק פרעהען, אמת, רבקה'לע, ביזט גליקליך?... פאר־וואס פערבארגסטו פאר מיר דיין פרייד?... לאכען דארפסטו, טאנצען, שפרינגען, אט באלד וועסטו זיך דאך אין דיין גליק באדען, נישט אמת, רבקה'לע?

פעסט האט זי איהר מיט ביידע הענד ארומגענומען, צום הארצען צוגעדריקט און מיעף פארשענדיג איהר אין די אויגען געקוקט:

— דו ביזט דאך גליקליך. אט באלד וועסטו א כלה ווערען, מ'וועט דיר כלה־מתנות שיקען, מיט גאלד און בריליאנטען וועט מען דיך אויסבוצען, דו ביזט דאך גליקליך, גליקליך, רבקה'לע, נישט אמת?...

רבקה'לע האט בעמערקט די איראניע, וואס ס'איז אויף איהר שוועגערינס געזיכט אויסגעגאסען ביי די ווערטער, זי האט זיך דערי־בער, עפעס ווי מיט שרעק פון איהרע אָרעמס ארויסגעריסען און געשטאמעלט:

— עפעס רעדסטו, דבורה'לע, אזוי מאדנע, נישט צום פער־שטעהן, אזוי נישט צום פערשטעהן...

נאר דבורה'לע האט ווי נישט געהערט איהרע ווערטער, זי האט ווייטער מיט דעם איראנישען שמייכעלע גערעדט:

— דו ביזט דאך גליקליך, דו דארפסט דאך גליקליך זיין... נישט אמת, נאריש קינד?... מ'וועט דאך דיר א חתן געבען... דו וועסט מיט מזל חתונה האבען, א ווייבעלע וועסטו ווערען, מען וועט דיר דיינע הערלעך, אוי, דיינע בלאנדע הערלעך, אבשערען!... א קופקעלע וועסטו אויף דיין קעפעלע אנטהון... א יונג ווייבעלע וועסטו זיין, דו וועסט א מאנעלע האבען... דיין מאנעלע וועט דאך אזא ערלעך כשר קינד זיין... די שוויגער, די רביצין, זאגט, דאס ער

האָט אַ טײַערע כּשר'ע נשמה... אוי, ס'איז אַ שײנע מאַנעלע!... אַ דאַר, אױסגעװײקט פּנים'ל, גרין, װי אַ אתרוג'ל, מיט לאַנגע, לאַנגע פּאות, און דאָס פּנים'ל ליעגט טיעף־טיעף אין אַ הויך שטרײַמעל אין קוים־קוים מען זעהט דאָס בלאַסע נעזעלע אַרויס... און דו, יונג־חײַבעלע, װעסט דאָ בײַם פענסטער טאָג נאָך טאָג, טאָג נאָך טאָג זיצען און פון פענסטער אַרויסקוקען, און װעט דײַן מאַנעלע דיך דערזעהען, װעט ער געשװינד, געשװינד פון דיר אַנטלויפען און אין בית־המדרש אַװעק... ער װעט מורא האָבען פאַר דיר... דו ביזט דאָך אַזאַ שרעקליכע, אַזאַ שרעקליך װײַבעלע... ער װעט מורא האָבען מיט דיר צו רעדען... אוי, װי אַ ביזע, װי אַ שרעקליכע דו ביזט, נישט אמת? הײַנט װעסטו דאָך אַ כּלה װערען, דו װעסט זיך אין גליק באָדען, פאַר־װאָס שװײַגסטו, רבקה'לע, פאַר־װאָס פרעהסטו זיך נישט, לאַכסט נישט, טאַנצט נישט?... די ביזט דאָך ערשט גליקליך... האַ־האַ־האַ! נישט אמת, רבקה'לע?...

זי איז שטיל געבליבען. רבקה'לע האָט שטאַרקע שרעקעדיגע אויגען אויף איהר שװעגערין אױפגעשטעלט און איהר קערפּער האָט מאָדנע געציטערט...

אין דרויסען פאַר'ן פענסטער האָבען נאָך מײדלעך אין ראָד געשפּיעלט און דאָס ליעד געחור'ט:

איך האָב געגעסען מאַנדעלעך,
איך האָב געטרונקען װײַן,
איך האָב געליעבט אַ יונגעלע,
ס'געהט מיר גאָר נישט אײַן;
אוי, איז דאָס אַ יונגעלע,
אַ שענס און אַ פײַנס,
מיט די שװאַרצע אויגעלעך,
קע—ע—צעלע מײַנס...

———————

# IX.

## רבקה'לע שרייבט תנאים.

אין קיך פון דער רביצינס וואהנונג ברענט די ארבייט אונטער די הענד. די פנימ'ער סמאליען פון היץ און פייער: מען באקט, און מען פרעגעלט, מען קאכט און מען בראט. אויסער די שטענדיגע דינסטען פון „הויף", זענען פרומע ווייבער זיך צונויפגעקומען, יודענעס, וואס רבקה'לע האט פאר זייערע קינדער העמדעלעך גענייעט, און סתם יודענעס פון שטאדט, אויף רבקה'לעס תנאים זיך „פרייען"...

מען ווארט נישט אויף קיין כיבוד, אויף קיין בעפעהל: קומט א פרומע יודענע צולויפען, מיט א פרום שמייכעלע אויף די ליפען. איז נישט זי פרעגט ביי קיינעם, נישט איהר עסק, צו מ'דארף זי יא האבען, צו מ'קאן זיך אפשר אהן איהר בעגעהן... גלייך געהט זי צו דער קיך צו, שטעקט פריהער דאס קעפעל אריין און דערזעהט זי דעם טאראראם, לאזט זי זיך גלייך דער שוועל אריבער, ברוט-אויס די פאטשיילע און פערשטופט זי ערגעץ צווישען א קאסטען. א רגע בלייבט זי שטעהן אין מיטען שטוב מיט פערלעגטע הענד און קאן זיך קיין ארט נישט געפינען, פלאנטערט זיך פאר די פיס, שטעהט יעדען אין וועג... דערזעהט די יודענע, אין וואס פאר א משונה'דיגע פערלעגענהייט זי געפינט זיך, חאפט זי א בראט-פענדעל, א שעפ-וואסער, א שאר-אייזען, לויפט דערמיט איבער דער שטוב ארום און „פארעט" זיך לכבוד רבקה'לעס תנאים... און אזוי נאך א יודענע און נאך א יודענע, און אין דער קיך איז שוין נישט א פוס ארייננצושטעלען...

יודענעס מיט קיישלעך אונטער די ארעמס, און אין די קיישלעך איז כל-טוב פארהאן, געהען אריין און ארויס, לעדיגען אויס די קיישלעך מיט כל-טוב אין מיטען שטוב, ווינשען דעם „הויף" אלדאס גוטס, און מיט די לעדיגע קיישלעך אונטער די ארעמס לאזען זיי זיך צוריק אין מארק אוועק; א מאהק-יודענע, וואס האט צווישען איהרע עופות א שענעם אינדיק דערזעהן, טראגט זי נישט לאנג, חאפט דעם אינדיק און לויפט מיט צושפרייטע פליגעל אין „הויף" אריין — לכבוד רבקה'לעס תנאים.

און עס האַבּט זיך, דער מאַרק, די שטאָדט, קרעמער און סתם יודען, האָבּען אויף היינטיגען טאָג זייערע אייגענע דאגות פאַר זיך און פאַר זייער הויזגעזינד אויסגעטריבּען, און אַלע זענען זיי פאַר־נומען און „פאָרען" זיך לכבוד רבקה'לעס תנאים...

און אין „הויף" האָבּען זיך די חסידים צונויפגעזאַמעלט, אַלע זענען פון די „סטאַנציעס" אַרויס, זיך די שבת'דיגע מלבושים אָנ־געטהון און אין „הויף" אַהער: אָט נאָר וואָס דאַרף דער צוג אָנקומען און מען וועט די מחותנים אַנטקעגען פאָהרען.

לייזער דער משרת האָט דעם רבינ'ס קאָטש פון שטאַל אַרויס־געשלעפּט, האָט די אַרבעל פון העמד פערקאַשערט און גיעסט עמערס וואַסער אויף די רעדער.

דען וואָבּען־לאַנג שטעהט די קאָטש אין ווינקעל שטאַל צווועק־געשטעלט און קיינער בּענוצט זיך ניט מיט איהר. וואָבּען־לאַנג שטעהען די פערד אין שטאַל, פיטערען זיך טאָג־איין טאָג־אויס אין די קאָריטע, מעלה־גרה'ן גלאַט אין דער וועלט אריין, און טרעטען די שוועל פון שטאַל נישט איבער... סיידען נאָר, ווען דער רבי דאַרף אויף עטליכע וויאָרסט צו אַ קבלת־פנים פאָהרען, און אויך זעלטען ווען, אין אַ זומער־פאַרנאַכט, הייסט דער רבי די קאָטש שפּאַנען און מיט אַ משניות'ל אונטער'ן אָרעם פאָהרט ער אין וואַלד אַריין שפּאַצירען, גאָט'ס שענע וועלט אָנקוקען...

עס ווייזט זיך שלום משמש אין רבינ'ס פענסטער און אַ פער־שוויצטער ווייזט ער מיט די הענד צום עולם:

— די קאָטש!...

ווערט אַ טומעל צווישען עולם. אַלע חסידים, אַלט און יונג, רינגלען די קאָטש אַרום. לייזער משרת ווערט אויף צעהן איילען ווייט אַוועקגעשלייַדערט, חסידים נעהמען די קאָטש שפּאַנען, קריכט איינער אויפ'ן דישעל, דער צווייטער אויף אַ ראָד, ממש אויף די הענד ווערען די פערד פון שטאַל אַרויסגעטראָגען. האַפּענדיג און איילענדיג ברענט די אַרבייט פון די הענד, און טוהען טהוט מען דאָס מיט אַזאַ האַרציגע ערנסטקייט, ווי אַ פרומער יוד, בשעת ער וועלגערט מצה־שמורה לכבוד פּסח...

ר' ירחמיאל דער דאָזאָר פון שטעדטעל, האָט געלאָזט זיין דראָזשקע שפּאַנען און אַהין געשיקט אין „הויף", פאַר דער רביצינ'ס וועגען, ענטקעגען דער מחותנת'טע צו פאָהרען.

און פֿערבאָרעט איז איצט די רביצין זאָל געזונד זײַן, [illegible] גְהרליכע יודענעס, אין גאָלד און אין יחוס געקניטען, וואָס תּכריך זיך אין דער רביצינס שטיב, און האָבען די זכיה מיט דער רביצין צו רעדען, זענען איצט אמתע שטיב־מענשען געוואָרען, אײנע שטײַגט די צווייטע איבער און פֿלײַסט זיך די רביצין בעהילפֿיג צו זײַן, איהר אַלץ צו דער האַנד דערלאַנגען.

און די רביצין האָט זיך אין די שבת׳דיגע מלבושים, אינ׳ם ייִנגסטען און בעסטען אָנגעקלײדעט. פֿון אויבען ביז אַראָב אין צירונג בעהאַנגען. און די רביצינס פּנים שטראַהלט פֿון פֿרייד און שמחה, און אַ גליקליך, זיס שמייכעלע איז אויף איהר אויסגעגאָסען: „געלויבט דער אייבערשטער, וואָס מען האָט דאָס דערלעבט!“.

און אין „הויף“ האָבען שוין די חסידים די אײַנגעשפּאַנטע קאָטש פֿאַר׳ן רבינ׳ס טהיר צוגעגרייט.

דער רבי מיט זײַנע מקורבים, האָבען זיך אין דער טהיר געוויזען, און דער עולם האָט אַ ווענ געמאַכט:

— דער רבי, דער רבי!...

דער רבי פֿאָהרט!

דער רבי מיט לייבעלען זענען אינווענינ אין דער קאָטש געזעסען, אין דער הויך אויף די קאָזלע האָט לייזער משרת די פֿערד געטריבען און אַרום איהם האָבען זיך חסידים בײַ די זײַטען און אויפ׳ן דישעל נאָכגעהאַנגען, און נאָכגעלאָפֿען זענען חסידים פֿון פֿאָרענט און פֿון הינטען, יעדעס מאָל האָט ווער זיך געפּרובט אויף די קאָזלעס תּאַפּען, מיט איין האַנד זיך בײַ אַ קאַנט אָנגעהאַלטען, איין פֿוס צווישען די איבעריגע פֿיס אײַנגעפּלאָנטען, דעם צווייטען פֿוס אויף דער ערד נאָכגעהאָפּצעט, אַזוי, אַז מען וויל, קאָן מען דאָס אָנרופֿען, ער פֿאָהרט אויך אויף די קאָטש, און אַז מען וויל דוקא, קאָן עס הייסען, ער געהט צו־פֿוס...

דער רבי פֿאָהרט!

קרעמער און יודען האָבען האַק און פּאַק אַוועקגעוואָרפֿען און נאָך דער קאָטש נאָכגעלאָפֿען, ווײַבער האָבען זיך פֿאַר די טירען פֿון זייערע קראָמען געשטעלט און פֿרום האָבען די ליפּען געשעפּטשעט:

— אַז וואויל און ליכטיג, טאַטע זיסער, איז דעם, וואָס איז צו אַזאַ גדולה אויף דער וועלט זוכה...

און היינט איז פון „הויף" די דראָשקע מיט די רביצין און פרומע מיוחסדיגע ווייבער אַרויסגעפאָהרען. אין פענסטער צום דרויסען זעהען רבקה׳לע און דבורה׳לע געשטאַנען און שטיל-שווייגענדיג מיט די בליקען די דראָשקע בעגלייט...

— די רביצין פאָהרט!

און די ווייבער זעהען פון די קראָמען אויף דער גאַס אַרויס און מיט קנאה געקוקט אויף די מיוחסת׳דיגע ווייבער, וואָס האָבען דאָ זוכה צוזאַמען מיט דער רביצין אין דער דראָשקע צו פאָהרען...

— אַז וואויל און לעבּיג, טאַטע זיסער, איז דעם, וואָס איז צו אַזאַ גדולה אויף דער וועלט זוכה...

די קאָטש מיט די דראָשקע זעהען פון מאַרק אונטער דער שטאָדט אַרויס און פון דאָרט ווייט-ווייט אַוועק אויפ׳ן שאָסיי, פון וואַנען מ׳וועט באַלד אַ חתן פאַר רבקה׳לען ברענגען...

און רבקה׳לע איז נאָך אַלץ ביים פענסטער געשטאַנען, די אויגען טיעף אַהין אויפ׳ן שאָסיי געזענדעט, דאָס יונגע האַרץ האָט געקלאַפּט, געצאַפּעלט, אונגעדולדיג ערוואַרט: אָט באַלד, אָט באַלד, און זי וועט זעהען דעם בעשערטען, וואָס גאָט האָט איהר צוגעשיקט...

— — — — —

דער רבי מיט׳ן עולם זעהען שוין עטליכע וויאָרסט אָבגעפאָהרען, מען האָט דעם וואַלד דורכגעשניטען און אויפ׳ן צווייטען שאָסיי אַריבער. דאָרט אויף יענער זייט שאָסיי האָט זיך פון דערווייטען אַ וואָלקען-שטויב דערזעהען, דער וואָלקען האָט זיך פון דער ערד אויפגעהויבען און זיך אַהער דערנעהנטערט...

— דער רבי פאָהרט!

דער וואָלקען האָט זיך אָבגעשטעלט, דער שטויב האָט זיך אין דער לופט צושפּרייט און פון אונטער דעם שטויב-נעבעל האָבען זיך צוויי קאַרעטעס געוויזען, איינע פון די צווייטע ווייט אָבגערוקט: אין דער ערשטער קאַרעטע איז אין אַ ווייסען זיידענעם חאַלאַט דער האַשטשינער רבי געזעסען, נעבען איהם — דער חתן מרדכי׳לע, אַ שוואַרץ-חנ׳עוודיג יונגעל מיט פערחלומטע אויגען און געקרייזעלטע פאות; דער עלטערער זוהן און איידים, אַרום זיי — עטליכע מקורבים און משמשים, ביי די זייטען און אויף די קאָזלעס בעלעגערט; אין דער צווייטער קאַרעטע — די האַשטשינער רביצין אין גאָלד און בריליאַנטען בעהאַנגען מיט איהר שנור און טאָכטער.

אויף א רגע זענען די קארעטעס שטעהן געבליבען. באלד האבען די משמשים פון ביידע צדדים איינער צום צווייטען א וואונק געטהון, און אויף דעם וואונק האבען די בעלי־עגלות פון ביידע צדדים, וואס האבען די קארעטעס פון די נשים אנגעטריבען, א שמייס געגעבען זייערע פערד און זיך אן א זייט פערקירעוועט. די צוויי קארעטעס, אין וועלכע ס'זענען די רביצינ'ס געזעסען, זענען ארוי'ס פון דער שורה און זיך אויף אנ'אנדער וועג געשניטען.

און פנים אל פנים האבען זיך די צוויי קארעטעס מיט די רבי'ים בעזונדער און די צוויי קארעטעס מיט די רביצינ'ס בעזונדער אבגע־שטעלט.

דער רבי איז פון דער קאטש ארוי'ס און צו זיין מחותנ'ס קארעטע צו:

— שלום־עליכם, מחותן.

— עליכם־שלום, מחותן, דאס איז דער חתן...

און באלד האט זיך דער עולם א לאז געטהון, א מבול פון הענד האבען זיך געצויגען, איינע אין דער צווייטער איינגעפלאכטען.

— שלום־עליכם, רבי.

און די הענד האבען זיך אויף צוויי לאגערען צוטיילט, די חסידים פון צוויי צדדים און צוויי שטעדט האבען זיך מיט די שלום־עליכמ'ס געגעבען, די חסידים פון איין צד האבען די הענד אויס־געשטרעקט צום רבי'ן פון צווייטען צד, און געדאכט האט זיך דא אויפ'ן ארומיגען פוסטען שאסיי, אז דאס האט גאט זיינע צווייטע און צושפרייטע קינדער פון צוויי עקען וועלט צונויפגעבראכט, און דא, צווישען די צוויי לאנגע שורות בוימער, וואס שטעהען ביי ביידע זייטען וועג, ווי די שטומע עדות, איז א שלום געשלאסען געווארען...

און ביידע „גוטע יודען" מיט דעם חתן זענען אין איין קארעטע אריין. אין דער צווייטער — האבען זיך די צוויי צדדים חסידים אריינ־געשטופט, דער עולם האט א פרעהליכע אונטערגעחאפט און מיט שטורם און געזאנג צוריק אויפ'ן וועג צו דער שטאדט געלאזען.

און דאס וועלכע איז דארט אויף דער צווייטער זייט שאסיי צווישען די צוויי קארעטעס מיט די רביצינ'ס פארגעקומען. ביידע רביצינ'ס האבען זיך אין איין קארעטע אריינגעזעצט, מיט שטראהלענדע פנימ'ער, אויף וועלכע ס'איז אויסגעגאסען געוועזען: „געלויבט איז גאט, וואס מיר האבען דאס דערלעבט", און מיט נחת און גליק־

שמייכלענדיק, פאַרנאַכטענדיג זיך אינ'ם חסידישען געזאַנג, וואָס האָבען זיך פון יענע קאַרעטעס געהערט און אין ביידע זייטען וואַלד אָבגעקלונגען — האָבען זיי זיך צוריק אויפ'ן וועג צו דער שטאָדט געלאָזען.

און די גאַנצע שטאָדט האָט זיך אין צוויי לאַנגע שורות אויסגעשטעלט און אַ וועג פאַר די מחותנים געמאַכט, און רעכטס און לינקס האָבען די צוויי לאַנגע שורות שמייכלענדיג די קעפּ געשאָקעלט:

— מזל־טוב, רבי, מזל־טוב.

און דער רביצינ'ס פענסטער זענען דבורה'לע און רבקה'לע געשטאַנען און צאַפּלענדיג און גאַרענדיג, מיט רויט פאַרגאָסענע פּנימ'ער, אָנגעשטעלט זייערע אומגעדולדיגע בליקען אויף די קאַרעטעס, וואָס האָבען זיך צום „הויף" דערנעהנטערט.

— דיין חתן, רבקה'לע, דיין חתן פאָהרט...

— וועלכער, דבורה'לע... וועלכער איז עס?...

* *
*

אַ שענע, ליכטיגע זומער־נאַכט. דאָס שטעדטעל האָט טויער און לאָדענס פערמאַכט און אין טיעפען שלאָף פערוויגט. שטיל איז אין די געסלעך, ווען ניט ווען ווערט דאָס שטילקייט איבערגעריסען פון די שווערע טריט פונ'ם נאַכט־וועכטער, פון אַ שטיל שושקעריי צווישען אַ בחור און אַ מיידעל, וואָס האָבען זיך אין אַ זייטיג געסעל, אין דער שטילער נאַכט, פערגנב'עט און פערטרויען זיך דעם ליעבע־סוד, וואָס נאָגט אין די יונגע הערצער... ווען ניט ווען רייסט דאָס שטילקייט איבער אַ הילכיג חסידיש געזאַנג, וואָס טראָגט זיך פון רבינ'ס „הויף" און צוגיסט זיך איבער'ן שטעדטעל, דרינגט אין די שטילע געסלעך אַריין, בלייבט דאָן אויף אַ ווייל'ע דעם וועכטער'ס שווערע טריט אָבגעהאַקט, אַ פערגאַפטער בלייבט ער שטעהן אויף זיין אָרט, קוקט זיך אום אין אַלע פיער זייטען פון דער וועלט, און הויבט מיט דער פּלייצע: „וואָס איז דאָס פאַר אַ שהענטאָ, דאָרט ביים ראַבין?"... און אויף אַ וויילע ווערט דאָס שושקעריי פונ'ם שפּאַציערענדען בחור און מיידעל איבערגעריסען, ביידע הערצער טהוען ליכט אַ צאַפּעל, מען קוקט זיך אויף אַלע זייטען אַרום, צו האָט דאָס ניט ווער זייערע פערגנב'עטע טריט

עֶנטפערקט?... נאָר באַלד דערזעהט מען די אומזיסטע שרעק און מען שמייכעלט ליעבליך:

— ס׳איז גאָר נישט... רבקה׳לע דעם רבי׳נס שרייבט איצט תנאים...

דער „הויף" איז אין א יום-טוב-מאַנטעל פערהילט, פרייד און נחת שוועבט איבער אַלעם און אויף אַלע. אינ׳ם גרויסען בית-המדרש זענען בּרייטע, לאַנגע טישען אויסגעשטעלט און אויף די טישען און אַרום די טישען זענען חסידים צונויפגעפּאַקט, שטריימעלעך און סאַמעטענע היטלען זענען אין א נעבעל פון ציגאַרען-רויך אויסגעמישט... אויפ׳ן טיש זענען גאַנצע שורות מיט שווערע זילבערנע לייכטער אויסגעשטעלט און בּעגיסען מיט שטראָמען ליכט דאָס בית-המדרש. דער אויבּענאָן פונ׳ם טיש איז מיט תורה און יחוס בּעזעצט, בּיידע „גוטע יודען", די מחותנים, זיצען דאָרט איינער נעבּען צווייטען און רוהיג, שטיל, בּעוועגען זיך זייערע לאַנגע בּערד און קורצע שמייכעלעך, וועגען הויכע ענינים, ווערען צווישען די צוויי „גוטע יודען" געפיהרט, געצעהלטע דבורים, געצעהלט און איבּערגערעכענט, ווי פּערעל; זאָגט איינער עפּעס, מאַכט דער צווייטער א בּעמערקונג פון צוויי ווערטער, צוויי, ...רטער נישט מעהר, די רענדעל איז יעדעס וואָרט...

פון צווישען די הויכע רבּי׳שע שטריימלעך און ווייסע זיידענע חאַלאַטען זעהט זיך קוים אַרויס דער חתן, אין אַנ׳אַטלעסען-קאַפּאָטקעלע און זיידען גאַרטעלע. אויף דעם שוואַרץ-חנ׳עוודיג פנים בּעקרוינט מיט די צוויי געקרייזעלטע פּאה׳לעך, איז עפּעס א שטילער אומעט און א בּענקשאַפט, א מין שבת׳דיגע בּענקשאַפט, אויסגעגאָסען. נאָר איין גאָט ווייסט, וואָס בּעדייט דער דאָזיגער אומעט, וואוהין ציהט די דאָזיגע בּענקשאַפט...

און דאָרט, אין דער רביצינ׳ס שטוב, טהוט איצט חסידות און נגידות פון אַלע ווינקעלעך פינקלען. די רביצין, מחותנת׳טעס, און פרומע, יחסנ׳ישע יודענעס, פון וועלכע ס׳האָט גאָלד און בּריליאַנטען געבּלישטשעט, האָבּען זיך אין גליק און נחת געבּאָדען. אויבּענאָן זענען די מחותנת׳טעס געזעסען, און קורצע שמועסלעך פון געצעהלטע ווערטער ווערען צווישען די צוויי יחסנ׳ישע רביצינס געפיהרט, געצעהלטע ווערטער, ממש עס פּאַסט גאָר אַזעלכעס נישט פאַר קיין יודענעס... מעשות און קלוגע שענע מוסר-ווערטלעך דערצעהלט

מען זיך, פֿון טאַטעס און זיידעס, וואָס האָבען מיט זייער חכמה און צדקות אויף דער וועלט געשימט. פֿון מאַמעס און באָבעס, וואָס זענען מיט צניעות און גוט־האַרציגקייט פֿון גאָט געזען געבענשט...

צווישען די מחותנת'טעס זיצט רבקה'לע די כלה, אין אַ ווייסען תנאים־קלייד און ציערונג, וואָס די מחותנת, די האָשטינער רביצין, האָט פֿאַר דער כלה מיטגעבראַכט, און אויף איהר בלייך 'נאַאיווע פנים איז צגיאומעט און אַ מין בענקשאַפֿט אויסגעגאָסען. נאַר איין גאָט ווייסט, וואָס בעדייט דער דאָזיגער אומעט, וואוהין ציהט די דאָזיגע בענקשאַפֿט...

אין דער קיך, ביי די שיסלען פֿון די טהירען און אין דרויסען אַרום די אָפֿענע פֿענסטער זענען ווייבער אין מיידלעך געשטאַנען און נישט דרייסט אין דער שטוב אַריינגעקוקט, מיט די פֿינגער געטייטעלט און שטיל געשושקעט זיך. פֿרומע יודענעס האָבען פֿרום די אויגען אין דער הויך אויפֿגעהויבען און מיט די קעפּ געשאָקעלט:

— ווי געלויבט האַרציגער פֿאָטער, אויף דער שטוב דאָ טהוט דאָך רוהן שכינה רוהען...

---

שפּעט אין דער נאַכט איז שוין געווען. אין בית־המדרש האָט מען שוין נאָכ'ן „בענשען" געהאַלטען, די מחותנים זענען אַהעך אין אַ בעזונדער חדר. דער עולם חסידים, ווי ס'וואָלט זיי אַ שאָד זיין פֿון דעם יום־טוב אַוועקגעהן און צוריק אין די וואָכעדיגע מלבושים און צו די וואָכעדיגע דאגות זיך אומקעהרען, האָבען די טישען און די בענק אָן אַ זייט פֿערהוקט און אַרקידה'לע געגאַנגען, מען האָט זיך פֿרעהליכּם געזונגען און ווער ס'האָט נאָר אַ האַנד געהאַט, יאָ אַ חסיד, נישט קיין חסיד, האָט זיך אָן צווייטענס גאַרטעל אָנגעהאַלטען און די פֿיס מיט התלהבות געהויבען... ווייַן און ביער האָבען זיך אויף די פֿאַדלאָגעם געגאָסען, יונגע־לייטלעך, קונדסים, האָבען ווי צו שמחת־תורה זייערע קונדסישע שטיק בעוויזען, דער עולם האָט חדוה'דיג מיט די הענד צוגעפּאַטשט און איין זמר'ל נאָכ'ן צווייטען אונטער־געחאַפּט:

דער רבי האָט געהייסען פֿרעהליך זיין,
טרינקען בראָנפֿען, נישט קיין ווייַן...

אין דרויסען, אויפֿ'ן „הויף" האָט אַ פֿערשוויצטער עולם יונג־געשפּאַציערט, ציגאַרען גערייכערט און וועגען דעם חתן געשמועסט.

שאַרפֿע יונגעלײַטלעך, עלוי'שע אידעמלעך, וואָס ווײַזען זייער גדלות אין פּשטלעך אַרוים, האָבען איצט דעם חתן אַרומגעזוכט:

— וואו איז דער חתן? —

— אַוודאי דאָרט בײַם רבי'ן אין חדר.

— די מחותנים זענען איצט צוזאַמען, אין תורה 'שמועסט מען.

— דער רבי, זאָגט מען, האָט איהם בײַם „טיש" אַ שאַרפֿען שטעל געגעבען, נאָר דער „קליינער" האָט זיך נישט געלאָזט...

— וואו איז דער חתן?

דאָרט ווייט אַראָב פֿונ'ם „הויף", אויפֿ'ן וועג, וואָס פֿיהרט אין גאַרנאָזער וואַלד, האָבען מרדכי'לע מיט דוד'ן צווישען די בוימער שפּאַצירט און זיך די הערצער אויסגערעדט...

---

# X.

## צוויי חברים.

שטיל, מיט פֿאָרזיכטיגע טריט, האָבען זיך צוויי חברים געלאָזען אויפֿ'ן וועג, וואָס פֿיהרט אין גאַרנאָווער וואַלד.

דורך די געדיכטע בוימער-צווײַגען, האָבען טונקעל-גרויע פֿאַסען אַרײַנגעדרונגען און בעגאָסען דעם וואַלד מיט אַ גרויע פֿליסיגקייט. טאָג און נאַכט האָבען זיך צונויפֿגעמישט און שטילערהייד האָבען זיי זיך געראַנגעלט און געקעמפּפֿט; איינער איז אין צווייטענס גבול אַרײַן, ליכט און פֿינסטערניש האָבען צווישען זיך אַ מלחמה געפֿיהרט; דאָס האָט די וועלט אַרום זיך געוואָלט בעפֿרײַען פֿונ'ם פֿינסטערען קאָשמאַר, וואָס האָט ווי אַ שווערע פֿרעס אויף איהר האַרצען געדריקט...

און מיט אַזעלכע רעיונות זענען אוי'ך איצט איבערפֿולט געווען די מוחות פֿון די צוויי חברים, וועלכע זענען שטילשווייגענדיג מיט טיעף-פֿערטראַכטע אויגען געזעסען איינער נעבען צווייטען אויף אַ ברייטען אונטערגעזעגטען בוים-שטאַם אי'ן געוועלט פּאַסענדע ווערטער זייער געשפּרעך אָנצוהויבען.

— אָבער אַזוי אומגעריכט! — האָט דוד ענדליך איבערגעריסען

די שטילקייט — אזוי אומגעריכט!... וואלטשו מיר געמייגן חגעטש א בריוועל שרייבען.

— אומגעריכט. כ'האב עס אליין נישט געוואוסט...

— און דו האסט גלייך מסכים געוועזן?

א ברירה האב איך געהאט? מ'האט אין „הויף" די קאטש געשפאנט און געהייסען, כ'זאל מיך גרייטען אין וועג אריין...

— און האסט געפאלגט?...

— זעהסט דאך...

— וואס הייסט?... און די פלענער דיינע, וואו זענען? און די בילער? און דיינע פאנטאזיעס און שטרעבונגען?... געדענקסט, מרדכי'לע, יענע זומער-פארנאכטען, ווען כ'פלעג דיך דארט אין חאשטין אונטער דער שטאדט אבוואדטען, אינ'ם טינקעלען בין-השמשות פלעגסטו זיך פון בית-המדרש ארויסגנבעגען, פערקירעהען דורך הינטער-גאסען און דארט אויפ'ן פעלד זיך מיט מיר בעגעגענען?.. געדענקסטו—און ווי לאנג איז עס דען?—מיט וואס פאר א ערביטערונג דו פלעגסט דאן רעדען וועגען „הויף" און וועגען „הויף-לעבען", און די דארטיגע התנהגות... ווען דו פלעגסט פאר מיר דיין הארץ עפענען, ענטפלעקען דיינע אינערליכע ליידען און דערצעהלען וועגען דיינע שטרעבונגען אין דער צוקונפט, דיינע האפנונגען וועגען דער נאהענטער צייט, ווען דו וועסט מיט א מאל זיך בעפרייען פון די „הויף"-קייטען און לעבען מיט אייגענעם ווילען און אייגענעם פערשטאנד, געדענקסטו אט יענע זומער-פארנאכטען?...

— מאכסט מיר פארווירפע? דו בעשולדיגסט מיך?

— ניין, כ'בעשולדיג נישט, נאר כ'בעדויער דיך, און נישט דיך אליין, נאר פיעל, פיעל אזעלכע, ווי דו. ס'איז דער גורל פון אונזערע מייסטענס פויליש-חסידישע בחורים... עס בליהט די יוגענד, מען קריכט ארוים פון די אייער-שאלעכטס, ס'עפענען זיך די יונגע אייגעלעך און מען קוקט זיך אויף גאט'ס ליכטיגע וועלט ארום... און די וועלט ווייזט זיך אזוי שען, די צוקונפט בלישטשעט פון דער-ווייטען אזוי ליכט-פארביג!... וויעגט זיך דאן די יוגענד אין זיסע ליעבע חלומות, שוועבט אין א וועלט פון שענע פאנטאזיעס, און פון די פאנטאזיעס ווערט אן'אידעאל געבוירען... פאנטאזירט מען, חלומ'ט מען, לעבט מען מיט'ן שענעם אידעאל און מיבויט זיך טורעמס אין דער הויך, ביז... א שרכן ווייזט זיך אין דער טהיר, מען

שפּאַנט־אַיין די בריטשקע און מפירט דעם יונגען פאַנטאַזיאָר אויפ'ן מאַרק אַהעק, וואו עס ווערען צווייַ ווילד־פרעמדע קינדער פערשלייערט, פערקויפט פאַר אַ ביסעל גאָלדענע ציערונג, מיט לע־קעך און בראָנפען פערביסען... און — פערשוואונדען די גאָלדענע יוגענד מיט איהרע זיסע חלומות, שענע פאַנטאַזיעס און ליכטיגע צוקונפט... און אַזוי אומגעריכט, אַזוי אומגעריכט!...

די צווייַ חברים האָבען זיך פון זייער געזעס אויפגעהויבען און מיט לאַנגזאַמע טריט זיך געלאָזט געהן אין טיעפען וואַלד. דער גרויער פרימאָרגען איז אַלץ העלער און קלאָרער געוואָרען.

דוד האָט ווייַטער גערעדט:

— און זעה, געליטען האָסטו, שטיל פאַר זיך די לייַדען איבערגעטראָגען. געליטען מיט דער האָפנונג, דאָס אַ מאָמענט וועט קומען און פון אַלעס וועסטו זיך מיט אַ מאָל באַפרייַען, אַ פרייַ זעלבסטשטענדיג לעבען אָנהויבען צו פיהרען, און איצט?... גע־קומען איז דער מאָמענט — און שוואַך מיט אָראָבגעלאָזענע הענד ביזטו געבליבען שטעהן. געשוועבט האָסטו ביז איצט אין אַ וועלט פון שענע חלומות און פלוצים ביזטו געבליבען מיט אונטערגעהאַקטע פליגעל... וועגען מיטה און העלדישקייַט האָסטו געטראַכט און האָסטו זיך מיט דער ווירקליכקייַט בעגעגענט — איז דאַן אַלעס צו נישט געוואָרען, פערשוואונדען. די הענד האָבען זיך בייַ דיר נישט געהויבען... אונטערגעגעבען האָסטו זיך, דער אייזערנער ווילען פונ'ם „הויף" האָט דייַן אייגענעם בעשרענקט. וואָס זשע שטעהט דיר איצט אין דייַן צוקונפט פאָר? אַ פערמאַסקירט לעבען, מרדכי'לע, וועסטו פון איצט מוזען פיהרען, געצוואונגען וועסטו זייַן צו שפּיעלען אַ „הויף"־ראָלע, אַזעלכע, וואָס איז דער היפּוך פון דיינע איבער־צייַגונגען, מיט אַ פרום כשר'ע מינע וועסטו רעדען אַזעלכעס, וואָס אין האַרצען טראַכסטו פערקעהרט... און ווער ווייסט? איבער הונדערט און צוואַנציג יאָהר וועסטו דאָך אויך מן הסתם די רבי'שע שטיהל ירשנ'ען: דו וועסט די „גאָלדענע קייט" פון דער דינאַסטיע ציהען. פון נאָהענט און ווייַט וועלען חסידים קומען, אונטער דיינע פליגעל זיך בעשיצען און אַ ברכה פון דיר נעהמען. וועבער וועלען דייַן טהיר בעלעגערען מיט די „קוויטלעך" און „פדיונות" אין די הענד, דו זאָלסט זיי פרנסה און קינדער געבען, אַ „גוטער יוד" וועסטו זיין, און אימוועניג אין דייַן האַרץ?... אַליין וועסטו אין זיך נישט

גלִיבֶּען און הֶעלְפֶען וועֶסְטוּ, דאָס אַנדערע וואָלען אין דיר גלייבען...
האָסטוּ דען אַלֵיין מיר נישט אַמאָל אָנגעוויזען אויף אַ גאַנצען
צעטעל פון יונגע „גוּטע יודען“, וואָס אין יעדער יוגענד זענען זיי
משׂכּילים געוועזען, און איינער פון זיי — האָסטוּ מיר דערצעהלט —
האָט אין אַ געוויסען אָרט אַ פערשלאָסען שאַפקעלע מיט ביכער
געהאַט... און איצט, נאָך דער פּטירה פון זייערע עלטערען, האָבען זיי
דאָס התמנות איבערגענומען און זענען די פאַסטוכער פון די שאָף
געוואָרען... און דו? — וועסט דען נישט דיין גורל, מרדכי'לע, דער
זעלבער זיין?...

ער האָט שטיל געשוויגען. אַ שטיק צייט זענען זיי אַזוי אין
די דאָזיגע שווער־שוויַיגענדע פּאָזע געגאַנגען לאַנגזאַם, וואַלד־אויף,
וואַלד־אָפּ. ענדליך האָט מרדכי'לע די שטילקייט איבערגעריסען:

— אַזוי האָט עס געמוזט זיין, דוד. איך האָב נישט געקאָנט
אַנדערש. דו דאַרפסט מיר, דוד, פערשטעהן... געליטען האָב איך די
לעצטע צייט, אונענדליך געליטען, געשראָקען האָט מיך דער שיקזאַל,
וואָס דער „הויף“ האָט זיך געגרייט אויף מיר אַרויפצולעגען. איך
האָב געליטען, געגרייט האָב איך זיך פעסט געגענצושטעלען, געוועז
מאָמענטען, ווען איך האָב אָנגענומען אַ פעסטען בעשלוס די קייטען
צו צוריַיסען און זיך ניט אונטערצוגעבען... נאָר געוואַקעלט האָב איך
זיך פאָרט צווישען יאָ און ניין... איך האָב ניט געוואָלט קיין
בלינדער פאַנטאַזיאָר זיין: איינגעזעהען האָב איך, אַז דער שריט,
וואָס כ'וועל מאַכען, וועט מיר קיין נוצען ניט ברענגען. וואָרום
שטעל דיר פאָר, דוד: איך וואָלט אָנגעהויבען אַ קאַמפף... נו, איז
וואָס? אין וואָס, מישטיינס־געזאָגט, וואָלט דער קאַמפף בעשטאַנען?
אויף אַרויסצוריַיסען זיך פון „הויף“ און אָנהייבען פיהרען אַ פריַי
לעבען, לויט אייגענעם ווילען און איבערצייַגונג. דאָס, וועסטוּ דאָך
מיר מודה זיין, דוד, איז ביַי מייַנע איצטיגע אומשטענדען, ווען איך
געפין זיך אין „הויף“ און אין זיין סביבה, פשוט אונמעגליך. אַוועק־
פאָהרען, זאָגסטו? ענטלויפען? — וואוהין? און וואָס וועל איך
אין דער פרעמדער שטאָדט טהון? — נעהמען זיך דאָרט צו בילדונג,
צו קענטנים? פון וואַנען וואָלט איך אָבער, ראשית, די מיטלען דערצו
גענומען? און צווייטענס, ווייסטו דאָך, דאָס די השפּעה פון מיין
פאָטער איז אין אַלע גרעסערע שטעדט פון פוילען פערשפּרייט.
אומעדום זענען זייַנע חסידים פאַרדאַן. תיכף וואָלט די זאַך מפורסם

געוואָרען, אונגעהייערע חרפות און בושות וואָלט דאַן דעם „הויף“ און מיר פאַרגעשטאַנען, בערגרעסערט וואָלט דאָס נאָך מיינע שמערצען און די שמערצען פון מיין פּאָטער, דער רבי. האָב איך דען געקאָנט טהון אַזעלכעס?

— היינט וועגען וואָס פאַר אַ „קאַמפּף“ רעדסטו? צו דען רעכענסטו פאַר אַ „קאַמפּף“ דאָס, וואָס איך וואָלט זיך איינגעעקשונט, דאָס איך וויל ניט דעם שדוך טהון?... איז וואָס וואָלט דערפון אַרויס־געקומען? איך וואָלט זיך אַרויסגעדרעהט און אָבגעשטופּט נאָך אַ האַלב יאָהר, צו אַ יאָהר, צו אַפּילו צוויי — וואָס דאָס איז גאָר אַפּילו לגמרי אין „הויף“ אונמעגליך — נו, וואָס וואָלט דאַן געוועזן? פריהער מיט אַ האַלב יאָהר, צו־שפּעטער, איך וואָלט דאָך פאָרט, ווען עס איז, זיך געמוזט אונטערגעבען און אין אַ „הויף“ אַריינפאַלען, וואָס זשע וואָלט איך פונ'ם „קאַמפּף“ אויסגעשפּיעלט?..

— און איך מוז דיר זאָגען, דוד, — האָט מרדכי'לע נאָך אַ קורצען שווייגען וויעדער געווענדעט זיך צו זיין חבר — עטליכע מינוטען נאָך ווי איך האָב היינט דעם רבינ'ס טאָכטער, רבקה'לע, געזעהען, און, דוד, ווי זי האָט אויף מיין האַרץ געווירקט! איך פיהל, ווי איך בין געוואָרען אין איין מינוט צו איהר פעסט צוגעבונדען...

די צוויי חברים זענען אַ ווייַלע געבליבען שטעהן פערטראַכט, יעדער האָט זיך אין זיינע אייגענע מחשבות פערזונקען... דער פריה־מאָרגען איז שוין אַ העלער און ליכטיגער געוועזן. שטיל־שווייגענדיג האָבען זיך די צוויי חברים צוריק וואַלד־אויס געלאָזט געהן, ביים וואַלד־גרענעץ האָבען זיי זיך שטיל געזעגענט און פעסט די הענד געדריקט:

— ווי שען זי איז, דוד, ווי צאַרט!... איך ליעב זי!...

---

## XI.

## ...אדיים, אדיים...

דער עולם איז היינט, נאָך דער תנאים־נאַכט, אויפ'ן ווייסען טאָג פערשלאָפען, און האָט ווער די אויגען געעפענט, איז ער גלייך

מיט זריזות פֿון געלעגער אַראָב און אין „הויף" אַוועק, זיך צו דער נסיעה צו־אײַלען.

און אין „הויף" גערט ערשט אַליין צו בחפזונדיג: ס'איז אַוועק די נעכטיגע מנוחה, פֿערשוואונדען די שמחה־שטראַהלען פֿון די אויגען. אַ וואָלקען פֿון דאגה איז שוין איצט אויף די פּנימ'ער צו בעמערקען. מ'האָט זיך איבערגעטהון פֿונ'ם יום־טוב'דיגען מאַנטעל און צוריק אַרײַן אין גראָען וואָכעדיגען לבוש. פֿערקנייטשט די שטערנ'ס, אין די אויגען — עצבות, אויף די הערצער האָט זיך אַ שווער געמיט צולעגט, און אין די מוחות עגבערען קלײנע וואָכע־דיגע מחשבות. וואָרום יעדער יוד, יעדער חסיד, בשעת ער איז פֿון דערהיים אַרויסגעפֿאָהרען און איז צום רבי'ן געזעק, האָט ער מיט זיך אויף דער נסיעה אַ שווער פּעקעל מיט־גענומען, אַ פּעקעל מיט דאגות, וואָס עס האָט זיך בײַ איהם דאָרט אין דער־היים, אין קראָם, אָנגעקליבען, צום רבי'ן איז ער געפֿאָהרען דאָס פּעקעל דאגות אויס־שיטען און אַ טרייסט, אַן ערלייכטערונג, אויף זיי צו געפֿינען. און איז נאָך דער שבת מיט דער שבת'דיגער מנוחה אַוועק, איז ער פֿון עולם־האצילות, פֿון דער העכערער וועלט, צוריק אויפ'ן עולם־השפל, אויף דער וואָכעדיגער וועלט אַראָב — האָט ווי אַ שווערע משא דער פּאַק דאגות גענומען אויפ'ן האַרצען דריקען... דער חסיד, וואָס נעכטען און אייער־נעכטען האָסטו איהם פּשוט מקנא געווען; קו־קענדיג [illegible] זײַן שײַנענדיג פּנים, אויף וועלכען ס'איז די מינדעסטע דאגה ניט קענטיג געווען, זעהענדיג זײַן גאַנצען יש, וואָס האָט זיך נעכטען און אייער־נעכטען אַזוי לײַכט און לוסטיג צו אַ טענצעל געהויבען, הערענדיג זײַנע חסידיש־גלײַכוועטערדיגע שמועסלעך, האָסטו דאַן אוודאי געטראַכט: נישט אַנדערש, אַז דער יוד, דער חסיד, איז מיט אַלעם גוטען בעוואָרנט און ער מיט זײַן ווײַב און קינדער [illegible] זיך אין וואויל־טאָג באָדען... טהו זשע נאָר איצט אַ קוק: די [illegible] שמחה־יתירה האָט איהר נעכטיגע און אייער־נעכטיגע נעסט אינ'ם חסיד פֿערלאָזען, און פֿון איהם איז איצט אַ גל של עצמות געוואָרען... די התלהבות־חסידות הײַערלעך וואָס נעכטען און אייער־נעכטען האָבען זיי זיך אין חסיד'ס אויגען געלויכטען, זענען איצט פֿערלאָשען געוואָרען, מיעד און מאַט איז זייער איצטיגער בליק; אַ צובראָכענעם גוף זעהסטו איצט פֿאַר דיר — נישט צו גלויבען, דאָס דער הײַנטיגער שוואַכער, מיעדער גוף, האָט נעכטען און אייער־נעכטען

אַזוי לײַכט און גרינגמוטהיג אַ רקודל געהאָפּקעט!... — שווער און מיעד זוענען איצט די פּלײצעס געבויגען, ווי אונטער אַ שווערען יאָך געדריקט. און זעה נאָר: אין זיין רעדען, אין זיינע שמועסען, איז דער טאָן איצט אַזאַ ערנסטער, אַזוי קרעמעריש־וואָכעדיג און אַזוי פיעל עצבות איז אין זיי איינגעזאָסען...

און אויף אַלין אין „הויף" און אַרום איהם ליעגט איצט דער כטעמפּעל פון וואָכעדיגקייט: אַ וואָכעדיגער תפלה־נגון, דרינגט פון די בית־המדרש פענסטער אַרויס, חסידים אין טליתים און תפלין איינגעהילט, לויפען אַיילענדיג אויף און אַב אינ'ם בית־המדרש אַרום און „יאָגען" דאָס דאַוונען אָב...

אַיילענדיג לויפען חסידים מיט די טלית־ותפלי[illegible]זעק אונטער די אָרעמס אַהין אויף די סטאַנציעס אַוועק, שטעה[illegible]עהמט מען עפּעס אין מיל אַריין, אָט אַזוי נאָר בלויז טועם [illegible] אבי יוצא צו זיין, און מען נעהמט זיך די פּעקלעך מיט די [illegible]לעך און וועג אַריין פּאַקען.

ערנסט, פערדאגהיט, שטופּט זיך איין חסיד נאָכ'ן צווייטען אינ'ם קליינעם בית־המדרש'ל אַריין. ביי דער שוועל פון טהיר בינדט זיך יעדער ערנסט די גאַרטעל איבער, פרום רוקט ער טיעפער אַראָב די יאַרמולקע אויפ'ן קאָפּ און גלייך לאָזט זיך יעדער צום גרויסען טיש, וואָס שטעהט נעבען פענסטער, נעהמט אַ ווייס ביינגעלע פּאַפּיער פון קעשענע אַרויס, פערטראַכט זיך, זאַמעלט די מחשבות מיט דעם פּעקעל דאגות צונויף און פערטיעפט זיך אין „קוויטעל" שרייבען... און ניט אַזוי געשווינד קומט אַ פאַרטיג קוויטעל אַרויס. וואָרום געשריבען און געמעקט ווערט, געשריבען און צוריסען, ביז מען געפינט דעם ריכטיגען אויסדרוק, דאָס פּאַסענדע וואָרט, ביז דאָס „קוויטעל" ווערט ראוי אין רבינ'ס האַנד אַריין דערלאַנגט צו ווערען.

און יעדער, וואָס ווערט מיט'ן „קוויטעל" פאַרטיג, שטופּט זיך גו צו דער טהיר, וואָס פיהרט אין רבינ'ס חדר אַריין, אונגעדולדיג וואַרט ער ביז דער משמש וועט זיך איבער איהם מרחם זיין און פאַר איהם די טהיר עפענען אין רבינ'ס חדר אַריין „גזועגענען" זיך און דאָס האַרץ אויסגיסען...

און אין רבינ'ס געכעל, נעבען די טהירען פון די „סטאַנציעס" שטעהען ברינטשקעס און פורלעך אויסגעשטעלט, חסידים מיט די

דיזע־פּעקלעך חאַפּען זיך פערטאַפּעטע אויף די בריטשקעס, טיילען לעצט־געלדער אַרום און פאָדערען צו דער באַהן...

חסידים אַיילען, לויפען, פערטאַראַמט, צוטראָגען; די בעלי־אכסניות שטעהען פאַר די טהירען גרייט, מיט די חשבונות און בלייפעדערס אין די הענד, די היטלען אָן א זייט פעררוקט און קאָנען זיך אַלץ ניט אויס׳חשבונ׳ען, שאַרף קוקען זייערע אויגען אויף די בריטשקעס מיט די חסידים, שטעלען זיך אָן אויף יעדען חסיד און טראַכטען נאָכאַמאָל דעם חשבון איבער...

עס ריהרען זיך די בריטשקעס. משה מרדכי דער אַלטער משמש, וואָס לעבט פון די „לעצט־געלדער“, לויפט די בריטשקעס נאָך און דינגט זיך, האָט פרעטענזיעס, וואָס מ׳האָט איהם נישט גוט בעפרידיגט...

און אָט לאָזט זיך פון „הויף“ אַרויס א שיין־געשפּאַנטע קאַרעטע, דעם רבינ׳ס קאָטש. נאָך זיי נאָך עטליכע קאַרעטעס: דער מחותן, דער חאָשטינער רבי, פאָהרט מיט זיינע מקורבים און חתן אַהיים, מיט די „הויף“־מקורבים בעגלייט, און חסידים לויפען די קאַרעטעס נאָך...

פונ׳ם פענסטער פון דער רביצינס צימער קוקען צוויי פּאָר אויגען אַרויס, ליידען און בענקשאַפט זענען אין די דאָזיגע אויגען אויסגעגאָסען. דאָס זענען די אויגען פון דבורה׳לע און רבקה׳לע, װאָס בעגלייטען מיט זייערע בליקען די, וואָס זענען זיי נאָהענט און טייער...

אויף איינע פון די בריטשקעס, צווישען עולם חסידים געפּאַקט, זיצט הוד. זיין פנים איז פערפלאַמט, די בליקען פון די אויגען חאַפּען זיך דאָ אויף געגענאיבערדיגער רבי׳שער קאַרעטע, אין וועלכער ער בעגעגענט זיך מיט מרדכי׳לעס אויגען, און דאָ — צום פענסטער, וואו עס זענען אַ פּאָר וואַרימע בליקען אויף איהם אויסגעשטעלט...

— וויאָ!...

— זייט געזונד!...

— פאָהרט געזונטערהייט!...

און דאָס קליינע שבת׳דיגע וועלטעל, אין וועלכען יודען האָבען מיט איין נשמה געלעבט, צונויפגעבונדען, צוגעטוליעט און איינס אין צווייטען בעהעפט, איז איצט צוריסען און דערהייטערט געוואָרען: יעדער מיט אַנדערע רעיונות, מיט אַנדערע מחשבות, יעדער אין אַנ־

אַנדערע היים אַוועק, פרעמד און דערוויַיטערט, יעדער פאַר זיך, יעדער באַזונדער...

אַהיים, אַהיים...

* * *

שטיל האָט דאָס לעבען אין די „הויפען" געפליסט. די בריטש-קעס האָבען חסידים פון דער באַהן געבראַכט און צו דער באַהן גע-פיהרט. אַלץ איז געגאַנגען מיט זיין נאַטירליכען וועג און געדאַכט האָט זיך: אַזוי דאַרף עס זיין, און אַזוי דאַרף זיך פיהרען... יודעל דער קוויטעל-שרייבער האָט איין בויגעלע פאַפיר נאָכ'ן צווייטען צושניטען און געשריבען אויף זיי די בקשות און פערלאַנגען פון די דערשראָקענע און נידערגעשלאָגענע ווייבער. געשריבען און געביי-זערט זיך, געצויגען די לולקע און געקרעכצט, אַז ס'איז נישט היינט דאָס, וואָס אַמאָל. אַמאָל, אַמאָל איז אַנדערש, גאָר עפּעס אַנדערש געוועזען... משה-מרדכי, דער אַלטער „אויסגעדינטער" משמש האָט זיך טאָג נאָך טאָג אויף און אָב איבער'ן הויף געדרעהט, געברומט און עפּעס אונצופרידענע חשבונות געמאַכט, אַריינגעחאַפּט זיך יעדעס מאָל אין דער רביצינ'ס קיך, געקוקט מיט זיינע דורכדרינגענדע שאַרפע אויגען און ביי יעדער סקריפּעריי פון אַ ראָד, וואָס ס'האָט זיך געהערט פון דרויסען, פלעגט זיך משה-מרדכי אַ חאַפּ טהון, אַרויסלויפען פאַר'ן טויער און קוקען אַרום זיך מיט מאָדנע הונגע-ריגע בליקען, צי זעען נישט קיין פרישע חסידים געקומען, און פלעגט ער דערוועהען, דאָס ער האָט אַ טעות געהאַט — איז ער בייז און צאָרנדיג געוואָרען, פערשטעקט די הענד אין די אַרבעל, און הין און צוריק, הין און צוריק, פלעגט ער איבער'ן הויף אַרומגעהן און ברומען און צאָרנען און עפּעס אונצופרידענע חשבונות מאַכען...

און טאָג נאָך טאָג איז דבורה'לע שעה'ן-לאַנג ביים פענסטער געזעסען, געקוקט אויפ'ן וויַיטען ברייטען פעלד, וואָס פיהרט אין וואַלד אַוועק, און נאָכ'ן וואַלד ציהט זיך אַ לאַנגער, לאַנגער שאָסיי, און געטראַכט און פאַנטאַזירט, פערטיפט זיך אין נאָהענטע ערינערונ-גען און היימישע בילדער און איהר האַרץ האָט געצאַפּעלט און גע-בענקט: וואָס וועט וויַיטער זיין? וואָס וועט וויַיטער זיין?...

און טאָג נאָך טאָג איז רבקה'לע אין נאָהענטען צימער ביים צווייטען פענסטער געזעסען, גענעהט וויַיסע העמדעלעך פאַר קינדער פון אָרי-

טע אלמנות, און יעדעס מאָל איז איהר נאָדעל געבליבען שטעקען אין דער ווייסער לייוואַנד און אַ מיטען ניישט־הורבנעציגענעם שטאָך, און זיך פערטראַכט, פערמאַכט האַלב די אויגען און געחלומט אין דער וואַך...

און געזעסען איז ליבעלע דעם רבינ׳ס און זיין חדר־מיוחד ביי אַנ׳אָפענע גמרא, אָדער אַ חסידיש ספר, געלערנט זיין שיעור און דאָס קול איז שוואַך און פול מיט צער געווען, ווען־ניט־ווען פלעגט דאָס קול פלוצלונג ווערען שוואַכער, שוואַכער און אינגאַנצען אַנטשוויגען ווערען. ליבעלע פלעגט זיך דאַן פאַמעליך, ווי ראַנגלענדיג זיך מיט די געדאַנקען, אויפהויבען פון זיין אָרט, בלייבען שטעהן אַ חיילע ווי פערצווייפעלט און צוגעהן צום פענסטער, לאַנגזאַם, פערגנב׳עט אַרויסשטעקען דעם קאָפּ און חאַפּען אַ בליק אַהין צום פענסטער, ביי וועלכען ס׳זיצט זי... זיין דבורה׳לע. דערנאָך פלעגט ער זיך צוריק אויף זיין אָרט אַוועקזעצען, אָנשפּאַרען דעם קאָפּ אויף דעם אָפענעם ספר און אַ זיפץ אַרויסלאָזען: וואָס וועט ווייטער זיין? וואָס וועט ווייטער זיין?...

שטיל האָט דאָס לעבען אין די „הויפען" געפליסט.
ס׳איז בין השמשות־צייט.

------

# XII.

## זלמן דעם מילנער׳ס.

נאָך דעם לאַנגען הייסען זומער־טאָג איז אַ קיהלער פאַרנאַכט געקומען. די איינוואָהנער פון שטעדטעל חאַשטין האָבען מאַרק און שטוב פערלאָזען און זיך פאַר די טיהרען געזעצט. אָנגעהאָרעוועטע בעל־הבתים און בעלי־מלאכות טוליען זיך אין קרענצלעך צונויף, שטרעקען די ברוסטען אויס, האַלטען די מיילער אָפען און זויגען „פרישע לופט"... חדר־יונגלעך דראַפּען זיך אויף בוימער, מיידלעך נעהמען זיך אָן ביי די הענד און געהען רעדליך... האָרט חיים אינ׳ס געסעל, וואָס פיהרט צום וואַסער אַראָב, שפּאַצירען יונגען", בעלי־מלאכות, מיט די וואוילערישע בעלי־מלאכה׳שע הי־

טעלעך און לײַכטע זומער־שטעקלעך און טײַפּען זיך צו די מײדלעך, װאָס גײען פֿאַר זיך אויפֿן געגענאיבערדיגען טראָטואַר און װײַסען נעבעך פֿון קײן זאַך נישט.

און אײנע פֿון די דאָזיגע געסלעך שפּאַצירט איצט מרדכי'לע דעם רבינ'ס זוהן, פֿאַרזאָרגט שפּאַנט ער אין טריט נאָכן צװײטען, געהענדיג בעשיצט ער זיך אין די פֿינסטערע נאַכט־שאָטענס פֿון די װענד, פֿון די בײמער. ער מײַדט־אויס ניט צו בעגעגענען זיך מיט קײנעם, ער היט זיך פֿאַר אַ פֿרעמדער אויג... װאָרום װעה־װעה — װײסט ער — װעט זײַן, אַז מען װעט זיך דערװיסען, װאוהין ער געהט דאָס איצט, װאוהין ער געהט דאָס יעדען פֿאַרנאַכט און צו װעמען זײַן װעג איז געװענדעט... דאָרט װײַט אַראָב אינ'ם דריטען געסיל, כמעט הינטער דער שטאָדט שטעהט אברהם מילנערס הײַזעל, און אַ זוהן האָט אברהם מילנער, אַ בחור, הײסט ער זלמן, און אין שטעדטעל רופֿט מען איהם זלמן דער אפּיקורס... װאָרום זלמן איז אַ קענער, אַ הײַנטװעלטיגער, ליגט טאָג און נאַכט אין די ביכער, טראָגט אַ געטרעסטען קאָלנער און טוט אינגאַנצען אויף כפּרות — אַזוי זאָגט דאָס שטעדטעל. — נישט אײן בחור האָט ער שוין פֿון דרך־הישר אַראָבגעפֿירט, ניט אײן בית־המדרש'ניק האָט ער פֿון דער גמרא אָבגעריסען און אויסגעשטעלט איהם פֿאַר אַ „לײַט" — אַז זײַן גאָט מעג זיך שוין דערבאַרמען!... און דערפֿאַר טאַקי לײגט דאָס שטעדטעל אויף איהם די תוכחה, טאַטע־מאַמעס שעלטען איהם מיט מיטע קללות, אויף אַלע װיסטע און בײזע פֿעלדער — אַזוי זאָגען די דאָרטיגע משכּילים — זאָל דאָס פֿאַלען!...

און זאָל אַ טאַטע אָדער אַ מאַמע געװאָהר װערען, דאָס זײער קינד, זײער בחור, חברט זיך מיט זלמנ'ען — װעה, װעט שוין דאַן צו זײַנע יאָהרען זײַן!...

און װעהט איהר דאָך, דעם יצר־הרע'ס כּח איז אַזוי גרויס, האָטש מען װײסט גאַנץ ניט, אַז טאַטע־מאַמע װעלען ניט שאַנעװען, און אַז די שטאָדט װעט געװאָהר װערען — װעט דאַן גאָר נישט הײמליך זײַן. פֿונדעסטװעגען לאָזען זיך בחורים און בית־המדרש'ניקעס אויף קידוש־השם, און אין די טונקעלע זומער־פֿאַרנאַכטען, װען עס װערען די גמרות פֿערמאַכט, פֿערבלאָנדזשען זײ אַהין און יענעם הײַזעל, װאו עס זיצט זלמן דער אַפּיקורס בײַם אָפֿענעם פֿענסטער און אַ ביכעל פֿערטיעפֿט און ביז שפּעט אין דער נאַכט פֿערברענגט

מען דאָרט, גאָט ווייס אין וואָס... ביכער לייענט מען, ליעדער זינגט מען און ויכּוחים פירט מען וועגען פאַנאַטיזם און פינסטערניש, וועגען ליכט און פרייהייט און וועגען די גרויסע שטעדט, וואו עס לעבען גרויסע מענשען...

און אַ שאַפקע האָט זלמן דער אפיקורס מיט אַ סך ביכער. יעדע נאַכט, ווען די חברים און זלמנ'ס הויז צושיידען זיך, טיילט זיי זלמן ביכער איין, געלעזען ווערען די ביכער אין די היימען, אין די אַלקערלעך, שפעט ביי נאַכט, ביי קליינע לאָמפ-פלעמלעך, ווען אויף אַלע אין שטוב איז אַ טיעפער שלאָף איינגעפאַלען, און באַר-טאָג אין די בעטען ביי דעם שיין פון'ס אויפגעהענדען פריהמאָרגען...
פאַרנאַכט ווערען די אויסגעלייענטע ביכלעך אונטער די פּאָלעס גע-טראָגען אהין, צו זלמן אפיקורס'עס הייזעל, וואו זיי ווערען אויף נייע איבערגעביטען...

מרדכי'לע דעם רבינ'ס איז צום הייזעל צוגעקומען און אין אַ שייבעל פון פענסטער אָנגעקלאַפט.

טיהר און פענסטער זענען אַפילו געווען אָפען, נאָר אַ מנהג האָט ביי די חברים, די בית-המדרש'ניקעס און באַהאַלטענע משכילים עקזיסטירט, דאָס ביים אַריינגעהן צו זלמנ'ען אין הויז, זאָלען זיי פריהער פאָרזיכטיג אין פענסטער אָנקלאַפען, צו דערוויסען זיך, אויב ס'געפינט זיך ניט אַמאָל דאָרט גראָד עמיצער פון די שטאָדט-לייט, וואָס איז מכח געשעפט צו ר' אברהם מילנער געקומען, און דאָס געהיימניס וועט — גאָט זאָל אויסהיטען! — ענטפלעקט ווערען...
און באַלד האָט זיך אין פענסטער מענדעל דעם שוחט'ס קאָפ באַוויזען און פריינדליך געגריסט:

— גוט נ'אָווענד, מרדכי'לע.

און אין דער טיהר איז שוין זלמן מיט נאָך עטליכע חברים געשטאַנען און זענען צוזאַמען מיט מרדכי'לען אין אַלקיר אַריין.

אויפ'ן קליינעם טישעל, וואָס איז געשטאַנען נעבען פענסטער, אויף די שטוהלען און בענקלעך, און אויפ'ן בעטעל זענען בחורים געזעסען, ווער איינגאַנצען אויסגעצויגען, ווער נאָר מיט איין פוס אָנגעשפאַרט און פערטיעפט געווען אין ביכלעך, און אַ בלאַט-צייטונג, וואָס דריי האָבען צוזאַמען געלייענט.
אברהם דער מילנער איז געזעסען ביים פענסטער און דער צווייט

טער שטוב אנטקעגען דער אָפענער טיהר פון אלקיר, בנעימות א ציי־גאר געהויבערט און זיך מיט דער קיהלער לופט געקוויקט.

א „נאש־בראט" איז אברהם מילנער, ער וועט קיינעם פון דער חברה נישט אויסגעבען. נישטא פאר איהם וואס מורא צו האבען, ער איז בחור־ווייז אויך נישט בעסער געווען, און אז ער האט ציים חאפט ער נאך היינט אויך אריין פאר'ן שלאף א פאר בלעטלעך פון א ביבעל...

אין אנפאנג האט זיך אפילו מרדכי'לע געשראקען פאר אברהם מילנער, א קשיא אויף א מעשה!... נאר אז דער מילנער האט דאס בעמערקט, האט ער געוואלט פון זיך יעדען חשד אראבוואַרפען, און אז ער פלעגט דערזעהען מרדכי'לען אריינקומען, פלעגט ער איהם גלייך בעגעגענען מיט דעם פיינסטען ברוך הבא...

— גוט ג'אָווענד, מרדכי'לע — האט די גאנצע חברה, צווישען זיי אויך דער מילנער, איצט אויסגעשריען.

— ס'איז דא א בריעף פאר דיר.

— א בריעף? פון וועמען?

— פון ווארשא... פון דוד גלאזמאן...

— א בריעף?

מרדכי'לע איז אריין אין אלקיר, אוועקגעזעצט זיך אויף א שטוהל נעבען פענסטער און דעם דערלאנגטען בריעף פון קאָנווערט ארויסגענומען:

ידידי היקר והנחמד, המשכיל והנבון, וכ'ו וכ'ו, שלום!

ראשית הידיעה, היא הבריאה וכ'ו. והנה איך האב נאר־וואס ערהאלטען א בריעף פון דיין מחותנ'ס „הויף". דבורה'לע דעם רבינ'ס שנור האט מיר דעם בריעף געשיקט, אין וועלכען זי גיסט פאר מיר אויס איהר הארץ און בענקשאפט און איהר ווילען זיך ארויסצורייסען פון „הויף"־לעבען...

די צווייטע וואך קומט זי קיין ווארשא, און אום נישט צו דערוועקען אין „הויף" א חשד מיט איהר אומגעריכטער רייזע, ווייזט זי זיך די גאנצע צייט ווי שלאף און די רביצין אליין זאגט, דאס זי זאל קיין ווארשא פאָהרען צו א דאקטאר, וואו זי וועט שוין אגב פערברענגען א קורצע צייט ביי איהרע עלטערן. בעגלייטען קיין ווארשא וועט זי די יונגע שוועגערין, רבקה'לע, דיין כלה...

מרדכי'לע אהובי, געוויס געדענקסטו דאך אונזער געשפרעך דאמאלס אין דער תנאים־נאכט, אין גארנאוזער וואלד, און מיין מיינונג, וואס איך האב לפי השערה געגעבען וועגען דיין צוקינפטיגער פתי... איצט בין איך דיר מודה ומתודה, דאס איך האב א טעות געהאט. זי איז לגמרי גארנישט ענהליך צו די, וי איך האב זיך פארגעשטעלט א רבישע טאכטער... ווי נאאיוו און צארט! ווי ערהליך און פערשטענדיג! זי טראכט תמיד וועגען דיר און גארט דיך צו זעהען.

ליעבער חבר! ווענד־אן אלע מעגליכקייטע, דו זאלסט די צווייטע וואך, דינסטאג, ביום שנכפל בו כי טוב, קומען קיין ווארשא, וואו די אונערווארטעטע בעגעגעניש וועט אייך ביידען פיעל פרייד פערשאפען...

ופרוס בשלום וכ"ו.

אוהבך הנאמן

דוד".

עטליכע מאל האט מרדכי'לע איבערגעלייענט דעם בריעף און א שמייכעל, און וועלכען ס'איז געווען גליק און האפנונג אויסגעמישט, האט זיך אויף זיין פנים בעוויזען. ער האט דערנאך דעם צונויפגעלעגטען בריעף אריינגעלעגט אין בוזים און זיך א פערטראכטער פונ'ם פענסטער ארויסגעבויגען.

א טונקעל־שווארצער נעבעל האט דעם ברייטען וועג אין פעלד איינגעהילט, ווייט אראב פונ'ם געדיכטען וואלד בלישטשעט דאס לעצטע בישעל רויטע ליכטיגקייט און ווערט וואס א מינוט אינ'ם טונקעלען נאכט־נעבעל פערזונקען. זיינע אויגען זענען אין דער ווייטער אונענדליכקייט געווענדעט, א'אומבעוואוסטע בענקשאפט, וואס וויסט נישט נאך וואס און וואוהין, נאגט זיין הארץ. שטיל און פאמעליך בעוועגט זיך זיין ברוסט און קלאפט..

פערצווייפעלט איז ער די לעצטע צייט געווען. דריי וואכען זענען שוין פון זיינע תנאים אריבער. מעהר ווי תמיד האט ער זיך די לעצטע צייט איינזאם און עלענד געפיהלט: צו זיינע געוועהנליכע אומעהליכע ליידען, איז נאך עפעס צוגעקומען, אומעלבעס, וואס פרעסט זיין הארץ, מוטשעט און ערגערט און זאגט ניט וואס... און איצט? דאכט זיך, אז אין איין מינוט האט זיך פאר איהם געעפענט א נייער האריזאנט, א ליכטיגער...

פאהרען... ער וועט פאהרען קיין ווארשא, אין דער גרויסער שטאדט, וואו קיין הונדערטער פרעמדע אויגען קוקען דיך ניט נאך, וואו דיינע טריט ווערען ניט געהערט. דארט וועט ער זיך מיט איהר בעגעגענען. דארט וועט ער פאר איהר זיין הארץ עפענען און אלעס, אלעס ענטפלעקען... ווירקען וועט ער אויף איהר, איהר מיינונג און פארשטעלונג וועגען איהם וועט ער בייטען. דערצעהלען וועט ער איהר וועגען וואס ער האט די לעצטע צייט אזוי געליטען, וועגען זיינע האפנונגען און שטרעבונגען אין דער צוקונפט... אלין וועט ער איהר דערצעהלען, זאל זי אין איהם קיין טעות ניט האבען... ניט מיינען זאל זי, דאס ער איז אויך איינער פון די „הויף"-מענשען, דאס אזא לעבען, ווי זייערס וועט ער שפעטער, שפעטער פיהרען...

אנאנדער לעבען וועלען מיר שפעטער אין אונזער צוקונפט פיהרען, ווייט פון „הויף" און פון זיין איינפלוס וועלען מיר זיין, אלעס, אלעס וועט ער איהר דערצעהלען און ער וועט ווירקען אויף איהר, אודאי וועט ער ווירקען.

ער מוז פאהרען, ער מוז זיך מיט איהר בעגעגענען...

אבער ווי אזוי? און דער „הויף"? און אז דער „הויף" וועט איהם פרעגען, וואוהין ער פאהרט, וואס פאר א „געשעפטען" האט ער דארט אין ווארשא?

ער האט זיך טיעפער ארויסגעבויגען פון פענסטער און אין דער ווייטער נאכט געקוקט. פלוצלונג האט ער בעמערקט, ווי אנטקעגענאיבער דעם פענסטער שפרינגט עפעס געשווינד א שאטען אב און ווערט נעלם צווישען די בוימער.

עפעס א בעקאנטע פיגור, דאכט זיך איהם.

ווער זאל דאס זיין?

------

## XIII.

## איציקעל דער שפיאן.

איציקעל דעם רבי'ס — האט מען איהם אין „הויף" און אין שטאדט גערופען. נאר „געחאפטע" יונגע-לייט, בית-המדרש-משכילים האבען איהם געקרוינט מיט'ן נאמען: — „איציקעל דער שפיאן".

איציקעל איז דעם רבינ'ס עלטערען ברודער'ס א זוהן. זיין פאטער איז געוועזען דער ממלא מקומו פון אלטען רבי'ן ז"ל. נאך דער פטירה האט ער די רבישע שטוהל געירשענט און אנגעהויבען צו „פיהרען". כמעט דער גאנצער עולם איז צו איהם געפאהרען. נאר נישט לאנג האט ער געפיהרט. ער איז אין עטליכע יאהר ארום נפטר געווארען, איבערלאזענדיג א בן-יחיד איציקעל, וועלכער איז נאך דאמאלס קיין צוויי יאהר נים אלט געוועזען, און דער „הויף" איז איבערגעגאנגען צום ברודער, דער חאשטשנער רבי.

די אלמנה האט בקרוב חתונה געהאט מיט א רבי'ן פון „יענע קאנטען", פון וועהלינער געגענד הייסט עס, נאר איציקעל איז ערצויגען געווארען ביים פעטער אין „הויף" און דארט פערבליבען.

א „ממזר'יש" קעפעל האט איציקעל אויף זיך, אזוי ריהמט איהם דער עולם, אייגעלעך — שארפע און דורכדרינגענדע, וואו מען זיהט איהם נישט — דארט וואקסט ער...

צו לערנען האט איציקעל קיינמאל קיין צו-גרויסען חשק נים געהאט. דערפאר אבער האט ער פאר „חסידות" וועלטען געקעהרט, און ווען ער איז אונטערגעוואקסען, איז ער אין „הויף" דער גאנצער „קאפעלעפעל" געווארען.

און וואו איז ער נישט, איציקעל? ער קאמאנדיוועט אין בית-מדרש מיט'ן עולם, שאנעוועט נים יונג און אלט, איז מיט יעדען אויף „דו" און פאר אליאדע עפעס שייגעצט ער יענעם — זאל זיין יונג, זאל ער זיין אלט — גיט אוים, דאס יענער טראגט זיך געשווינד אב בפחי-נפש און קאן זיך ממש קיין ארט נים געפינען...

שבת ביים „טיש"-פיהרען איז איציקעל דער גלאזנער מחלק, דער כבודים-טיילער, קאמאנדעוועט מיט די „טיש-זיצער": טוישט איבער יעדען דאס ארט, דעם רוקט ער ארויף, יענעם — אראב, אייגעב נעהענטער צום אויבענאן, דעם צווייטען הייסט ער מוחל זיין און נעהמען דעם וועג אראב-צו... א „טיש-זיצער", וואס איציקעל האט אויף איהם, צוליעב עפעס א מעשה שהיה, א קרום אויג געווארפען, וועט איהם שוין איציקעל די יאהרען דערקוטשען...

און ווערט אמאל, ווען דער עולם איז גרוים, א שטופעניש ארום טיש און יונגע-לייטלעך, קעסט-איידעמלעך, עקשנ'ען זיך, וואס נעהענטער צום רבינ'ס שטוהל זיך דערשטופען, מאכט דאמאלס איציקעל מיט זיי קיין גרויסע געשעפטען נים — שטריימלען און

סאַמעטענע היטלען נעהמען פליהען איבער די קעפּ, איבער'ן בית-המדרש און אַ מהומה ווערט צווישען די יונגעלײַטלעך, וואָס האַלטען זיך מיט די הענד די היטעלע קעפּ און לויפען ווי אָבגעברידטע איבער'ן בית-המדרש אַרום, די אבידות אויפזוכען, און אַ געמורמלעריי ווערט, נאָר בײַזערען ווערט זיך חלילה קײנער נישט. קײנער וועט איציקלען חלילה קײן מוסר ניט זאָגען...

בײַם זײַן-טײַלען איז איציקעל; בײַם געזעגענען — איציקעל; ער איז דאָן אינזיעניג אין רבינ'ס חדר, לויפט יעדעס מאָל צו צו דער טיהר, זאָל עס קומט-פאָר אַ שטופּעניש צווישען עולם, און וואַרפט היטלען... לאָזט אַרײַן פריהער דעם, וואָס איז מעהר טשאַ-הן בײַ איהם, און האַנגען יענער, וואָס איציקלען געפעלט ער ניט, מעג ער שוין פון זײַנעטוועגען אָבשטעהן האַטש אַ האַלבען מעת-לעת, ביז מען וועט זיך איבער איהם מרחם זײַן און אַרײַנלאָזען...

און וואו איז איציקעל נישט דאָ? עלין איז אויף זײַן קאָפּ, אומעטום זענען זײַנע אויגען. אפילו אין דער רביצינ'ס קיך פּעהלט ער נישט... אויף אַלעם גיט ער השגחה, פון אַלע נעהמט ער אָב דין וחשבון און די גאַנצע „קיך" ציטערט פאַר איהם אימת מות...

אַ יודיש וואָרט נעהמט דער דאָזיגער איציקעל גאַנצע טעג ניט אין מויל אַרײַן; אין אַ שעהן געשפּריצטען שלאָף-ראָק, און לײַכטע שוואַרצע זומער-פאַנטאָפעל, אין אַ סאַמעטען, רונדיג רבנישע קאַפּעלישעל און אַ פאַפּיראָס אַרײַנגעשטעקט אין אַ בורשטינענעם ציגאַרען-שפּיץ אין מויל — שפּאַצירט ער זיך אַרום גאַנצע טעג אין „הויף", נישטערט מיט זײַנע מזיקים-אויגעלעך אויף אַלע זײַטען, לויפט יעדעס מאָל שנעל דאָ אין בית-המדרש, דאָ אין רבינ'ס חדר, דאָ אין קיך. און זײַט זיכער — ער לויפט ניט גלאַט אומזיסט, סתם-הסתם האָט ער שוין עפּעס דערשמעקט אַוועלכעס, וואָס עס טויג איהם צו זײַנע עסקים...

און אַז איציקעל שפּאַצירט אַרום אויפ'ן „הויף", שפּאַצירט ער אויך ניט אומזיסט: יעדען חסיד, וואָס קומט איהם גראָד אַנטקעגען, נעהמט איהם איציקעל אונטער'ן אָרים, געהט מיט איהם אויף און אָב, הין און צוריק איבער'ן „הויף"; אַ שעה און צוויי קאָן ער אַזוי דעם חסיד אונטער'ן אָרים האַלטען, אויסשמועסען זיך מיט איהם, אַלע עסקים, אַלע געשעפטען איהם אויספרעגען, אויסשמעקען און דערוויסען זיך יעדעס פּיצעל.

און איציקעל האָט טאַקי יעדען חסיד אויפ'ן קאָפּ, ווייסט אַלעמענס סודות, קען יעדען דורך און דורך. ער ווייסט אַפילו, ווי יעדען חסיד'ס ווייב און קינדער הייסען...

פֿאַר איציקלען איז קיין סוד נישטאָ, אַלץ ווייסט איציקעל און — פֿיהרט אינטריגעס...

וואָרום אַ גרויסער חשיב איז איציקעל בײַם פֿעטער, בײַם רבין; פֿאַר איהם איז שטענדיג די טיהר פֿון רבינ'ס חדר אָפֿען. „פֿרײַען אַרײַנטריט“ האָט ער. אַ שטענדיגער יוצא ונכנס. און דער רבי — ווייסט דער „הויף“ — האַלט פֿון איציקלען אַניעולם ומלואו... אפשר דערפֿאַר, ווײַל ער ווייסט, ווי אַזוי דעם רבין צו חנפֿענען, ווי אַזוי אויסצושטעלען אַ יראת־שמים פּנימ'על און יראת־שמים אויגעלעך, און אפשר גלאַט דערפֿאַר, ווײַל ער טויג זיך צום עסק...

אַזוי צי אַזוי — און איציקעל פֿיהרט שטענדיג אינטריגעס, מאַכט־אָן מחלוקת, טראָגט אָן רכילות פֿון חסידים צום רבין און פֿון איין חסיד צום צווייטען, ציברענגט אַ פֿײַער.... און נישט איין חסיד בעקומט אַ פּסק און פֿאָהרט אַהיים פֿון „הויף“ מיט אַ צובראָכען האַרץ און שווער געמיטה...

זינט אַ קורצע צײַט האָט איציקעל א'יך אַ קרים אויג געוואָרפֿען אויף מרדכי'לען דעם רבינ'ס און האָט איהם גענומען נאָכשפּירען...

שוין פֿון לאַנגע צײַטען, ווי איציקעל האָט אין איהם געזעהען אַ פֿערביסענעם שונא געגען זיך.

מרדכי'לע איז בטבע געווען פּונקט דער היפּוך, וואָס איציקעל, און זײַן התנהגות און אויפֿפֿיהרונג אין „הויף“ האָט גאָרנישט געשטימט מיט איציקעל'ס אויפֿפֿיהרונג.

שטיל, רוהיג איז מרדכי'לע תמיד זײַן וועג געגאַנגען; געווען איז ער, אמת, אַ מעורב בין הבריות, אָבער העפֿליך איז ער זיך מיט יעדען איינציגען בעגאַנגען, נישט געמישט זיך אין קיינעמס געשעפֿטען, נישט אינטערעסירט זיך מיט זײַטיגע זאַכען. בײַם „טיש“ איז ער שטיל, ערנסט, מיט דרך־ארץ געזעסען, און האָט זיך דער „טיש“ געענדיגט, איז ער גלײַך צו זיך אין צימער אַוועק, וואו ער האָט אין זײַנע ענינים עוסק געווען. בכלל איז מרדכי'לע געווען אַ יושב־אוהל, גאַנצע טעג איז ער בײַ זיך אין פֿערמאַכטען צימער געזעסען און פֿערטיפֿט אין ספֿרים געווען. שפּעטער — ווען אין זײַן

האַרץ האָבּען אַנדערע געפֿיהלען ערוואַכט, ער האָט אָנגעהויבּען אין ספרים חצונים צו קוקען... — דאַמאָלס איז ער נאָך מעהר ווי שטענדיג צוגעבּונדען געוואָרען צו זיין פֿערמאַכטען חדר, וואו אַרום דעם שטויס הייליגע ספרים, וואָס זענען אויף זיין טיש געלעגען, און אַנטקעגען די אָפּענע גמרא, וועלכע איז נאָר למראית־עין אָפֿען געווען, האָט ער הורשטיג געשלונגען די שורות פֿון אַ „פּסול“־ביכעל...

און זינט דאַמאָלס איז זיין האַלטונג אין „הויף“ געוואָרען נאָך ערנסטער, זיינע געשפּרעכען — וועלטענער, און צו אַלע „הויף“ עסקים — כמעט דעם גאַנצען אינטערעס פֿערלאָרען. בּעצויגען זיך צו אַלעם גלייכגילטיג און פֿון אַלעמען געהאַלטען זיך פֿון דער־ווייטענס...

און דערפֿאַר טאַקי האָבּען איהם חסידים אַזוי שטאַרק בּכבוד געהאַלטען, געהאַט פֿאַר איהם דרך־ארץ און בּעצויגען זיך צו איהם מיט גרויס יראת־הכבוד.

איציקלען האָט דאָס שטאַרק געקרענקט. בּפרט נאָך, אַז מרדכי׳לע פֿלעגט זיך צו איהם בּעציהען מיט פֿעראַכטונג און שנאה. האָט איהם אויסגעווייכט און נישט געוואָלט מיט איהם האָבּען קיין נאָהענטע התקרבות, און אָפּטמאָל צווישען גאַנצען עולם, פֿלעגט ער איהם אַ שטעכווערטעל אַריינוואַרפֿען, אינגאַנצען מבטל זיין און האַלטען איהם פֿאַר אַ צבוע׳ק...

איציקלען האָט דאָס שטאַרק נישט געשמעקט. ער האָט גענומען טראַכטען פֿלענער, ווי אַזוי זיך נוקם צו זיין אָן זיין „געפֿעהר־ליכען“ שונא, מרדכי׳לע. און טראַכטענדיג עפּעס אַ מיטעל, ווי אַזוי ער זאָל זיך מיט איהם אָבּרעכענען, האָט ער זיך גענומען צו זיין געוועהנליכען דרך און מיט זיבּען אויגען אָנגעהויבּען נאָכשפּירען מרדכי׳לען און זוכען עפּעס אַ חטא אויף איהם...

איינמאָל, אין אַ הייסען זומער־טאָג, ווען אויף אַלעם אין „הויף“ איז אַ רוהיגע שטילקייט געלעגען אויסגעגאָסען, ווען פֿון גרויס היץ און מידקייט איז אַלץ אַנדרעמעלט געוואָרען, די „הויף“־מענשען זענען זיך יעדער אין זיינע עסקים פֿערטיעפֿט געווען און איציקעל האָט זיך איבּער׳ן הויף אַרומגעדרעהט און געלאַנגווייליגט זיך, ניט געפֿינענדיג פֿאַר זיך קיין ברעקעל אַרבּייט, — האָט ער זיך דאַן גע־לאָזט שפּאַצירען אינ׳ם גרויסען גאָרטען, וואָס איז נאָהענט צום „הויף“ געווען און צום רבי׳ן געהערט, און שפּאַצירענדיג אַזוי אויף און אַבּ

איבער די לאַנגע גאָרטען־אַלעען, האָט ער פּלוצלונג בעמערקט. ווי אַנטקעגען־איבער, צווישען די געדיכטע בוימער, אויף אַ באַנק נעבען רבינס וועראַנדע, איז מרדכי'לע געזעסען פערטראַכט אין אַ קליין ספר'ל. פאָרזיכטיג האָט ער זיך דאַן געלאָזט געהן צו יענעם אָרט. מרדכי'לע, דערהערענדיג טריט, האָט זיך ווי אַ צומישטער פּלוצלונג פון אָרט אַ חאַפּ געטהון און געשווינד דאָס ספר'ל אין בוזעם פערשטעקט...

— איציקעל? אַ... וואָס איז?... וואָס האָסטו געוואָלט?...

— גאָרנישט... — האָט איציקעל לאַנגזאַם די ווערטער געצויגען און איהם שאַרף אָנגעקוקט. עטליכע מינוטען האָבען זיי אַזוי איינס אויף ס'אַנדערע געקוקט אָהן ווערטער.

— האַ... וואָס קוקסטו אַזוי אויף מיר?... — האָט מרדכילע שטרענג געשטאַמעלט — וואָס שטעהסטו דאָ?... געה גלייכער אַהין אין קיך און גיב אַכטונג אויף די דינסטען...

איציקעל האָט איהם גאָרנישט געענטפערט, ער האָט איהם נאָר שאַרף בעטראַכט מיט זיינע אויגעלעך, געקוקט אויפ'ן בוזעם, פון וואַנען ס'האָט דאָס בעהאַלטענע ספר'ל אַרויסגעקוקט און מיט אַ איראָניש שמייכעלע, צו־ווינקענדיג מיט איין אויגעל, ווי ער וואָלט זאָגען: „מיך וועסטו נישט נאַרען"... — האָט ער זיך געלאָזט געהן צוריק אין „הויף", סטראַשענדיג איהם פון דערווייטענס מיט אַ פינגער:

— געדענק, מרדכי'לע, האָסט דיך ביי מיר מפטיר געקויפט...

אַ גאַנצע צייט דערנאָך האָט ער נישט אויפגעהערט צו טראַכטען וועגען דעם ספר'ל, וואָס מרדכי'לע האָט אין בוזים אַריינגעחאַפּט און וועגען דעם שרעק, וואָס איז דאַן אויף זיין פּנים געוועזען אויסגעגאָסען.

— די מעשה הויבט מיר גאָר נישט אָן צו געפעלען — האָט געטראַכט איציקעל — דער „קליינער" איז, ווייזט־אויס, אין „יענער זייט" פערקראָכען, מ'דאַרף איהם נעהמען אין דער אַרבייט... — און פלייסיגער האָט ער זיך איצט צו זיין אַרבייט גענומען: נאָכשפּיאָנירען מרדכי'לען, „פּאַקען" איהם אין דער סאַמע רעכטער מינוט, ווען ער וועט זיך אויף קיין זאַך נישט ריכטען און היטען איהם די טריט...

און פּאַרנאַכט, ווען דער עולם האָט אין בית־המדרש מנחה־

ומעריב געדאַווענט און מרדכי'לע האָט זיך פון „הויף" אַרויסגע-
גנב'עט און דורך זייטיגע וועגען אהין, צו אברהם מילנער'ס הייזעל
אַוועק, איז איהם דאָס מאָל איציקעל נאָכגעגאנגען פון דערווייטען,
טריט-בײַ-טריט, פאָרזיכטיג פין איהם קיין אויג ניט אַראָבגעלאָזען,
און ווען ער האָט דערזעהען, דאָס ער געהט אין מילנער'ס הייזעל
אַרײַן, האָט ער זיך צווישען די אנטקעגענאיבערדיגע בוימער בע-
האַלטען, דורך די צווייגען אין אָפענעם פענסטער אַרײַנגעקוקט און זיך
שאַרף צו מרדכי'לען צוגעקוקט און צו אַלע זײַנע בעוועגונגען.

— אַזוי, הייסט דאָס, איז די מעשה'—האָט ער געשאָקעלט
מיט'ן קאָפּ, נישט אַראָבנעהמענדיג קיין אויג פון מרדכי'לען —
מרדכי'לע דעם רבינ'ס זוהן מיט זלמן דעם אפיקורס... איך האָב אָבער
נאָך דאַמאָלס געזאָגט: דער „קלײַנער" געפעלט מיר נישט... אָ,
עפּעס לייענט ער דאָך גאָר אַבריעף!... ער פיהרט שוין גאָר גע-
שעפטען מיט בריעף... וואָס פאַר אַבריעף, אַשטייגער, זאָל דאָס
זײַן?...

---

## XIV.

# קיין ווארשא.

אין דער רביצינ'ס וואָהנונג, אין נ., איז די הכנה גרויס. אַלע
אין שטוב זענען פערפּאַקט, די דיענסטען אין קיך זענען פערטהון,
פערנומען אין לויפען אַרום צוטראָגענע. מען באַקט אין מען בראָט,
מען פרעגעלט און מען פּאַקט, מען פערבינדט אין מען גרייט אַלעס
צו אין וועג אַרײַן.

דען דבורה'לע, דעם רבינ'ס שנור און רבקה'לע דעם רבינ'ס
טאָכטער זענען שוין צו דער רייזע גרייט, אַהין, אין דער גרויסער
וואַרשא פאָהרען זיי.

ביידע שוועגערינס, דבורה'לע און רבקה'לע, זיצען איצט אין
אַזייטיגען צימער, אין שענע זומער-קאָסטיומען אָנגעטהון און וואַרטען,
ביז אַלעס וועט פאַר זיי גרייט און פאַרטיג ווערען און די אײַנגעשפּאַנטע
קאַרעטע וועט פאַר דער טיהר צופאָהרען.

און דערווײַל זיצען זיי, די ביידע שוועגערינס און פּאַנטאַזירען

פֿין דער גרויסער שטאָדט, וואו דאָס לעבּען איז רייך און אינטערעסאַנט, וואו עס בּליהט און עס שפּראָצט די יוגענד, וואו אויך בּרויזענדע חוואַליעס וועלען מענשען אינ'ם שטרעבּען פֿון לעבּען פֿערטראָגען...

— אוי, דו זאָלסט זעהען דאָרט בּיי אונז אין וואַרשא!... — האָט דבורה'לע מיט ענטוזיאַזם צו איהר שוועגערין אויסגערופֿען, אויסדריקענדיג שאַרף, מיט גדלות, די ווערטער: „בּיי אונז אין וואַרשא" — ווי שען דאָרט איז, די ליעבּע זומער־פּאַרנאַכטען!... אין זאַקסישען גאָרטען שפּאַצירט מען, אַלין אַרום איז עלעגאַנט און רייך און די געשפּרעכען אַזוי צאַרט און מילד... דו זעצט זיך ערגעץ ווייט אויף אַ בּאַנק צווישען געדיכטע בּוימער, וואו אַלין אַרום איז אַזוי געשמאַק און ליעבּליך... אין אַ ווייט גאָרטען ציהט זיך אַ בּרייטע אָזיערע, וואו דאָס וואַסער איז ווי קרישטאָל ריין און אַ פֿאָנטאַן שפּריצט און פֿערשפּרייט אַ ליעבּען געשמאַק אַרום... און ווילסטו — געהסטו דיר אין די לאַנשעקעס שפּאַצירען און בּיז טיעף אין דער זומער־נאַכט געהסטו דיר דאָרט אין די ווייטע שטילע אַלעען... און אַ בּוקעט רויזען קלייבּסטו דיר אויס בּיים גערטנער, און פֿריי פֿיהלסטו זיך, אַ פֿרייע בּרייטע וועלט איז אַרום דיר, וואו אַלין איז אַזוי שען, אַזוי רוהיג און צום האַרצען נאָהענט... אַ פֿרייער פֿויגעל בּיזטו, בּישטאָ די שטרענגע אויגען, וואָס זאָלען דיינע טריט היטען און אויף אַלע דיינע בּעוועגונגען אַכטונג געבּען... ליעבּע זומער־פּאַרנאַכטען!! גאַנצע טעג זיץ איך דאָך בּיים פֿענסטער אָב און די אויגען זעהען אַלין אינ'ם זעלבּען פּינטעל, אין איין בּעגרענעצט אָרט געווענדעט, אַלין איז דאָ ענג, אַפילו דער בּליק פֿון די אויגען איז בּעגרענעצט!... און דאָרט אין דער גרויסער שטאָדט!... ווילסטו, רבקה'לע, געהסטו דיר אין אָזענד אין טעאַטער און שעה'ן־לאַנג פֿערווייַלסטו, אַמוזירסטו זיך. דאָ ציהען זיך די שעה'ן לאַנג און אָהן אויפֿהער, און דאָרט — זענען זיי דיר אַזוי קורץ, אַזוי ווענינ, דו וואָלסט וועלען, וואָס מעהר און מעהר, זיי זאָלען קיין ענדע ניט נעהמען... בּיזט שוין געוועזען אַמאָל אין טעאַטער?

— איך?... ווי קומט דיר אַזעלכעס אויפֿ'ן געדאַנק? יאָ, איינמאָל, פֿאַר־אַ־יאָהרען, דאַכט זיך, זענען פֿון ערגעץ ווייט דאָ אַהער „שפּילערס" געקומען, דאָרט אויפֿ'ן מאַרק האָט מען אַ הילצערנע בּודע אויפֿגעשטעלט און אַלע מיידלעך פֿין שטאָדט האָבּען בּי־

לעטען געקויפט און אין די שבת'דיגע קליידלעך זעגען זיי אהין אין דער הילצערנער בוידע געלאָפען, און מיר האָט עס אויך אַזוי געצויגען אהין...

— ביזטו געגאַנגען? —

— איך?...

— דערפאַר וועסטו שוין, נארעלע, זעהען דאָרט אַ טעאַטער, ביי אונז אין ווארשאַ...

פאַר דער טיהר איז די געשפאַנטע קאַרעטע צוגעפאָהרען, די דיענסטען האָבען די פערפאַקטע פעקלעך דעם בעל־עגלה דערלאַנגט. ביידע שוועגערינס האָבען זיך מיט אומגעדולד־צאַפּעלדיגע הערצער פון זייערע ערטער אויפגעהויבען און איילענדיג גענומען אויף זיך די קליידער אין אָרדנונג ברענגען. די טיהר פון צימער האָט זיך געעפענט און די רביצין איז אריינגעקומען.

— איז, הייסט עס, פאָהרט איהר, קינדערלעך, קיין ווארשאַ?

— וואוהין דען? אוודאי שוויגער־לעבען, קיין ווארשאַ.

די רביצין האָט זיך אויף אַ שטוהל אַוועקגעזעצט, אַ ווײַלע שווייגענדיג דער שנור מיט דער טאָכטער אָנגעקוקט און ענדליך האָט זי אָנגעהויבען:

— עפּעס שרעקט מיך, קינדערלעך, אייער אַוועקפאָהרען. אין אַ גרויסער שטאָדט פאָהרט איהר, דאָרט, וואו עס ברענט אַ פייער, וואו די וועגען פיהרען צום גיהנם... דאָרט, וואו דער יצר־הרע האָט אַ גרויסע נעץ פון חטאים און זינד פערשפרייט. און, השם יתברך זאָל אויסהיטען! אַזוי לייכט איז אין דער דאָזיגער נעץ אריינצופאַלען, אַזוי לייכט... בפרט נאָך פאַר יונגע קינדער, וואָס האָבען ביז אהער אין קדושה געלעבט, אין „הויף“ אויסגעהאָדעוועט געוואָרען. און געהען אַזעלכע קינדער אויף דער וואָכעדיגער וועלט אַרויס, לאָקערט דאַמאָלס, רחמנא ליצלן, די סטרא אחרא אַיפּ'ן וועג און די טומאָה וויל, גאָט זאָל אויסהיטען, זיך אָן די קדושה בעהעפטען...

— איהר פאָהרט, קינדער, אין אַ גרויסע שטאָדט אַוועק, וואו דער וועג איז מיט שטרויכלונגען פול, און, אוי־וועה, יעדע מינוט, יעדע רגע, קאָן זיך אַ נסיון טרעפען, און כח דאַרף אַ יודיש קינד האָבען, צו קאָנען דאַמאָלס דעם נסיון בייטטעהן... וואָרום דער וועג, קינדער, איז מיט נסיונות פול...

די רביצין האָט אַוועלכע געשוויגען און זיך פערטראַכט און שטיל האָט זי אָנגעהויבען:

— דאָס האָט מיר דער זיידע, זכרונו לברכה, דערצעהלט, היינט שטעהט עס שוין אין ספרים בעשריבען. — מיט׳ן רבי׳ן פון לובלין האָט זיך די מעשה געטראָפען, אין וועג איז ער דאַמאָלס געוועזען, צו־פוס איז ער פון לובלין קיין מעזריטש געגאַנגען, צום רבי׳ן, רבי בער, זכרונו לברכה.

— און אַ פינסטערע ווינטער־נאַכט איז דאַמאָלס געוועזען, אַ גערילטער שניי איז געפאַלען, דער פראָסט האָט דעם אָטעם פערכאַפט און דער וועג איז אַ לאַנגער און אַ פינסטערער. אַרום און אַרום זענען פוסטע פעלדער און וועלדער פערשפרייט. מייל נאָך מייל געהט דער צדיק. דער גוף ציטערט פון קעלט, די פיס פערשטאַרט פון פראָסט און די מחשבות זענען מיט גאָט ברוך הוא און זיין תורה פערנומען...

— דערזעהט פלוצלונג דער צדיק, ווי נאָהענט צו איהם שטעהט אַ קרעטשמע־הייזעל און פון פענסטער פינקעלט אַ ליכט אַרויס, האָט דער צדיק אַ שבח והודיה דעם אויבערשטען אָבגעגעבען: דאָ וועט ער קאָנען אַ ביסעל די ביינער אויסרוהען און כח אויפ׳ן ווייטען וועג האָבען. און ער איז אינגעוועניג אינ׳ם הייזעל אַריין און זיך אויף אַ בענקעל אינ׳ם נאָהענטען חדר אַוועקגעזעצט.

— און השם ישמרנו! באַלד איז אין חדר אַנ׳אשה אַריינגעקומען, אַ יפת־תואר איז זי, די אשה געוועזען און גלייך האָט זי דיך פאַר די אויגען פון צדיק אַוועקגעשטעלט און — אַ חצופה! — מיט׳ן מויל דעם צדיק אַנ׳עבירה געמאָהנט...

— גאָט זאָל אויסהיטען, אויף דער וועלט זענען אויך אַזעלכע חצופות פאַראַן!...

און געזעהען האָט דער צדיק, דאָס שווער וועט איהם זיין, אָהן אַ תירוץ, זיך פון דער חצופה׳ס הענד צו וועהרען און ער האָט זיך ביי איהר געבעטען:

— אשה, מ׳טאָר אַזאַ גרויסע עבירה נישט טהון, דו ביזט דאָך אַנ׳אשת־איש... מיתה קומט פאַר אַזעלכעס...

— איהר האָט אַ טעות, רבי, — האָט די חצופה געענטפערט — איך האָב נאָך קיינמאָל קיין מאַן ניט געהאַט, אַ פנויה בין איך...

— פֿערגעס ניט, אשה, די הייליגע גמרא זאָגט: אַכילת אָהל־תּפֿה איז אָסור.

— וועל איך, רבי, גלייך פֿון דער קרעטשמע אַמנין זיידען צו־טיפּרופֿען און מען וועט חופּה שטעלען...

און אַז דער צדיק האָט געזעהען, דאָס ער האָט פֿאַר דער חצופֿה קיין תּחבולה נישט, האָבען אָנגעהויבען טרעהרען פֿון זיינע אויגען צו גיסען און ער האָט דער חצופֿה געזאָגט:

— אשה! מבטיח געווען האָב איך איינמאָל דעם רבונו של עולם, דאָס יערע זאַך, וואָס איך וועל געהן טהון, זאָל איך פֿריהער בעטראַכטען, צי דערפֿון וועט גאָט ברוך הוא אַ נחת־רוח האָבען...

— נו, זאָג־זשע אַליין, אשה, אמת, די ביזט מותר צו מיר און ס׳איז דערביי קיין עבירה נישטאָ, אָבער וואָס פֿאַר אַ נחת־רוח וועט דען גאָט פֿון דער גאַנצער זאַך האָבען?...

-- און דער צדיק טהוט פּלוצלונג אַ קיק: ער שטעהט אין מיטען וועג. אַרום איז פּוסט. נישטאָ קיין זכר פֿון קיין קרעטשמע... וואָרום אַ נסיון, קינדער, איז דאָס געווען, אַ נסיון פֿון זיין ליעבען נאָמען, דעם הייליגען צדיק אויסצופּרובען...

די רביצין האָט שטיל געשוויגען. רבקה׳לע און רבקה׳לע האָבען זיך נאָהענט איינגע צו די צווייטע צוגערוקט און זיך פֿעסט צוגעטוליעט; און צימער האָט געדריקט אַ שווערע שטילקייט און אויף די יונגע הערצער געפּרעסט. רבקה׳לע האָט געפֿיהלט, ווי איבער איהר קערפּער לויפֿט אַ קאַלטער שוידער דורך.

— אַנדערע דורות, אַנדערע צייטען — האָט די רביצין ווייטער אָנגעהויבען — דאַמאָלס, ביים זיידען, זכרונו לברכה, ביים טאַטען, זכרונו לברכה, האָבען טעכטער און שנורען אַלע זייערע יאָהרען אין „הויף“ פֿערבראַכט, ווייטער האָט עס נישט געצויגען, פֿון קיין אַנדערע לע־בענס האָט עס ניט געחלומט... פֿון קיין עצבות האָט עס נישט געוואוסט. וואָרום, קינדער, אויף עצבות קאָן די שכינה ניט רוהען... און נענוג בּרייט, קינדער, איז דער „הויף“ געווען, קיינער האָט אין איהם קיין ענגשאַפֿט ניט געפֿיהלט. מען האָט ניט געטראַכט וועגען קיין „ריוועס“, וועגען פֿאָהרען אויף אַנדערע וועגען, אין אַנדערע וועלטען... וואָרום דער „הויף“ האָט יעדע נשמה אויפֿין צאַצען לעבען געשפּייזט, אַלע בעדערפֿנישען געזעטיגט... און פֿער־קעהרט גאָר: מענשען פֿון די גרויסע שטעדט, פֿון דער ברייטער וועלט,

װענען יעדעס מאָל אין „הויף“ געקומען זייערע נשמות שפּאַצירען, הײַנט דאָרט אין די גרויסע שטעדט איז זיי ענג געװען, זייערע נשמות װענען פערטרוקענט געװאָרען... אמת, קינדער, היינט װענען אנדערע דורות, אנדערע צייטען. די מענשען פון די גרויסע שטעדט קומען נאָר אַהער אין „הויף“ נאָך פּרנסה, נאָך קינדער... מעהר דאַרפען זיי ניט, װײַטער פּעהלט זיי ניט...

דער בעל־עגלה האָט אין פענסטער אנגעקלאַפּט:

— רביצין, מ'װעט די באַקן פערשפּעטיגען...

די רביצין האָט זיך פון שטוהל אויפגעהויבען, נאָר ביידע שװעגערינס װענען נאָך אַלץ כמעט אומבעװעגליך געבליבען זיצען. דבורה'לע האָט די אויגען צו דער ערד אַראָפּגעלאָזען און רבקה'לע האָט געציטערט.

— נאָר נישט מחויערן, קינדער, אַ אידישע טאָכטער דאַרף שטענדיג בטחון צו גאָט ברוך הוא האָבען...

די שװעגערינס האָבען זיך נישט־דרייסט פון זייערע ערטער אויפגעהויבען, די רביצין איז מיט זיי צוזאַמען פאַר דער טיהר אַרויס. און שטילשװײַגענדע און מיט שװערע אומעטיגע רעיונות האָבען דבורה'לע און רבקה'לע זיך אין דער קאַרעטע אַײַנגעזעצט.

די קאַרעטע האָט זיך גערירט פון אָרט און אָבשיעד גענומען פון „הויף“. די רביצין האָט זיי עטליכע מריט בעגלייט:

— געדענקט, קינדער, דער װעג איז מיט שטרויכלונגען פול. אויפ'ן װעג טרעפען זיך, גאָט זאָל אויסהיטען, פערשיעדענע נסיונות טרעפען...

שנעל האָט זיך די קאַרעטע אויף איהר װעג געלאָזען און הייט אויפ'ן שאָסיי פערשװאונדען. און פון װײַטען האָט נאָך אַלץ אין די אויערען פון די יונגע פאַכאַושירקעס געקלונגען:

— געדענקט, קינדער... דער װעג איז מיט שטרויכלונגען פול...

———————

# XV.

## איינגעגעבען זיך.

זינט מרדכי'לע האָט ערהאַלטען דעם בריעף פון זיין חבר דוד, װעלכער האָט איהם אַזוי איבערראַשט, האָט ער ניט אויפגעהערט

צו טראַכטען פּלענער, ווי אַזוי און דורך וואָסערע מיטלען ער זאָל קאָנען פאָהרען קיין וואַרשא.

פערשיעדענע איינפאַלען און תחבולות האָבען זיך ביי איהם אין קאָפּ געזעצט, ווי אַזוי צו געפינען עפּעס אַ געלונגענעם אויסריד, צוליעב וועלכען דער „הויף" זאָל איהם מיט'ן גוטען ווילען אַ הסכמה געבען אויף דער רייזע און דערביי דעם מינדעסטען חשד ניט דער־וועקען. געמאַטערט האָט ער זיך, געזוכט עצות, געטראַכט פּלענער, נאָר — אומזיסט. ס'איז שוין דער בעשטימטער טאָג, דינסטאָג, געקו־מען, דער טאָג, אין וועלכען ער האָט געהאָפט קיין וואַרשאַ פאָה־רען און פון אַלע זיינע פּלענער האָט ער קיין איינעם פאַר קיין ריכ־טיגען נישט געפונען, און מרדכי'לע האָט זיך אין אַ פערצווייפעלטער לאַגע געפיהלט.

— וואָס טהוט מען? „זיי" זענען שוין געוויס אין וועג... און גאַניך מעגליך, זיי זענען שוין אין וואַרשא און קוקען אויף מיר אונגעדולדיג אַרויס...

און אַרומשפּאַצירענדיג דינסטאָג אין דער פריה מיט אַזעלכע פערצווייפעלטע געדאַנקען, איז ער גאָר אונגעריכט געוואָהר געוואָ־רען פון אַ נייעס, פון וועלכעס ס'איז איהם פּשוט ליכטיג געוואָרען אין די אויגען. אויף אַ בעסערע געלעגענהייט, ווי אַזאַ, וואָלט ער גאָר ניט געחלומ'ט: אין „הויף" איז אַ בריעף דערהאַלטען געוואָרען, דאָס דער רבי ווערט געבעטען צו קומען אינ'ם זעלבען טאָג קיין וואַרשא אויף דער רבי'שער אַסיפה וועגען אויסגלייכען דעם סכסוך, וואָס איז אַרויסגעקומען מכח ארץ־ישראל־געלד.

גלייך האָט זיך דער רבי גענומען גרייטען צו דער נסיעה. אין „הויף" האָט מען די קאָטש געשפּאַנט און דער משמש האָט אַלע נויטיגע הכנות אין וועג אַריין צוגעגרייט.

מרדכי'לע איז צום פאָטער, דעם רבי'ן, אין חדר אַריין.

דער רבי האָט זיך האַן אויף און אָב אַרומגעדרעהט, איציקעל איז ביים שאַנק ספרים געשטאַנען און געהאַלטען עפּעס אין מיטען אַ שמועס מיט'ן רבי'ן. ביי מרדכי'לעס אַריינקומען איז דער שמועס איבערגעריסען געוואָרען און איציקעל האָט מבלומרש'ט אין דער שאַנק גענישטערט, ווי ער וואָלט עפּעס אַ ספר געזוכט...

— טאַטע — האָט ער שטיל, אונטערטעניג זיך צום פאָטער געווענדעט — אפשר קאָן איך אויך קיין וואַרשא מיטפאָהרען?...

— קיין ווארשא? וואס פאר א עסקים האסטו מיט ווארשא?

— דער טאטע פאדערט דאך אהין איך דער אכיפה, האלט איך דעם טאטען דארט משמש געוועזען...

— און ביטול תורה?...

— די גמרא זאגט דאך — האט מרדכי'לע געשטאמעלט רויט-ווערענדיג — דאס שימוש... איז גרעסער, ווי תלמוד תורה... און אגב וויל איך דארט אין ווארשא עטליכע ספרים קויפען. כ'האב שוין לאנג בדעה געהאט זיי אויסצושרייבען...

— נו, מילא, — האט דער רבי נאך א קורצען ישוב-הדעת געענטפערט — לערן-אב פריהער דעם שיעור און זיי עפעס טועם...

מלא שמחה איז מרדכי'לע פון רבי'ן ארויס און צו זיך אין צימער אוועק. לאנג איז ער אזוי ביים פענסטער געזעסען און פאנטאזירט וועגען זיין נאהענטע בעגעגעניש... ביז די טיהר פון צימער האט זיך געעפענט און איציקעל איז אריינגעקומען, האלטענדיג אין האנד עטליכע מלבושים פאר מרדכי'לען, ער זאל זיך איבערטהון אין וועג אריין.

— נו, וואס זיצטו? די קאטש איז שוין געשפאנט, דער פעטער איז שוין גרייט. נא, די מוהמע האט דיר די מלבושים אריינגעשיקט...

מרדכי'לע האט איהם שארף אנגעקוקט, סאיז איהם שטארק קשה געוועזען, וואס איציקעל פארעט זיך אזוי פון זיינעטוועגען, בעדיענט איהם, און אליין די מלבושים אריינגעטראגען...

— וואס שטעהסטו?

מרדכי'לע האט גארניט געענטפערט. איציקעל האט איהם געהאלפען אראבציהען די מלבושים און איבערבייטען זיי אויף אנדערע. און פארענדיג זיך, העלפענדיג איהם די ארבעל אראבשלעפען, איז איציקעל דערהוויל שנעל אריין מיט דער האנד אין איינע פון זיינע בוזים-קעשענעס, פון וואנען ער האט א קאנווערט מיט א בריעף ארויסגעשלעפט און געשווינד צו זיך אין קעשענע פערשטופט...

— בקיצור, איל זיך צו, די קאטש שטעהט שוין פאר'ן טויער — האט איהם איציקעל אונטערגעיאגט און איז געשווינד פון מרדכי'לעס צימער ארויס.

דער רבי מיט מרדכי'לען זענען פון דער טיהר ארויס און זיך אין דער קאטש אריינגעזעצט. די רביצין מיט די „הויף"-מענ-

שען וועגען געשטאנען אין הויזען און זיך פון דערווייטען מיט די איבריגענדע געזעגענט.

— דער „קליינער" געפעלט מיר נישט — האט איציקעל נישט אויפגעהערט פאר זיך איבערצוחזר'ן, באגלייטענדיג מיט זיין בליק די קאטש, וואס איז שוין ווייט פערשוואונדען אויפ'ן שאסיי. האט פיהרט צו דער באהן, און תיכף איז ער אוועק אינ'ם רבינ'ס גארטען אריין, וואו ער האט זיך אנ'ארט צווישען די בוימער אויסגעוויזט און דעם בריעף פון קאנווערט ארויסגענומען.

דורשטיג האט ער יעדעסווארט געשלונגען, און ווען ער האט נאך רעכט ניט בעוויזען דעם בריעף צו ענדיגען, איז ער ווי א צו־קאכטער פון ארט אויפגעשפרונגען:

— א־הא, א־ווא! און ווען איך וואלט דאס וויסען מיט א צעהן מינוט פריהער, איידער די קאטש איז אוועקגעפאהרען!... ווען איך וואלט דאס פריהער וויסען!...

— און דערפאר האט ער דאס אזוי געחלש'ט נאך ווארשא פאהרען!... ווי א פרום יראת־שמים פנימ'על ער האט דאס פאר דעם רבי'ן אויסגעשטעלט!... ער וויל נאר פאהרען, זאגט ער, דעם רבי'ן משמש זיין!... אוי, א תכשיט, אוי, א כלי!... ער האלט שוין איף א גוטען הדך... געמאכט דארט א בעשטעלונג אין ווארשא, א גוטען טאג צו לעבען... דארט וועט ער זיך מיט דער כלה זעהען...

— איך האב אבער געזאגט, אז דער „קליינער" געפעלט מיר נישט!... מען טאר גאר צו אזעלכעס ניט דערלאזען, אנ'אמת'ער חלול־השם!... נו־נו, ער האט זיך שוין ביי מיר געקויפט מבטיר... אזא חלול־השם! מען דארף תיכף צו דער רביצין אריינגעהן און איהר דעם בריעף פון איהר תכשיט ווייזען...

און א צוקאכטער איז איציקעל אין דער קיך אוועק און פון דארט אין דער רביצינ'ס שטוב אריין...

---

## XVI.

## אויף דער פרייהייט.

איינס אזייגער ביטאג איז געווען, ווען די צוויי שדכנ'טעס זיינען אנגעקומען קיין ווארשא. ביי דער באהן האט זיי אבגעוואר־

דבורה׳לעס מוטער מיט די עלטערע אויסגעגעבענע טעכטער און שנורען.

און גיטל איז געווען די שמחה ביי דער באַגעגעניש און אָהן אַנ׳אויפהער דאָס קושערייַ. ביי דבורה׳לעס מוטער האָבען זיך פרייד־טרערען געשטעלט אין די אויגען, זעהענדיג צו וואָס פאַר אַ גליקליכע מדרגה איהר טאָכטער האָט דערגרייכט, און אין האַרצען האָט זי אַ דאַנק און אַ לויב צו גאָט אָבגעגעבען, פאַר דעם נחת און גדולה, וואָס זי האָט דערלעבט. זי האָט זיך גאָר נישט געקאָנט זאַט אָנקוקען פון דער „דינאַמעריע", אַ הייַנטמאָדיש רבי׳ש־נגידיש שייטעל פון זיידענע גאַזע, וואָס האָט דבורה׳לעס קאָפּ צוגעדעקט און דערמיט אויף איהר אַ באַזונדערען סטעמפּעל געלעגט, אַ באַזונדערען חן אויסגעגאָסען. אַזוי, דאָס יעדער איינער, וואָס וועט די גאַס דורכגעהן און אַ בליק טהון אויף דעם יונגען ווייבעל מיט דער זיידענער „דינאַמעריע", וועט ער גלייך וויסען, אַז דאָס איז ניט גלאַט קיין אַבי־ווער ווייבעל, נישט קיין אַבי־ווער שנור. יחוס און קדושה וועט ער גלייך פון דער „דינאַמעריע" דערקענען און וויסען, אַז דאָס איז אַ יונגע שנור, וואָס זיצט אין אַ „הויף" צווישען הייליגע רביצינס, וואָס איהר מאַן איז אַ רבינ׳ס אַ קינד, אויף וועלכען סיטהוט די שכינה רוהען און איבער הינדערט און צוואַנציג יאָהר וועלען חסידים נאָך זיין קאַרעטע נאָכלויפען...

אויף דער פּלאַטפאָרמע נעבען וואָקזאַל שטעהען יודען און יודינעס, פּאַסאַזשירען און פּאַסאַזשירקעס, און קוקען זיך נייגעריג צו צו די אונבעקאַנטע געסט, אויף וועלכע סיטהוט נגידות און חסידות שמעקען. און די גליקליכע מאַמע בעמערקט דאָס; זי זעהט ווי די גאַנצע וועלט קוקט אויף איהר און אויף איהר טאָכטער און זעגנען זיי מקנא, און זעהען זעהט זי, דאָס נאָהענט נעבען זיי שטעהט אַן אַלטע יודענע אין אַן אַלטען טשיפּיק אויפ׳ן קאָפּ און פרום שאָקעלט דער קאָפּ און אונזעטיג קוקען די אויגען און אויף די אַלטע פאַרטרוקענטע ליפּען טהוט זיך אַ פרום שמייכעלע באַוועגען און די דאָזיגע ליפּען שאָקלען זיך און שעפּטשען עפּעס, און די אויגען ווערען דערביי צום הימעל פערגלאָצט. וואָס שאָקעלט דער אַלטער קאָפּ? וואָס שעפּטשען די אַלט־פערדאַרטע ליפּען?

דאָס גיבען זיי אַ דאַנק זיין ליעבען נאָמען אָב, דאָס זעגנען זיי די גליקליכע מענשען אויף דער וועלט מקנא:

געלויבט ביזטו, השם יתברך... אז וואויל און גוט איז דעם מענשען, וואס איז צו אזא נחת אויף דער וועלט זוכה...

און די מאמע בעמערקט, די מאמע זעהט דאס, און דער מאמעס הארץ וואקסט פון גליק און פרייד און איהר הארץ איז פול איבער די ברעגען...

און די אויסגעגעבענע טעכטער און די עלטערע שנורען קוקען אויף זייער שוועסטער און שוועגערין, וואס לעבט אין אנאנדערע וועלט ווי זיי, אין אנאנדער אטמאספערע ווי זיי, און זיי קוקען אויף די יונגע רבי׳שע טאכטער, רבקה׳לע, וועלכע איז צו דבורה׳לען אזוי נאהענט, אזוי הארט צוגעטוליעט... און די „דינאמעריע" אויף דבורה׳לעס קאפ דערוועקט אין זיי א בעוואונדערען עהרע-געפיהל און צוזאמען דערמיט עפעס א פערבארגענע קנאה...

און די גליקליכע מאמע מיט איהרע שנורען און טעכטער זענען פון פלאטפארמע אין וואקזאל אריין און פון דארט ארויס אויף דער ברייטער גאס, וואו מען האט זיך אין עטליכע דראזשקעס אריינגעזעצט און אהיים פערפאהרען. דארט האט שוין דער פאטער, ר׳ ברוך גלאזמאן מיט די נאהענטע משפחה, די ליעבע געסט אפגעגעווארט, די קעכינס האבען זיך אין קיך געפארעט און פון אלעם גוטען צוגעגרייט.

און ווען די טיהר האט זיך געעפענט און די געסט האבען זיך בעוויזען, איז די שטוב מיט א אונגעהויערע שמחה אנגעפולט געווארען, פריש האט מען זיך צוקושט, און פריש זענען די הערצער פון נחת און גליק געוואקסען, און —

— וואס מאכסטו, טאכטערשי?... און די יונגע כלה — די שכינה, קיין עין-הרע, רוהט דאך אויף איהר פנים!... ווי האט זיך דיר דארט אין „הויף" געלעבט?... אפשר א גלאז טהיי מיט עטליכע מאנדעל-ברויטלעך? רבקה׳שי, טהו דיר אויס דעם מאנטעל... אפשר א ביסעל שטיק מיט געהאקטע פארפעלעך?... וואס זעהסטו, דבורה׳שי, אזוי שלעכט אויס? פון וועג אודאי מיעד... לא׳מען זשע צום טיש גרייטען, דו ווערסט עפעס עסען, דבורה׳שי, אין פארוואס זעצטו זיך נישט, רבקה׳שי, צום טיש?... האסט עפעס געבענקט, דבורה׳שי, אהיים?... וויז נאר, וועלכעס קלייד האסטו, דבורה׳שי, אנגעטהון?... זעה נאר מיין לעבען, דאס קלייד איז דאך נאך שפאגעל-ניי, ווי מען וואלט דאס ערשט פון שניידער אבגעבראכט!... גלייב מיר, קוינע-

שי, האסט עס אַודאי איצט צום ערשטען מאל בעגייט... טאקי אמת? וואב זאגסטו! צום ערשטען מאל!... נו, צוריק געשמועסט, וואס איז דער חדוש? ביזט דאך עפּעס, קיין עין־הרע, אַרביצין איצט, וואו האסטו דען דארט געהאַט צו שפּאצירען? איינמאל פּאַסט טאקי ניט פאַר אַ רבי'שע שנור צו געהן שפּאצירען אונטער דער שטאָדט צי אין וואַלד, וואו „ס'פּעקבעל" געפינט זיך... און צווישענס, לאָ'מיך גאָט אין הימעל, מיין גאַנין לעבען אַזעלכע גליקליכע יאָהרען האָבען, וואָס פאַר אַ נחת און תענוג ס'איז אין „הויף" צו פערברענגען... ווען גאָט בענשט — ס'איז דאך אַ גן־עדן דאָרט, ס'יודישע מלכות שפּיגעלט זיך דאָרט אין יעדען ווינקעלע אָב... מיר וואלט מען דאך ניט וועהרען צו זיצען גאַנצע חדשים מיט דער רביצין, ס'הייסט מיט דער מחותנת'טע, זאָל געזונד זיין, און איהרע קלוגע רייד אויסהערען!... און איך האָב דאך גאר פּערגעסען. וואס מאַכט עפּעס לייבעלע, זאָל געזונד און שטאַרק זיין? נעהם, דבורה'שי, אַ ביסעל איינגעמאַכטץ... דבקה'שי, לאָז דיך נישט בעטען...

און אַזוי איז די פרעהליכע מאַמע אַלין נישט מיד געוואָרען. פון האַרצען האָט זיך אַ שטראָם פרייד און גליק געגאָסען און פון מויל — ניין' מאָס רייד...

די שנירען און טעכטער זענען איבער'ן שטיב אַרומגעלאָפען און זיך פאַר די ליעבע געסט געפּאָרעט. אַ טיש האָט מען סערווירט און אויפ'ן טיש האָט פון אַלראַם גוטס ניט געפעהלט. אַ מיטאָג פון שענסטען און בעסטען האָט מען געפּראַוועט. די פּנים'ער האָבען געשטראַהלט, די הערצער האָבען זיך פון פרייד בעוועגט, און אַלין לכבוד די ליעבע געסט, אויף וועלכע ס'האָט דער „הויף"־יחוס און די „הויף"־קדושה געשוועבט און וועלכע זענען איצט ביי אַלע טייער און היילייג געווען...

און די ליעבע געסט? — אָהן אַפּעטיט האָבען זיי געגעסען שוואַך האָבען זיי די שמחה געפיהלט, קורץ זענען זייערע ענטפערען אויף די ניין מאָס רייד געווען, דען ערגעץ אַנדערש־וואו האָבען זייערע פאַנטאַזיעס געשוועבט, וועגען אַנדערע — געטראַכט און געדענקט...

* *
*

טונקעל איז געווען אין צימער, וואו די צוויי שוועגערינס האָ־ בען זיך נאָכ'ן מיטאָג ווען אויסגערוהט, צוגעלעגט זיך אויף די

בעטען און זיך איינגעשלאפען. געהאפטענע אושר-ראלעטען האבען היים פענסטער פון צימער איינגעהילט, און די גאלמיטאג-ליכטיג-קייט פון דרויסען, וואס האט זיך אין צימער אריינגעריסען, איז דורך די ראלעטען-שלייער ווי פערשפארט און פערהאלטען געווארען און ווי דורך א זיפ האבען זיך געצעהלטע שטראהלען דורך דעם שלייער אריינגעגנב'עט, צולעגט זיך איבער'ן צימער און אויסגעגאסען אויף איהם א בעל-הבתישען-גידישען גלאנץ...

ווען די שוועגערינס האבען די אויגען געעפענט איז שוין אין דרויסען א טונקעלער פארנאכט געשטאנען. די טהיר האט זיך לאנג-זאם עטוואס געעפענט, און שטיל, נישט די קינדער אויפצוזועקען, האט זיך אין דער טהיר די מאמע קאפ בעוויזען און מיט א גליקליכען שמייכעל אין צימער אריינגעקוקט:

—א גוטען אויפשטאנד, טעכטערשי, דו שלאפסט שוין ניט?...

דערזעהען, אז די קינדער שלאפען שוין ניט, האט די גליקליכע מוטער שוין ברייטער געעפענט די טהיר און אין צימער אריין.

— דו ווייסט, טאכטערשי, א גאסט ווארט דאך אויף דיר אין עס-צימער. שוין מעהר ווי א שעה, אז דער גאסט קאן פשוט פון אונגעדולד נישט איינזיצען. עטליכע מאל בין איך אלץ צו דער טהיר דא צוגעגאנגען, נאר איך האב דיך ניט געוואלט אויפוועקען.

— ווער, מאמעשי, איז דער גאסט?

— ווען דו זאלסט מיך, דבורה'שי, פאלגען, וואלט איך דיר געזאגט, דאס דו זאלסט זיך וואס וועניגער מיט דעם דאזיגען גאסט זיך גיבען... „גוט-מארגען — א גוטען טאג" און — יוצא... נאר פון דער-ווייטען זיך האלטען, פערשטעהסט, דבורה'לע? נאר פון דערווייטען!... דו ביזט שוין היינט, ברוך השם, ניט קיין קינד, איז גאט, נישט עפעס א בי-וועך. דארפסט זיך וויסען ווי אזוי צו האלטען, ניט אבגעבען זיך צופיעל מיט קיינעם, פערשטעהסט, טאכטערשי?...

— איך פערשטעה, איך פערשטעה... — האט דבורה'לע מיט א איראניש שמייכעלע דער מוטער'ס ווערטער איבערגעריסען — אבער ווער, מאמעשי, איז דער גאסט?

— דיין אלטע חברטע, בהינשוויג'ס.

— רחוטשע!

און ניט ווארטענדיג אויף דער מוטער'ס ווייטערע ווערטער, און ניט בעשטאנדיג אפילו דעם שטרענגען בליק, האט די מוטער האט

אויף איהר געוואָרפֿען, זעהענדיג ווי איהר טאָכטער איז פּלוצלונג אַזוי איבעראַשט געוואָרען, דערהערענדיג דעם נאָמען פֿון איהר אַמאָליגע חבר'טע, וואָס באמת פּאַסט גאָרנישט אַזעלכעס פֿאַר אַ רבי'שע שנור... — איז דבורה'לע גלייך אַריינגעלאָפֿען אין עס-צימער, וואו די צוויי חבר'טעס זענען זיך אויף די העלזער געפֿאַלען, פֿעסט איינע אין דער צווייטענס אָרעמס צונויפֿגעדריקט און לאַנג-לאַנג זיך ניט געקאָנט פֿונאַנדערשיידען, ווען נישט דבורה'לעס מוטער, וואָס האָט זיך באַלד אין עס-צימער בעוויזען, און זעהענדיג ווי היים און שטאַרק די צוויי חבר'טעס זענען צונויפֿגעטוליעט, האָט עס איהר גאָר ניט געשמעקט. וואָרום געוואָלט האָט זי, דאָס איהר טאָכטער, די רבי'שע שנור, וואָס טראָגט אַ „דינאַמעריע" אויפ'ן קאָפּ, זאָל וויסען איהר שטאַנד, פֿערשטעהען איהרע פֿליכטען, וויסען מיט וועמען יאָ און מיט וועמען ניט צו רעדען. און אַז רעדען — נישט קיין סך, נישט צופֿיעל, נישט אויסגעקאָכט זיין מיט קיינעם. וואָרום אַ רבי'שע שנור מיט אַ „דינאַמעריע" איז זי, וואָס זיצט אין „הויף" מיט רביצינס צוזאַמען... און ווי קומט איהר טאָכטער צו די ברוינשווייגס?... אַמאָל — איז אַמאָל, אָבער איצט?... וואָס איז דאָס פֿאַר אַ „פּאָר"? ווי היים זי איז דאָס אַזוי צוגעפֿאַלען צו איהר!... — און די מאַמע, שיינדעלע, האָט זיך מיט אַ שטאָך-שמייכעלע אָבגערופֿען:

— קיין עין-הרע, אַזאַ לאַנגער קוש-וואָך!... זאָל שוין זיין גענוג... מיט דער מאַמעשי האָסטו זיך, דבורה'ניו, גאָר נישט אַזוי היים צוקושט, ווי מיט דיין חבר'טע ריוועטשע...

דבורה'לע האָט ווי נישט געמאַכט זיך הערען די מוטערס שטעך-ווערטלעך. זי איז צוזאַמען מיט ריוועטשען אין איהר צימער אַוועק, וואו זי האָט זי מיט איהר שוועגערין רבקה'לע בעבריינרעס. און אַלע דריי זענען זיי דערנאָך אויפ'ן באַלקאָן אַרויס, וואו די דיענסט האָט טהיי מיט געבעקס דערלאַנגט.

לאַנג זענען די חבר'טעס געזעסען און זיך אויסגעשמועסט וועגען אַלץ, וואָס איז זיי נאָהענט און היימיש געווען. דבורה'לען האָט זיך געדאַכט, ווי זי וואָלט שוין יאָהרען-יאָהרען לאַנג פֿון איהר היים געווען אָבגעריסען און ערגעץ ווייט-ווייט געווען פֿערוואָרפֿען אויף אַ היסטען אינזעל, און, ווי דורשטיג נאָך יעדען היימיש וואָרט, האָט זי איצט געהאַלטען אין איין שיטען מיט פֿראַגען, און איידער זי האָט נאָך די גאַנצע תשובה אויף איין פֿראַגע בעקומען, האָט זי שוין

א צהייטע גרייט געדאַט: „וואָס מאַכט די חבר'טע? און וואָס מאַכט יענע? און צי האָט שוין יענע תנאים געשריבען? און פאַרוואָס איז ביי יענע דער שדוך אָבגעגאַנגען? און יאָ... וואָס איז געווען דער סוף פונ'ם העלד יאַנושעק, האָרט אינ'ם פּוילישען ביכעל, וואָס זי האָט נישט געענדיגט. אַ שאָד, — ס'איז אַזאַ שען ביכעל געווען!"...

רבקה'לע דעם רבינ'ס טאָכטער איז געזעסען שטיל און זיך צוגעהערט מיט נייגיעריגקייט צו דעם אַלעם, וואָס די צווי חבר'טעס האָבען צווישען זיך געשמועסט. און מיט ערנסט־פערטראַכטע אויגען האָט זי געקוקט אויף זיי און זיך צוגעהערט, צוגעהערט... און עפּעס אַזוי מאָדנע האָבען פאַר איהר זייערע ווערטער געקלונגען, אַזוי אונפערשטענדליך... „וואָסערע מאָדנע מיידלעך ס'זענען אין די גרויסע שטעדט. צום ערשטען מאָל זעהט זי אַזעלכע, צום ערשטען מאָל הערט זי אַזעלכע שמועסען... מאָדנע מיידלעך, מאָדנע, מאָדנע!"...

און יעדעס מאָל האָט זיך אונטער דער גלעזענער טהיר געוויזען די מאַמע שיינדעלע'ס קאָפּ, און דער קאָפּ האָט געשאָקעלט מיט פערוואונדערונג, אויפ'ן פּנים האָט זיך אַ בייזע גרימאַסע צולעגט און די ליפּען האָבען מיט כעס געוואָרטשעט:

— ווי עס שעמט זיך נישט!... אַ רבי'שע שנור מיט אַ „דינאַמעריע"... אין „הויף", געלויבט ביזטו גאָט, מיט רביצינס צוזאַמען... און ווי זי האָט זיך דאָס אַרומגעהאַפּט מיט דער דאָזיגער מויד:... ווי עס שעמט זיך נישט! ווי עס שעמט זיך נישט!..



אויף דער פּלאַטפאָרמע איז געשטאַנען אַנ'עולם חסידים און אָבגעוואַרט דעם צוג, מיט וועלכען דער חאַשטינער רבי האָט געדאַרפט קומען. וואָס אַ מינוט איז אַלי'ן דער עולם געוואַקסען. חסידים־מותרים האָבען אין מיטען העלען טאָג דעם מאַרק מיט די מסחרים אַוועקגעוואָרפען, חסידישע בחורים האָבען אין די שטיבלעך די גמרות פערמאַכט, די סאַמעטענע היטלען אָנגעטהון, די פּאות מעהר בולט'ער אויפ'ן הויסען אויסגעשטעלט און אַזעק אַהער — דעם רבי'ן מקבל־פּנים זיין.

דער צוג האָט זיך בעוויזען. חסידים האָבען זיך נאָהענט צו די רעלסי'ן צוגעשטופּט, די פּנימ'ער מיט די הענד אויסגעשטעלט,

גלייך ווי זיי וואָלטען וועלען דעם ציג איינהאַלטען, און איהם מיט די הענד פערהאַפּען...

דער רבי איז פון וואַגען אראָב, חסידים האָבען זיך נאָהענט צו די טרעפּלעך דערנעהנטערט און ממש דעם רבי׳ן בעלעגערט. אַנגעשאַפּט און דריקעניש מיט אַ מבּול אויסגעשטרעקטע הענד נאָך שלום־עליכמ׳ס: שלום עליכם דעם רבי׳ן און שלום־עליכם דעם רבינ׳ס זוהן, מרדכי׳לע, וואָס איז נעבען רבי׳ן געשטאַנען, צוגעפּרעסט צום אָרט און ניט געקאָנט אין דער בעלאַגערונג קיין טריט שטעלען.

אין דריטען נעבען וואָקזאַל איז שוין גרייט געשטאַנען אַ „גומקע“, אין וועלכער דער רבי מיט מרדכי׳לען און דער משמש האָבען זיך אַריינגעזעצט. צוזאַמען מיט זיי — אויך עטליכע מקורבים, גרייטע חשובים, חסידים־גבירים, וואָס ביי איינעם פון זיי וועט דער רבי „איינשטעהן“ און אַכסניה האָבען. נאָך דער „גומקע“ האָבען זיך חסידים מיט דראָזשקעס געצויגען: מען מוז דעם רבי׳ן נאָכפאָהרען, בעגלייטען איהם צו ר׳ יודעלע עסיגמאַן אין הויז, ביי וועמען דער רבי וועט „איינשטעהן“.

און ר׳ יודעלע עסיגמאַן האָט איצט, לכבוד דעם רבי׳ן, גענומען זיין הויז, אַלע צימערען מיט דער שענער ווירטשאַפט און עס ממש פאַר די חסידים מפקיר געווען: נאַט, טהוט, וואָס איהר ווילט, איצט איז עס פון מיין רשות אַרויס, איצט זענען מיר גלייכע מחותנים. נאַט, שטופּט זיך, שטויסט זיך, קריכט אויף טישען און שטוהלען, פערשמירט די פּאָדלאָגעס, דראַפּעט זיך אויף די שענק, צולעגט זיך אויף די בעטען, גיסט־אָן קאַלוזשעס וואַסער אויף די גלאַנצירטע פּאַרלאָגעס, פערגעצט און פערברודיגט די וויס־קלאָרע האַנדטיכער... טהוט. וואָס אייך געפעלט. דער רבי „שטעהט־איין“ ביי מיר, איך בין איצט אויס בעל־הבית געוואָרען!...

און די חסידים ווייסען דאָס, די חסידים פיהלען דאָס: אַזוי, ווייסען זיי, דאַרף איצט זיין, און אַזוי טהוען זיי טאַקי...

אין די טעג פון אַ גאַנץ יאָהר, אין אַ פּראָסטען וואָכעדיגען טאָג, אַז אַ חסיד דאַרף צום גביר, ר׳ יודעלע עסיגמאַן אַריינקומען, וועט ער פריהער אין פאָדער־הויז דעם שטויב פון זיך אָבקלאַפּען, די שטיוועל פון די בלאָטע אָבּרעניגען, און אַריינגעהן וועט ער מיט דרך ארץ, מיט הכנעה, זיך גוט פריהער אויסהוסטען, דאָס היטעל אויפ׳ן קאָפּ אין אָרדנונג ברענגען, און קומט ער אַריין, וועט ער פריהער

אַ אונטערטעהניגען „גוט-מאָרגען“ מיט חניפה אויסרעדען, ביי דער טהיר פון עס-צימער וועט ער שטעהן און וואַרטען, ביז ר' יודעלע וועט איהם בעטען: „קומט ווייטער“, וועט איהם אַ שטוהל אָנווייזען און דער חסיד וועט זיך אויף אַ האַלבע שטוהל זעצען און אונטערטעהניג, חניפה'דיג וועט ער ר' יודלען אין די אויגען אַריינקוקען... איצט אָבער, איצט איז גאָר עפּעס אַנדערש: דער רבי „שטעהט-איין“ און חסידים געהען פּראַנק און פריי אַריין און אַרויס, דרעהען זיך אַרום אין די צימערען, חיבערען וואַרפען מונד-שטיקען מיט אַש אויף די פּאָדלאָגעס, היימיש און פריי, ממש ווי ביי זיך אין דער-היים...

דער רבי מיט מרדכי'לען זענען געזעסען אין אַ באַזונדער צימער, צוזאַמען מיט עטליכע „שענע יודען“, חסידים און גבירים, וועלכע האָבען מיט'ן רבי'ן וועגען וויכטיגע ענינים געשמועסט און עצות געפרעגט. ביי דער טיהר איז געשטאַנען דער משמש און זיך דעם האַלז געריסען, ניט געקאָנט זיך קיין עצה געבען מיט'ן גרויסען עולם, וואָס איז וואָס אַ מינוט אַלץ געדיכטער געוואָרען, און געשטופּט זיך אין דער טהיר אַריינצוגעהן „שלום“ נעהמען.

צווישען עולם האָט זיך אויך דוד געפונען; און אַ חינקעל אַנטקעגען דער טהיר איז ער געשטאַנען און געוואַרט, ביז ער וועט די געלעגענהייט האָבען, מרדכי'לען צו זעהען אין ערגעץ, אונבעמערקט, מיט איהם אַ פּאָר ווערטער רעדען...

ווען מרדכי'לע האָט די טהיר פון רבי'נס חדר געעפענט און דוד'ן דערזעהען, איז ער אַ ווײַלע אין דער אָפענער טהיר געבליבען שטעהן און זיך אויפ'ן עולם אַרומגעקוקט, און זעהענדיג, אַז דער עולם בעמערקט נישט, האָט ער אַ וואונק געטהון צו זיין חבר דוד, און באַלד זענען זיי יעדער פאַר זיך, אַרויס אויפ'ן גאַס, וואו זיי זענען אין אַ ווײַטיג געסעל אַוועק, דאָרט, וואו קיין בעקאַנט אויג זאָל זיי ניט בעמערקען.

— זענען „זיי“ שוין געקומען?..

— מן-הסתם. איך בין אַ גאַנצען טאָג אין דערהיים נישט געוועזען. אָבער, ווי אַזוי וועסטו זיך מיט איהר טרעפען?

— היינט, פערשטעהסטו דאָך, איז שוין שווער... מאָרגען וועט די רבי'שע אסיפה פאָרקומען, דער טאַטע וועט דאָרט ביז שפּעט אין דער נאַכט פערעסק'ט זיין אין דאַמאָלס...

צו דאַמאָלס... — האָט הירש אונטערגעכאַפּט, נאָר ביידע האָבען זיך ווי געשעמט וועגען דעם „דאַמאָלס" צו רעדען...

— אַלזאָ, מאָרגען, מאָרגען...

די חברים האָבען זיך די הענד געדריקט און זיך צושיידט.

נאָך 12 אַזייגער אין אָוועגד איז שוין געווען, ווען הירש איז אַהיים געקומען, און עפּענענדיג די טהיר איבערראַשט געוואָרען.

אין צימער זענען די צוויי שוועגערינס געשטאַנען, און די מאַנטלען אָנגעטהון, גרייט געווען צו געזעגענען זיך און בחינשטיינ'ס הויז צו פערלאָזען.

הירש איז ווי אין אַפּערלעגענהייט געבליבען שטעהן, געקוקט, היט־ווערענדיג, דאָ אויף דבורה'לען און אויף איהר שוועגערין, דאָ אויף דער מוטער און שוועסטער. אַלע זענען אויסגעקומען אַנטקעגען איהם, און ער האָט זיך קיין אָרט ניט געקאָנט געפינען. נאָר דאָ האָט איהם די מוטער פון פערלעגענהייט אַרויסגעהאָלפען:

— ועהסט, הירש, דאָס איז דאָך... דערקענסטו זי ניטש?... דאָס איז דאָך גלאָזמאַנ'ס טאָכטער, דעם רבינ'ס שנור...

— כ'ווייס... כ'דערקען... — האָט הירש געשטאַמעלט, וואַרפענדיג אַזייטיגען בליק אויף דבורה'לען און מאַכענדיג דערביי אַגאַנץ אונשולדיגע מינע.

און די שוועגערינס האָבען אַגוטע נאַכט געוואונשען.

———————

—הו פערשוואַרצט מיר דאָס פּנים, דבורה'לע!... ווי פּאַסט דאָס פאַר דיר, פרעג איך, אַרויסצוזעהען זיך ביז נאָך האַלבע נאַכט ביי די בחינשטיינס דאָרט?... ווי קומסטו אין אַזאַ שטוב אַריין? חבר'ן זיך מיט זייער טעכטער'ל, עפּעס אַפּאָרלע שטיק דאָרט..., האָט שלעפּט זיך שוין אַהיים, האָט מען, מיט אַחתן אַדייטיש, אַגעגאָלטע מאָרדע... און די מאַמע איהרע איז דען בעסער? און דער טאַטע, און דער ברודער איהרער, דער תכשיט... די גאַנצע שטוב דאָרט טויג שוין הינט, האָט מען, אויף כפּרות... יעדע נאַכט איז די שטוב אָנגעזאָפּען מיט „קאָלעזשאַנקעס", חבר'טעס, אין „גוי'ה" גרעסער, ווי די צווייטע, און מען לאַכט און מען שטיפט און מען זינגט און מען שפּילט, גאָר ניטש ווי אין קיין יודיש הויז!... און דאָס מאַמעלע, די מאַדאַם בחינשטיין, האַלט מיט מיט דער קאָמפּאַניע, זיצט זיך

אויף דער פּלושענער גטאָטאַנגע אין האַקטט פֿון נחת צוקוקענדיג... ווי קומט דאָס צו דיר, פֿרעג איך? ווי קומסטו אין אַזאַ שטוב אַריין? דיר דאַכט זיך אַליין, ס'איז נאָך יענע יאָהרען, ווען דו ביזט נאָך אַ יונג מיידעל געוועזען און איך האָב אָנגעקוקט אין דער וויַיט... נישט צופֿיעל אַכטונג געגעבען, געלאָזט דיך חבר'ן מיט וועמען דו האָסט געוואָלט... און טאַקי, ווי מען האָט דאָס אַליין קיין שכל נישט צו וויסען, וואָס פֿאַר אַ רבי'נ'ס שנור פּאַסט יאָ און וואָס עס פּאַסט נישט!... שוין דערלעבט, דאַנקען גאָט, אַ שטיקעל נחת פֿון אַ קינד, דאַרף מיר איצט — שונאים זאָלען דאָס גאָרנישט דערלעבען! — דאָס פּנים פֿערשוואַרצט חערען, און צוליעב וואָס? צוליעב מאַדאַם ברוינשוויַיג'ס מויד דאָרט!... נאָך דאָס דאַרף איך איצט חלילה; מייַן טאָכטער, דעם רבי'נ'ס שנור, זאָל אין בייזע מיילער אַריינפֿאַלען!... איך פֿרעג דיך, וואָס פֿאַר אַ זינען האָט דאָס? קומסט, געלויבט דער איבערשטער, צופֿאָהרען אין פֿריידען אַ ביסעל צו די עלטערען. די מאַמעס האַרץ פֿרעהט זיך פֿון שטיקעלע נחת, וואָס זיין ליעבער נאָמען האָט געשענקט, דערלעבט, ברוך השם, צו אַ שטיקעלע גדולה. איך פֿאָהר מיט מיין טאָכטער, דעם רבי'נ'ס שנור, די גאַס דורך און איך זעה, ווי מענשען זעהען מיך, קיין עין-הרע, מקנא. גוטע-פֿריינד שמייכלען צו מיר. שונאים לאָזען אַראָב די נעז און פּלאַצען פֿון קנאה... ביזט ביי מיר אַ גאַסט, דער אָנגעלעגסטער גאַסט, איך געה נישט אַוועק אַ גאַנצען טאָג פֿון שטוב. ביי מיר איז אַ שמחה, מייַן טאָכטער, דעם רבי'נ'ס שנור, איז געקומען צופֿאָהרען!... אַלע קינדער זענען היינט לכבוד דיר אַהער געקומען. איך האָב צוגעגרייט אַ גרויסאַרטיגע וועטשערע — מעדני מלכים. אַ מאַל האָב איך אָנגעגרייט, אַ מאַל לכבוד דיר, לכבוד דעם רבי'נ'ס טאָכטער רבקה'לע, לכבוד אַלע קינדער, און גאָר פּלוצלונג — פֿאַרנאַכט, לאָזטו אונז אַלע איבער, דו הויבסט זיך אויף און ווערסט נעלם ביז נאָך האַלבע נאַכט. און וואוהין? צו די ברוינשוויַיגס, צו איהר מויד מיט איהרע „קאָלעזשאַנקעס"!... און אַז די רביצין, פֿרעג איך דיך, וועט געוואָר ווערען, וואוהין דו פֿיהרסט איהר טאָכטער רבקה'לע, אין וואָסערע הייזער דו פֿיהרסט זי צו גאַסט ביז נאָך האַלבע נאַכט, מיט וואָס פֿאַר אַ מיידלעך און חברה'טעס דו בעקענסט איהר!... איך פֿרעג דיך, אַז די רביצין וועט געוואָר ווערען?!...

מיט אַזאַ הקדמה האָט בעגעגענט שיינדעלע גלאָזמאַן איהר

טאַטער דבורה'לע און רבקה'לען, שפּעט ביינאַכט, ווען די צוויי שוועגערינס זענען געקומען אַהיים פון זייער בעזוך ביי די מחו־תּנים.

איבערהערענדיג דעם לאַנגען מוסר, זענען די צוויי שוועגערינס געשטאַנען אונבעוועגט אויף זייערע ערטער, די אויגען צו דער ערד אַראָבגעלאָזען.

פּלוצלונג האָט דבורה'לע די מוטערס ווערטער איבערגעריסען און איז אַרויס מיט אַ שטרענגען טאָן:

— זאָל שוין אַמאָל גענוג זיין דער מוסר! כ'חיל דאָס ניט הערען, שוין גענוג, גענוג!... כ'וואָלט געבעטען די מאַמעשי, אַביסעל ווייניגער צו זאָרגען זיך פאַר מיין נשמה... וואָס מענשען מיט בייזע צינגער וועלען רעדען — געהט מיך גראָד גאַנץ קנאַפּ אָן, איך וועל טהון דאָס, וואָס איך פערשטעה און וואָס איך געפין פאַר אָרענטליך! איהר האָט שוין גענוג געזאָרגט פאַר מיר ביז איצט און, דאַנקען גאָט, שוין פערזאָרגט מיך!... דערלעבט שוין, דאַנקען גאָט, נחת. שוין גענוג, שוין גענוג!. ...

— אַנ'אומגליק איז מיר! — האָט שיינדעלע גלאָזמאַן ערשטוינט פון אָרט זיך אויפגעהויבען — וואָס רעדסטו דאָס נאָועלכעס?...

— דאַ? — האָט ר' פּנחס גלאָזמאַן אויסגעשריען — וואָס בעדייט דאָס? וואָס איז דאָס פאַר אַ ווערטער?...

אַלע זענען מיט אַמאָל שטיל געוואָרען און געשראָקען האָט די שטילקייט; דער טאַטע און די מאַמע האָבען זיך מיט אונפערשטענדליכע בליקען איבערגעוואָרפען ווי זיי וואָלטען זיך פרעגען:

— האַ, ווי קומט דאָס צו איהר?...

---

## XVII.

## עס ברענט!...

מוהמע! — איז איציקעל מיט אימפּעט אַריינגעפאַלען צו דער רביצין אין שטוב — מוהמע! עס ברענט! אַ פייער ברענט אין „הויף“!...

די רביצין איז געזעסען ביים פענסטער אויף אַ הויכע חייך־געבעטע שטוהל, די פיס אויף אַ פיסען־בענקעלע אונטערגעשפּאַרט

און הויך אַ תחינה געלייענט, צושאָקלענדיג ערנסט מיט׳ן קאָפּ.

ביי איציקעל׳ס איבגעריבטען אַריינקוקס און אויף זיין פּלוצלונגען געשריי איז די תחינה פון דער רביצינ׳ס האַנד אַרויסגעפאַלען, איהרע פיס האָבען זיך פון פיסען־בענקעלע אַראָבגעגליטשט און אַ הערשראָקענע האָט זי זיך פון דער שטוהל אַ חאַפּ געטהון:

— עס ברענט?... טאַטע זיסער, גוואַלד, וועה איז מיר! וואו? וואו ברענט?... וואָס זשע שטעהסטו, לויף און...

— לויפט נישט, לויפט נישט... זייט ניט, מוהמע, אַזוי דערשראָקען, ב׳מיין ניט דאָס... נישט אַזאַ פייער, מוהמע, מיין איך...

— וואָס הייסט?

— אַנאַנדער פייער, מוהמע, ברענט אין „הויף”... אַ גהינם־פייער ברענט!...

— אַ גהינם־פייער? וואָס רעדסטו דאָס? וועה איז מיר, איך ציטער...

יאָ, מוהמע, איך ציטער אויך... אין „הויף” האָט זיך די קליפּה אַריינגעחאַפּט!...

— וועה, וועה, רייד נישט מעהר! מיטאָר אַזעלכע ווערטער פון מויל נישט אַרויסברענגען! אויף אַלע ווייסטע וועלדער, אויף אַלע פּוסטע פעלדער!... היט אונז אָב, גאָט, בעשירם אונז! אין זכות פון מיין מאַן, דעם הייליגען צדיק!... ווי קומט צו דיר, איציקעל, אַזעלכע ווערטער צו רעדען. וועה איז מיר...

— הלואי, מוהמע זאָל איך ליגען זאָגען — האָט איציקעל מיט אַ פרום־ערנסטע מינע אַרויסגערעדט און צוגעהענדיג נעהענטער צו דער רביצין, האָט ער דעם בריעף פון קעשענע אַרויסגענומען.

— גנעה איך מיר אַזוי, מוהמע, אָט האָ ערשט אַריין צו מרדכי׳לעך אין חדר, געוואָלט דאָרט אַ ספר נעהמען... דער רבי מיט מרדכי׳לען זענען נאָר־וואָס געדאַט אַוועקגעפאָהרען. זוך איך מיר אַזוי אַ ספר, און פּלוצלונג דערזעה איך אַ בריעף אויף דער פּאָדלאָגע ליגען, הויב איך אויף דעם בריעף און בעטראַכט איהם, דעם קאָנווערט בעטראַכט איך, פון היזיגען נאָר, און איך וויל איהם צוריק פון מיינע הענד אַוועקלעגען; וואָרום, ס׳איז, מוהמע, אַ חרם דרבינו גרשום, פרעמדע בריעף נישט צו לייענען... לעג איך דעם בריעף אויפ׳ן טיש אַוועק און וויל פון חדר אַרויסגעהן, נאָר ביי דער טהיר האָט עס מיך צוריק־געצויגען, ב׳האָב, מוהמע, געפיהלט ממש ווי עמיצער אַ כח שלעפּט

מיך צום טיש, צום בריעף, כ'קאָן בשום אופן ניט אַרויסגעהן... און איך פיהל בחוש, אַז דאָ איז עפּעס נישט גלאַטיג... איך זעה, אַז דער בריעף ציהט מיר צו זיך, און ממש כ'קאָן די אויגען נישט אַהעֶלנעֶהמען, און אַ פחד בעֶפאַלט מיך און עֶפּעֶס אַזאַ אימה... ס'איז מן השמים, זעֶה איך, דאָ איז נישט פּראָסט... און איך לויף־צו צום טיש און נעֶהם געֶשווינד דעֶם בריעף פונ'ם קאָנווערט אַרויס און איך הויב אָן לייעֶנעֶן די עֶטליכעֶ שורות... און, מוהמעֶ, פינסטעֶר איז מיר אין די אויגעֶן געֶוואָרעֶן! דעֶר בריעף איז מיר פון האַנד אַהיינגעֶפאַלעֶן, און איך פאַל אַנידעֶר אויף דעֶר שטוהל אָהן כחות, מיט די לעֶצטעֶ קרעֶפטעֶן האַלט איך זיך אָן ביים קאַנט פון טיש. אַלעֶ איברים ציטעֶרעֶן אין מיר, און עֶס בעֶפאַלט אויף מיר אַזאַ פחד... און כ'שטאַרק זיך. כ'הויב דעֶם בריעף אויף און וויל ווייטעֶר לייעֶנעֶן, נאָר — נישט מעֶגליך, כ'קאָן נישט... מוהמעֶ! וועה צו די אויגעֶן, וואָס זעֶהעֶן דאָס!...

די רביצין האָט זיך אָן דעֶר שטוהל אָנגעֶהאַלטעֶן, פון איהרעֶ אויגעֶן האָבעֶן שרעֶק און פעֶרוואונדעֶרונג אַרויסגעֶקוקט און די האָט געֶציטעֶרט:

— אין זכות פון מייגעֶ אבות הקדושים, אין זכות פון מיין מאַן, דעֶם הייליגעֶן צדיק! היט אונז אָב, גאָט,!... וועֶה, וועֶה, און וואָס האָסטו דאָרט, אין בריעף געֶזעֶהעֶן? צו וועֶמעֶן איז דעֶר בריעף געֶשריבעֶן?...

— צו מרדכי'לעֶן, מוהמעֶ. פון וואַרשאָ איז דעֶר בריעף, פון אַ חבר אַנ'... אַפּיקורס...

— מרדכי'לעֶס חבר אַנ'אַפּיקורס?!... גאָט אין הימעֶל! האָט איז דאָס פאַר אַ ווערטעֶר?... זיי געֶוואָרעֶנט, איציקעֶל, נעֶרעֶנק, רה שפּיעֶלסט זיך מיט פייעֶר!...

— איך וויים, מוהמעֶ, איך וויים. יאָ, אמת, כ'שפּיעֶל זיך מיט פייעֶר; אַ פייעֶר, אַ גהינם־פייעֶר ברעֶנט אין „הויף"!... גאָט היטעֶ, ווי ס'איז מיר נישט ניחא צו שליח פון אַזעֶלכעֶ בשורות צו זיין!... וועֶה איז — איך זאָל זאָגעֶן, וועֶה איז — איך זאָל נישט זאָגעֶן! מוהמעֶ, ביז איצט האָב איך אין זיך דעֶם סוד געֶטראָגעֶן, נאָר — מעֶהר טאָר איך נישט!... שוין זינט אַ קורצעֶ צייט איז דאָס, און געֶזעֶהעֶן האָב איך, ווי מרדכי'לעֶ איז פאַרנאַכט, ווען דאָ אין בית־המדרש האָט מעֶן מנחה ומעֶריב געֶדאַווענט, איז עֶר דורך הינטעֶר־גאַסעֶן אַהעֶק אונטעֶר דעֶר

יעטאָרט אַהיים, אַהין צום מילנער, צו זלמן דעם אפיקורס...!

— וועה צו די אויערען!... מרדכילע! מיין מרדכילע? גאָט אין הימעל!

— פֿון וואַנען, מוהמע, ווייס איך דאָס?... ווייל שוין פֿון אַ צייט אַהער, ווי מיר האָט זיך אויף איהם אַ חשד דערוועקט. דאָס האַרץ האָט מיר געוועדטיגט, און ממש ווען איך פֿלעג הערען דעם דאָזיגען רעיון טראַכטען, זענען מיר די כחות געוואָרען אָבגענומען; כּדמעות שליש, מוהמע, האָב איך געוויינט: אַזאַ איידעל קינד געהט־אַװעק פֿון הדרך הישר און גיט זיך איבער צו די חצונים אין די הענד... אוי וועה, במזיד פֿערקויפֿען זיך צו דער „סטרא־אחרא“, צום ס"ם רחמנא ליצלן!...

די רביצין איז אויף דער אָנלעהן פֿון דער שטוהל אַנידערגעפֿאַלען, און איציקעל האָט מיט אַ פֿרום יראת־שמים פּנימעל ווייטער גערעדט:

— פֿון וואַנען, מוהמע, איך ווייס?... איך וואָלט דאָס מאַקע ניט אָנגעהויבען צו וויסען, ווען וועמען וואָלט חלילה אַזעלכע רעיונות אויפֿ'ן געדאַנק געקומען?... זיצט מרדכילע יום־ולילה ביי זיך אין חדר פֿערמאַכט, רעדט מיט קיינעם קיין איבעריג וואָרט נישט, קיינמאָל האָט ער קיין צייט ניט. געהט ער איבער'ן „הויף“ — לויפֿט ער געשווינד, שטאַרק פֿערטהון אין מחשבות, שטעלט זיך מיט קיינעם ניט אָב, בתמימות לויפֿט ער צו זיך אין חדר, וואו עס ליגט שטענדיג אויפֿ'ן טיש אַ שטויס ספרים מיט גמרות אָנגעלעגט. וואָס האָט מען געמיינט? מען האָט געמיינט, ער זיצט דאָרט און איז יום־ולילה עוסק אין תורה ועבודה, איז אין די הייליגע ספרים פֿערטהון... ווי זשע האָט מען דען געקאָנט אַנדערש מיינען, ווי זשע האָט מען דען געמעגט אַנדעריש טראַכטען?... און ווער זאָל זיך גאָר ריכטען, וועמען האָט דאָס געקאָנט איינפֿאַלען, דאָס אין דער צייט, ווען ער איז ביי זיך אין חדר פֿערמאַכט, דאַמאָלס, ווען אויפֿ'ן טיש ליגען הייליגע ספרים, דאַמאָלס איז גאָר מרדכילע עוסק אין דער קליפּה רחמנא ליצלן...

די רביצין האָט אַ שרעקליכען געשריי אַרויסגעלאָזען.

— פֿון וואַנען, מוהמע, איך ווייס דאָס?... — האָט איציקעל אין אַ מינוט אַרום ווייטער אָנגעהויבען — ווען איינמאָל, ס'איז פֿאַר נעכטען געווען, גיה איך מיר אַזוי פֿאַרנאַכט דאַ אין

גאָרטען, געבען „הויף“ און איך חזר מיר איבער די תּורות, וואָס איך האָב שבת ביים טיש פון רבין געהערט. איך האָב זיך אַזוי פערטיעפט דערין... מוהמע, פון יעדען וואָרט, וואָס איך האָב פון די תּורות איבערגעחזר'ט, האָב איך אַזאַ מתיקות, אַזאַ זיסקייט אין אַלע מיינע איברים געפיהלט, כ'האָב ממש געשפירט בחוש, דאָס איך שוועב דאָמאָלס אין אַנדערע עולמות!... גאָה איך מיר אַזוי, מוהמע, איבער די לאַנגע וועגען אינ'ם גאָרטען אַהין און צוריק, און איך לערן מיר בכונה וואָרט אָן וואָרט, און גאָר פּלוצלונג — און אַ מאָדנער שטילער ניגון דערגרייכט צו מיינע אויערען. דאָס קול, וואָס לערנט מיט דעם מאָדנעם ניגון איז מיר עפּעס בעקאַנט, שטאַרק בעקאַנט. נאָר דער ניגון אַליין, דער ניגון מיט די ווערטער וואַרפט אויף מיר אַ שרעקען: ס'איז נישט אונזער ניגון, ס'איז נישט דער ניגון פון „הויף“... דו ווייסט דאָך מן הסתם, מוהמע, דאָס די הייליגע ספרים זאָגען, אַז ס'איז אַ „היכל־הניגון“ פאַראַן... יעדער ניגון האָט זיך זיין שורש אויבען... זה לעומת זה האָט גאָט בעשאַפען, און יעדער זאַך, וואָס ס'איז פאַראַן ביי דער קדושה, איז להבדיל, אויך פאַראַן ביי דער טומאה... און דער מענש, וואָס איז אַ בעל־מדרגה, וואָס אין זיין מוח האָבען קיין מחשבות־זרות קיין אָרט ניט, בשעת ער דערהערט אײנעם אַ ניגון זינגען און נישט נאָר אַ ניגון, נאָר אפילו אַ בלויזע תנועה, קאָן ער גלייך מבחין זיין און דערקענען, צו וועלכען היכל דער דאָזיגער ניגון געהערט און וואו זיין שורש איז...

— וואויל איז איהם און וואויל איז זיינע עלטערען... — האָט די רביצין שטיל געשעפּטשעט און זיך ערנסט צוגעהערט צו איציקעלס פרומע תּורה־ווערטער — אַ כשר קינד איז דאָס, שוין אַ פאַרטיגער צדיק... נאָר מיר איז ווערה, וועה... מיין מרדכי'לע איז, גאָט זאָל אויסהיטען, אַוועק, אַוועק...

— הער איך אַזוי, מוהמע, דעם ניגון, און די ווערטער, וואָס ווערען פונ'ם ניגון בעגלייט, און איך פיהל, אַז ס'איז פרעמד, אַז ס'איז ווייט... אַז ער שטאַמט רחמנא ליצלן, פון יענעם צד, פון יענעם היכל, פון דאָרט ציהט זיך זיין שורש... און אַ פּחד בעפאַלט מיך: ווער זאָל דאָס זיין? ווי קומט אַזאַ ניגון אין „הויף“?...

— וועה איז מיר, ווער זאָל דאָס זיין? וואו קומט אַזאַ ניגון אין „הויף“?... — האָט די רביצין ציטערענדיג די ווערטער נאָכגעשעפּטשעט און מיט וואונדער־שרעק אויף איציקלען געקוקט.

— און איך גײה מיר אַזוי פּאַמעליך צווישען די בוימער אין דערנעהענטער מיך צום אָרט פֿון וואַנען דער ניגון מיט די ווערטער ציהען זיך און, אַלע איברים האָבען אין מיר אָנגעהויבען צו ציטערען, כּשהוא אַקוק: מרדכי'לע איז איבער אַ „ביכעל" אַריבערגעבויגען און געשווינד האָט ער דאָס ביכעל אין בוזעם בעהאַלטען...

די רביצין האָט די הענד פֿערבראָכען און פֿון איהרע אויגען האָט אַ קוואַל טרעהרען געגאָסען...

— איך האָב געשוויגען ביז איצט, איך האָב נאָך קיינעם פֿון דעם ניט דערצעהלט, געדעכענט האָב איך אַליין, טאָמער וועל איך איהם קאָנען מחזיר למוטב זיין... זיין געפֿאַנגענע נשמה פֿון דער נעץ אַרויסראַטעווען.. און היטען האָב איך איהם פֿון דאַמאָלס אָן אָנגעהויבען היטען די טריט זיינע, ביז איך האָב איהם געזעהען צווישען מנחה־מעריב פֿון בית־המדרש אַרויסלויפֿען. איך בין איהם נאָכגעגאַנגען און געזעהען, דאָס ער איז צו זלמן דעם אפּיקורס אין הייזעל אַריין... נו, און זאָל די מוהמע זעהען, וואָס אין דער בריעף רחמנא ליצלן שטעהט...

— לייען, לייען — האָט די רביצין שאָקלענדיג מיט'ן קאָפּ, מיט אַ וויינענדיגע, שטימע געזאָגט.

איציקעל האָט אַ פֿרומען זיפֿץ געטהון און זיך אַוועקגעזעצט ביים טיש. און עפֿענענדיג דעם בריעף, האָט ער פֿריהער די אויגען אין דער הויך פֿערגלאָצט, נאָך עטליכע זיפֿצען געטהון און מיט אַנ־ערנסט־קלאָגעדיגע שטימע האָט ער לאַנגזאַם צוגעבענדיג יעדעס מאָל אַ פּירוש, דעם בריעף פֿאַר דער רביצין געלייענט.

די רביצין האָט די קאָפּ צווישען די הענד אָנגעשפּאַרט, מיט שרעק יעדעס וואָרט געשלונגען און אַ אוי־וועה האָט די גאַנצע צייט פֿון איהר מויל ניט אויפֿגעהערט.

מיט אַ פֿרום ערנסטע תנועה האָט איציקעל דעם בריעף פֿאַר דער רביצין געלייענט, אָבשטעלענדיג זיך יעדע ווײַלע, אַרויסלאָזענדיג אַ פּאָר האַרציגע זיפֿצען... וואָרט־ביי־וואָרט האָט ער געלייענט און יעדעס מאָל אַ בליק געוואָרפֿען אויף דער רביצין, אום צו זעהען, וואָס פֿאַר אַן אײַנדרוק עס מאַכט אויף איהר...

ער האָט געלייענט, ווי אַזוי מרדכי'לעס חבר, דוד, שרייבט צו איהם, דאָס ער האָט ערהאַלטען אַ בריעף פֿון מחותנ'ס „הויף", אין נ. פֿונ'ם רבינ'ס שנור, ווי אַזוי זי גיסט פֿאַר איהם דאָס האַרץ אויס

און זי קאָן מעהר נישט אַריבערטראָגען דאָס לעבען אין „הויף" א. ז. וו.

און איידער ער האָט גענומען לייענען די ווייטערדיגע שטעלע פונ'ם בריעף, האָט זיך איציקעל אָבגעשטעלט און אַ טיעפען זיפץ געטהון...

— וועה איז מיר, וועה איז צו די איערען! — האָט די רביצין געהאַלטען די הענד פערבראָכען און אָהן איפהער געזיפצט — אוי וועה, וואָס נאָך שטעהט געשריבען? וואָס האָסטו זיך, איציקעל, אָבגעשטעלט?

— איך קאָן ניט מעהר, מוהמע, — האָט איציקעל אַ שטאַרקען זיפץ געטהון און דעם בריעף פון דער האַנד אַוועקגעלעגט — מוהמע, איך קאָן ניט...

— לייען, איציקעל, וועה איז מיר, לייען.

— „די צווייטע וואָך, דינסטאָג, דאָס הייסט היינט, קומט זי קיין וואַרשאָ — האָט איציקעל מיט אַ קלאָגענדיגען טאָן געלייענט די ווייטערדיגע שטעלע אינ'ם בריעף — „און אום נישט צו דערוועקען אין „הויף" קיין חשד אויף איהר אומגעריכטער רייזע, וויזט זי זיך די גאַנצע צייט, דאָס זי איז שלאַף און די רביצין אַליין האָט איהר שוין געמאַכט אַ פאָרשלאַג, דאָס זי זאָל פאָהרען קיין וואַרשא צו אַ דאָקטאָר, וואו זי רעכענט שוין אַגב צו פערברענגען אַ קורצע צייט ביי איהרע עלטערען... בעגלייטען זי קיין וואַרשא, וועט איהר די יונגע שוועגערין רבקה'לע, דיין כלה"...

* וואָס־זשע הייסט דאָס? וועה איז מיר, וואָס־זשע הייסט דאָס?

— „דיין כלה, מרדכי'לע, איז גאָר גאַנץ אַנדערש, ווי איך האָב וועגען איהר ביז איצט געטראַכט, אונטער דעם איינפלוס פון איהר שוועגערין, דבורה'לע, הייבט זי אָן אַנדערש צו טראַכטען און אַנדערש אויפ'ן לעבען צו קוקען... זי טראַכט נאָר וועגען דיר און גאַרט דיך צו זעהען... ווענד־אָן אַלע מעגליכע מיטלען, דו זאָלסט אויך אינ'ם זעלבען טאָג, דינסטאָג, קומען קיין וואַרשא, וואו דו וועסט זיך בע־געגענען מיט דיין כלה און...

איציקעל האָט די לעצטע ווערטער ניט געענדיגט. ער האָט דעם בריעף אַ וואָרף געטהון אויפ'ן טיש און איז אויפגעשפרונגען פון דער שטוהל כלומרשט אַ צוטראָגענער... ער האָט אַרומגענומען דעם

קאָפּ מיט ביידע הענד אין ווי אַ שרעקליך־אויפגערעגטער, צרומגעלאָ־
פען איבער'ן שטוב:

— וועך זאָל איך דאָס ריכטען! וועך זאָל גאָר אָנגעלכּעם גלויבען!
אוי, אוי, אוי! אַ פייער, אַ גהינם־פייער האָט אַלע „הויפען" צרומגע־
חאַפּט, אַלע, אַלע „הויפען"!... דער ס"ם ימח שמו האָט זיין נעץ
פערשפּרייט. ער האָט זיך גענומען צו דער קדושה, צו די „גוטע־
יודען" און צו די „הויפען"!... די קליפה האָט בעקומען שליטה. זי איז
אַריין אַהער אין אונזער תחום און איז זיך מתדבק אין די בנן של
קדשים!... מוהמען! פאַר וואָס שווייגט מען, וואו זענען די „גוטע־
יודען", וואו זענען די צדיקים, פאַר וואָס שווייגען זיי?... אוי, אוי, אוי!
דער שטן ימח שמו פערשלעפּט די הייליגע יונגע נשמות פון די
„הויפען" אַהין אין דער שאול תחתיה... אוי, אוי, אוי! וכל באיה לא
ישובון... פון דאָרט קומט מען שוין ניט צוריק רחמנא ליצלן!...
די יונגע נשמות ווערען געפאַנגען, דאָ — דעם רבינ'ס זוהן, דאָרט —
דעם רבינ'ס טאָכטער און דעם רבינ'ס שנור!... מוהמען! וואו זענען
די „גוטע־יודען"? וואו זענען די צדיקים? פאַרוואָס שווייגען זיי?...

די רביצין איז מיט פערברענטע הענד געזעסען אויף דעם
שטוהל אָהן שום בעוועגונג. זי האָט שוין מעהר ניט געוויינט, ניט
געזיפצט, נאָר שטום מיט'ן קאָפּ געשאָקעלט, קאַלט און שטאַר
האָבען אירע אויגען געקוקט אויף איין אָרט, אויף איין פּינטעל
האָט זיך דער בליק אַלאַנגע צייט אָבגעשטעלט און ווי פערגליווערט
געוואָרען...

איציקעל האָט זיך הין און צוריק איבער'ן שטוב אַרומגע־
דרעהט, געזאַמעלט די מחשבות, געטראַכט פלענער אויף ווייטער און
אין האַרצען האָט עס איהם שטאַרק הנאה געטהון:

— ס'געהט גאַנג... דער „קליינער" וועט מיך האָבען צו געדע־
דענקען... זאָל ער וויסען אויף נאָכאַמאָל אָנצוהויבען מיט איציק־
לען!...

— מוהמע! — האָט איציקעל ווייטער אָנגעהויבען, צוגעהענדיג
נעהענטער צו דער רביצין.

נאָר פלוצלונג איז ער אויפגעשפּרונגען צוריק און צוהיבגע־
לאָזט אַ געשריי:

— וואַסער! וואַסער!... גוואַלד, ראַטעוועט! די רביצין חלשט!...
באַלד האָט זיך אין „הויף" אַ טומעל אויפגעהויבען; פון קיך,

פון בית־המדרש איז מען געקומען צולויפען און דער רביצין גע־מינטערט.

איציקעל האט דערהויל געחאפט דעם בריעף פון טיש און גע־שווינד אין בוזים בעהאלטען...

די רביצין האט די אויגען געעפענט און קומענדיג א ביסעל צו זיך, האט זי א מאך געטהון מיט דער האנד און געוויזען, דער עולם זאל ארויסגעהן.

— וואס איז אזעלכעס פארגעקומען? וואס איז די סבה פון איהר חלשות? — האבען אלע פערוואונדערט געפרעגט.

— עט, ס׳איז גארנישט..., האט איציקעל אלעמען בערוהיגט, א שוואך מענש, איז איהר עפעס ניט גוט געווארען... ס׳איז גארנישט, גארנישט...

איציקעל איז געבליבען אליין מיט דער רביצין, וועלכע איז א לאנגע צייט געזעסען אויסגעצויגען אויף דער ווייכער שטוהל.

— איציקעל! — האט זיך די רביצין מיט א שוואך־ציטערענדע שטימע געווענדעט צו איהם — היים איינשפאנען די קארעטע, איך פאהר צו דער באהן.

— וואוהין?

— אהין צו דער מחותנת׳טע, צו דער רביצין אין נ. זאל זי אויך פון דעם אומגליק וויסען!...

— אליין וועט די מוהמע פאהרען?

— יא, אליין, אליין, קיינער וועט מיט מיר ניט מיטפאהרען, זאל קיינער חלילה ניט וויסען, ניט געוואהר ווערען... אפשר וועט גאט רחמנות האבען, אין זכות פון מיינע אבות הקדושים, און זכות פון מיין מאן, דער הייליגער צדיק!...

---

און נאך אינ׳ם זעלבען טאג איז די חאשטינער רביצין אנגעקו־מען קיין נ., און ווען זי איז אריין אין „הויף״ און האט איהר מחותנת׳טע, די רביצין בעגעגענט, איז זי איהר ארויפגעפאלען אויפ׳ן האלז און זיך צוחליפעט:

— מחותנת׳טע, רביצין!... עס ברענט!... אין „הויף״ ברענט א פייער!...

---

# XVIII.

# חתן כלה געהען אין טעאטער.

— אַ פּראַנט, אַנ'אמת'ער פּראַנט! — האָט אויסגעשריען דוד און צוגעפיהרט מרדכי'לען צום גרויסען שפּיגעל.

דאָרום דוד, וועלכער האָט אויף זיך גענומען די אויפגאַבע צוזאַמענצופיהרען די רבי'שע קינדער, חתן-כלה צוזאַמען, מאַכען ווי היימישער און בעקאַנטער, האָט מיט זיין שוועסטער ריווטשע אָבגעשמועסט, מ'זאָל די דאָזיגע קליינשטעדטעלדיגע קינדער אין טעאַטער פיהרען; דאָרט וועלען זיי ערשט רעכט די אויגען עפענען און זעהען גאָט'ס שעגע וועלט און איהרע חדושים... און געבליבען איז ביי זיי, ביי דוד'ן און ביי זיין שוועסטער ריווטשען, מ'זאָל די זאַך איינאָרדנען אַזוי, אַז עס זאָל זיין אַ „סורפּריז", אַנ'איבערראַשונג, פאַר ביידען: ריווטשע זאָל פריהער געהן אין טעאַטער מיט דבורה'לען און מיט איהר שוועגערין רבקה'לע, און דערנאָך וועט ער, דוד, מרדכי'לען אַהינברענגען, אַזוי, דאָס אומגעריכט האָט די „בעגעגעניש" צווישען חתן-כלה פאָרקומען; איינער וועט זיך ניט ריכטען דעם צווייטען צו טרעפען...

און זעהר פיעל אַרבייט האָט עס געקאָסט דוד'ן ביז ס'איז איהם געלונגען זיין חבר מרדכי'לען איבערצורעדען, ער זאָל מיט איהם אין טעאַטער געהן. וואָרום שווער איז געווען דעם רבי'נס זוהן צו פועל'ן ביי זיך טהון אַזאַ זאַך. אמת טאַקי, ער איז אַ משכיל, לייענט ביכער און האָט שוין גאָר גאָר אַנדערע געדאַנקען, אָבער אין טעאַטער?... געוואַלד געשריען, דעם חאַסידישער רבי'נס זוהן אין טעאַטער?... שווער, אוי, ווי שווער!...

— נאַרעלע, האָט דוד געטענה'ט צו איהם און געלאַכט, וואָס הייסט שווער?... וואָסער חטא איז פאַראַן דערביי?... ס'איז גאָר ניט שען אַזעלכע ווערטער איבערצורעדען... אַדרבה, פערקעהרט, אַ מענש מיט פערשטאַנד, אַ „בעלעזענער" מענש... פריק'ן האָסטו געלייענט?...

— כ'האָב געלייענט, אַוודאי געלייענט, אָבער געוואַלד געשריען...
וואָס הייסט? און אַז עס וועט מיך דערזעהען דאָרט אַ בעקאַנטער....

— הערסטו, חכם! אַז יענער מעג — מעגסטו דאָך אויך!... אַז

יִנגער וועט דערצעהלען — וועט ער זיך דאָך אַליין פֿערשטיטען!...

און גלייך האָט ער איהם אַוועקגעפֿיהרט אין אַ „מעבּלירטען צימער", וואוהין דוד האָט איהם געבּראַכט זיין שבּת'דיגען, האַלבּ־חסי'דישען, האַלבּ־פּאַצעטישען גאַרניטור, געטומען איהם איבּערקליי־דען און „איסטראָיען" און מאַכען איהם אַ ליטיש פּנים...

שטעהט איצט מרדכי'לע ביים שפּיגעל פֿון „מעבּלירטען צימער", זיין פּנים איז רויט, אויף די ליפּען האָט זיך אַ שעמעוודיגער שמייכעל צולעגט, ער קוקט אין שפּיגעל און קוקט, און דערקענט זיך אַליין נישט... מיט אָפֿענע אויגען און מיט אַ מאָדנעם חדוש האָט ער בּע־טראַכט אויף זיך דעם האַלבּ־אינטעליגענטען גאַרניטור, דוד'ס שבּת'־דיגען אַנצוג, אין וועלכען ער האָט זיך איצט געפּוצט. לאַנג האָבען זיך זיינע בּליקען אָבּגעשטעלט אויף די שוואַרצע „געדאַקטע קאַפּאָטע" מיט די פֿיין־געפּרעסטע ווידענע קלאַפּען; אויף די קליינע גימזענע שטיוועלעך, וועלכע זענען געלעגען אויף די פֿיס ווי אויסגעטאָקט, און אויף דעם קליינעם טוכען היטעלע, האָט ער אַ קוק געטהון, ווי דאָס איז אויפֿ'ן סאַמע שפּיץ קאָפּ געלעגען און אין אידרע קאַנטען האָט זיך פֿערבּאָרגען די לאַנגע בּלאָנדע פּאות, וואָס אַמאָל, אַמאָל, פֿלעגען די דאָזיגע פּאות מיט שטאָלץ זיך איבּער די קינבּאַקען אַראָבּ־לאָזען, פֿערקרייזלען זיך אונטער דער גאָמבּע אַרונטער, מיט גדלות זייער יהוס פֿאַר דער וועלט דערצעהלען, און ווייבּער האָבען מיט קנאה אויף די דאָזיגע „געלאָקטע" פּאות געקוקט, און מיט אַזעלכע קינדער געבּענשט זיך... איצט האָבען זיי זיך אונטער'ן היטעל בּעהאַלטען, היבּשע מינוטען האָט דאָס בּערשטעל געאַרבּייט, בּיז ס'האָט זיי פֿיין אַרונטער פֿערקאַמט, די וועלט זאָל חלילה קיין זכר פֿון קיין פּאה נישט דערקענען... און אויף דעם ווייסען געפּרעסטען קעלנערעל האָט זיך זיין בּליק אָבּגעשטעלט און אויף דעם שוואַרצען שלייף, וואָס האָט זיך ווי צוויי פֿליגעל פֿון בּיידע זייטען פֿערשפּרייט. און געמאָסטען האָט דער בּליק אין שפּיגעל דעם גאַנצען „פּאַצעט" פֿון אויבּען בּיז אַראָבּ און די אויגען האָבען זיך אַליין נישט דערקענט און זיי האָבען זיך אַליין נישט געגלויבּט...

און מיט אַ בּלוט־רויטקייט איז מרדכי'לעס פּנים געוואָרען אָנ־געגאָסען, ער האָט זיך נישט געקאָנט פֿון שפּיגעל אָבּרייסען, געקוקט מינוטען־לאַנג אויף זיך, בּעטראַכט די גרויסע ענדערונג, וואָס די קליידער האָבען אויף איהם געמאַכט, און אויף זיין געזיכט האָט זיך

אויפגעדריקט פערוואונדערונג אויסגעמישט מיט זונבעוואוסטע שרעק...

— נו, ווי געפעלט דיר?... ווען דער „הויף“, מרדכי׳לע, זאל אויף דיר איצט א קוק טהון!... — האט דוד א צופרידענעם שמייכעל געטהון.

— ווען דער „הויף“ זאל איצט א קוק טהון אויף מיר... — האט מרדכי׳לע די ווערטער איבערגע׳חזר׳ט און כלומרשט א שמייכעל געטהון. דער שמייכעל איז אבער נישט קיין נאטירליכער געווען, דען גלייך איז ער פון זיין פנים פערשוואונדען און אין אן ערנסטקייט פער־ביטען געווארען. און קענטיג איז געווען, דאס עפעס אונרוהיג איז ער, מרדכי׳לע, עפעס האט זיך, ווייזט־אויס, צו איהם אין הארצען אן אומגע־מיטער געדאנק פערגנב׳עט, פייניגט איהם און גיט איהם קיין רוה נישט...

דוד האט זיין אונרוהיגקייט בעמערקט און געלאכט:

— ס׳איז דער כח פון „טראדיציע“... דאס שווערקייט צו בייטען די געוועהנהייט, דאס, וואס עס איז דעם מענשען, ווי א צווייטע נאטור געווארען... דאס אלטע, טיעף־איינגעווארצעלטע רגילות פיהרט א קאמפף מיט׳ן ווילען, מיט׳ן אייגענעם פערשטאנד... דאס אלטע — איז אלט, טיעף איינגעגעסען, און דאס נייע — איז נאך ניי... איז דאס אלטע שטארקער און דאס נייע, דאס פרישע, וואקעלט זיך... „די נשמה ציהט צו איהר שורש“, ווי עס זאגען די מקובלים...

— נארישקייטען, — האט דוד א מאך געטהון מיט דער האנד.

— נארישקייטען — האט אויך מרדכי׳לע נאכגעשעפטשעט, נאר אין הארצען האט איהם עפעס שרעקליך גענאגט און וועה געטהון...

———————

א הייסער זומער־פארנאכט איז געווען, ווען זיי זענען ארויס אויפ׳ן גאס. די טראטואארען זענען פול געווען מיט שפאצירענדע, די טראמווייען — געפאקט. מענשען האבען זיך פון דער הייסענדער שטאדט און פון איהר קאכעדיגען דו־הא געריסען, געוואלט זיך בעפרייען פון דעם דריקענדען הייסען קאשמאר, ענטלויפען פון דעם שטיקענדען נעבעל, פון הייש און טומעל, און ארויפגעכאפט זיך אויף טראמווייען און דראשקעס, און ווי מען ענטלויפט פון א בהלה.

האָבען זיך מענשען געאײַלט אַרױס אונטער דער שטאָדט, אין די פרייע אַלעען, וואו הינטער אַ בוים, הינטער אַ באַנק וועט מען זיך אַוועקזעצען, פריי דאָס מויל עפענען און אַ ביסעל ריינע לופט שלינגען...

גיך, מיט אײַלענדיגע טריט, האָבען די צוויי חברים זיך פון די יודישע גאַסען אַרויסגעקירעוועט, קוקענדיג בעת מעשה אַרום זיך פון אַלע זײַטען מיט שרעק, ס'זאָל זיי קיין בעקאַנט אויג ניט דערזעהען, און געלאָזט זיך געהן אין דער ריכטונג צום יודישען טעאַטער.

בײַ דער טהיר פון טעאַטער זענען זיי אַ ווײַלע שטעהן געבליבען.

— וואָס האָסטו זיך אָבגעשטעלט? — האָט דוד געפרעגט.

מרדכי'לע האָט נישט געענטפערט. די קניהען האָבען איהם געציטערט, דאָס האַרץ — געקלאַפּט און אויף זײַן פּנים האָבען זיך די קאָלירען געביטען..

אויפ'ן טראָטואַר האָבען זיך פון די אַרומיגע גאַסען, יעדע ווײַלע, אַלץ נײַע געסט, טעאַטער־בעזוכער, געצויגען, און יעדעס מאָל, ווען עס פלעגען עטליכע פערזאָן צום טעאַטער אָנקומען, האָט זיך מרדכי'לע לאַנגזאַם פון דער טהיר צוריקגעצויגען, עפּעס ווי אָבגעשפּרונגען צוריק, זיך אָן דער זײַט אין אַ ווינקעל פערהוקט און די אויגען האָבען זיך צו דער ערד אַראָבגעלאָזען, ווי זיי וואָלטען זוכען אַ ניאָרט, וואו צו בעהאַלטען זיך...

— לאָמיר אַרײַנגעהן... — פלעגט דוד יעדעס מאָל זײַן חבר מינטערען.

אַלס ענטפער פלעגט מרדכי'לע רויט ווערען, אַ פערשעמטען שמייכעל טהון און שטאַמלען:

— אָט באַלד, אָט באַלד... — און זיך נאָך מעהר אין'ם ווינקעל פערשטעקט...

דער עולם אויפ'ן טראָטואַר איז וואָס אַ מינוט שיטערער געוואָרען. פלעגט אַ פערשפּעטיגטער בעזוכער אָנקומען, איז ער געשווינד אין'ם אַרײַנגאַנג פון טעאַטער נעלם געוואָרען און זיך געאײַלט זײַן פּלאַץ צו פערנעהמען. דער קאָרידאָר בײַ דער קאַסע איז ליידיג געוואָרען: אין טעאַטער האָט שוין דער ערשטער אַקט געשפּיעלט. מרדכי'לע האָט נאָך עפּעס געשטאַמעלט, אַרומגעקוקט זיך אין אַלע זײַטען, ביז דוד האָט איהם פעסטער אַ ציה געטהון פאַר'ן אַרבעל און בײַדע זענען אַרײַן אינוועניג...

אין טעאַטער איז שוין פֿינסטער געװען, דער עולם איז אין די איבערפֿילטע רײהען געזעסען און אָנגעשטרענגט די אויגען צו דער אָפֿענער סצענע. דוד איז געגאַנגען פֿאָראויס און די נומערירטע פּלעצער אויסגעזוכט. מרדכי׳לע האָט זיך פֿון הינטען נאָכגעשלעפּט און נײַגעריג מיט אַ מאָדנעם חשק אַרום זיך געקוקט און זײַן פּנים האָט געפֿלאַמט פֿון רויטקײַט...

דוד האָט ענדליך די ריכטיגע רײהע געפֿונען. ער איז פֿריהער אַרײַנגעגאַנגען און זיך אויף זײַן פּלאַץ אַװעקגעזעצט, נעבען איהם האָט מרדכי׳לע זײַן אָרט פֿאַרנומען.

אַרום האָט אַ שטילקײַט געהערשט, האַרץ און אויג זענען צו דער בעלײַכטענער סצענע געװען געװענדעט, אַלעמענס געדאַנקען און געפֿיהלען האָבען זיך איצט אַרום דעם אײנעם פּונקט קאָנצענטרירט; יעדע בעװעגונג, יעדער אויסדרוק דאָרט אויף דער סצענע, האָט דאָ אין יעדענס האַרץ זײַן אָבקלאַנג געפֿונען, און יעדע װײַלע די געפֿיהלען, די שטימונג געביטען.

אײנער נאָר איז צװישען עולם געזעסען, גלײַך מיט די אויגען צו דער סצענע געקוקט און דאָך — גאָרניט געזעהען, ניט געהערט, ניט בעמערקט כמעט, װאָס אויף דער סצענע קומט פֿאָר...

װי בערױשט איז מרדכי׳לע די גאַנצע צײַט אויף זײַן פּלאַץ געזעסען; אַלץ איז איהם דאָ אויסגעקומען אַזױ אונפֿערשטענדליך און מאָדנע: דער זאַל, די סצענע, דאָס פּובליקום, די אַקטיאָרען און דאָס שפּיעלען. נײַ און מאָדנע פֿרעמד. געדאַכט האָט זיך איהם די ערשטע מינוטען, אַז פֿון אַלע זײַטען קוקט מען אויף איהם, הונדערטער אויגען שטעכען זײַן פּנים און פּלײצע, און ער האָט זיך אָנגעשטרענגט מינוטען־לאַנג די אויגען ניט אויפֿצוהױבען... ערשט שפּעטער אַ ביסעל, נאָכדעם, װי די ערשטע איבעראַשונג איז פֿאַריבער, האָט ער לאַנגזאַם אויפֿגעהױבען די אויגען און גענומען בעטראַכטען די פּערזאָנען, װאָס זענען אַרום און הינטער איהם געזעסען, און פֿײַער־רויט איז ער געװאָרען, װען ער האָט פּלוצלינג דערזעהען זיך זיצענדיג נעבען עטליכע אינטעליגענטע פֿרויען אין „באַלאָזע" קלײדער, און פֿון אונטער די קורצע אַרבעל פֿון זײערע װײַסע לײַכטע בלוזען, האָבען בײַ דער העלפֿט ענטבלויזטע הענד זיך פֿרײַ נעבען איהם בעװעגט... און שטאַרקער איז די רויטקײַט אויף זײַן

פנים געהאָרען, זײן האַרץ האָט געקלאַפּט, אונבעקװעם און ענג האָט ער זיך אױף זײן פּלאַץ געפֿיהלט...

ער בעמיהט זיך זײנע אױגען צו דער סצענע אָנגעהאָנגען, װילען זיך צוזאַמען מיט'ן גאַנצען פּובליקום, פֿיהלען זיך פֿרײ און גוט־אױפֿגעלעגט, װי זײ — אונמעגליך! אַנדערע בילדער, אַנדערע סצענען האָבען זיך איצט גענומען, װי אױף להכעיס, איהם ערגערען, און אײן בילד נאָכ'ן צװײטען, אײן סצענע נאָך דער צװײטער שװעבען פֿאַר זײנע אױגען: דאָס שטעדטעל, דער „הויף“, זײן אָבגעזונדערטע חדר, די חסידישע סביבה, זלמן דעם אפּיקורס הײזעל... און אַרומקוקענדיג זיך, װאו ער געפֿינט זיך איצט, װערט ער עפּעס פּלוצלונג אַזױ שפלדיג בײ זיך, אַזױ אַראָבגעפֿאַלען, קלײן און נישטיג...
דאָרט אין „הויף“ האָבען טױזענדער חסידים אױף איהם מיט הכנעה, מיט דרך־ארץ געקוקט, אַלע זענען פֿאַר איהם פשוט בטל געװאָרען... ער איז דער חכם, דער מושלם געװען, זײנע װערטער האָט מען געשלונגען, זײנע טריט — געצעהלט... און דאָרט אין יענעם קרײזעל, בײ זלמן דעם מיהלנערס זוהן, האָט מען איהם פֿאַר דעם געבילדעטסטען געהאַלטען, אַ „פּאָלקאָמענער“ מענש, אַן׳אמת׳ער אינטעליגענט, װאָס האָט זיך שױן מיט אַסך ביכער אָנגעלײענט, װאָס קען און פֿערשטעהט דאָס לעבען, און פֿרײ מיט פֿעסטע טריט איז ער שױן פֿעהיג אױף דעם װעג פֿון נײעם לעבען צו געהן...

און דאָ?...

האָט ער זיך פֿאַר מיט'ן װירקליכען לעבען צוזאַמענגעטראָפֿען, איז ער אין אַ געזעלשאַפֿט פֿון אינטעליגענטע מענשען געקומען, און — װי פֿרעמד ער פֿיהלט זיך, װי מאָדנע פֿרעמד עס איז אַלעס אַרום, ענג און אונבעקװעם... ער שעמט זיך אַלײן פֿאַר דעם דאָזיגען געדאַנק, און דאָך פֿיהלט ער אָבער — אַ חרפּה צו דערצעהלען! — דאָס עס װאָלט זיך איהם װעלען אַנטלױפֿען פֿון דאַנען, אַנטלױפֿען פֿון דער גרױסער שטאָדט, פֿון „לעבען“, פֿון דער געבילדעטער סביבה, אַנטלױפֿען אַהײם צו זיך דאָרט אינ'ם אָבגעזונדערטען חדר, װי תמיד דאָרט די טהיר פֿערשליסען און פֿערטיעפֿען זיך אין די „ביכלעך“, אין יענע „ביכלעך“, אין װעלכע עס װערט דאָס „לעבען“ געשילדערט און העלדען לעבען דערצעהלט... דאָרט אינ'ם אָבגעשלאָגענעם חדר, פֿאַנטאַזירענדיג װעגען אַ נײ „לעבען“, האָט ער זיך אַזױ הײמיש און ליעבליך

געפֿיהלט, מיעלפֿע צנציהענדע בילדער האָט דאָס ביכעל פֿאַר איהם געמאָהלט... און דאָ? —

עפּעס שודערט איהם אַזוי שרעקליך. עס פֿערהדיבט איהם, האַלט זיך, שטאַרק אויף זיין חבר דוד, פֿאַרוואָס ער האָט איהם אַזאַ אָרט צוגעקליבען?... נאָך וואָס האָט ער איהם דאָ געבען די פֿרייען מיט די ענטבלויזטע הענד אַועקגעזעצט?... ווי איגבעקוועם עס איז איהם געבען ווי צו זיצען!... אָט, האַלט זיך, קוקט מען אויף איהם, עפּעס די פֿרוי, האַלט זיך, וואָס זיצט דאָרט אַנטקעגען־איבער אויף דער הינטער שטוהל, לאַכט עפּעס שטאַרק... אָט לאַכט דאָרט נאָך ווער...

לאַכט מען ניט אַמאָל פֿון איהם? פֿון דעם קליינשטעדטעלדיגען בחור?...

און נאָך אַ בערזאָן איז צווישען עולם געזעסען, גלייך מיט אַלע געהאַלטען די אויגען צו דער פֿרעמדע אָנגעווענדעט און דאָך — גאָרניט געזעהען, ניט געהערט, ניט בעמערקט כמעט, וואָס אויף דער פֿרעמדע קומט פֿאָר, און דאָס איז געווען — רבקה'לע דעם רבי'נס.

זי בעמיהט זיך די אויגען צו דער פֿרעמדע אָנצווענדען, ווילען זיך צוזאַמען מיט אַלעמען, פֿיהלען זיך פֿריי און גוט־אויפֿגעלייגט, ווי זיי — אוממעגליך! אַנדערע בילדער, אַנדערע פֿרעמדעס האָבען זיך איצט גענומען, ווי אויף להכעיס, איהר קיין רוה ניט געבען. איין בילד נאָכ'ן צווייטען, איין פֿרעמדע נאָך דער אַנדערער שוועבען פֿאַר איהרע אויגען: דאָס שטעדטעל נ., דער „הויף“, דאָס שטילע צימער, וואו די פֿענסטער געהען צווישען די בוימער אַרוים און אַ שטילער, טיעפֿער וואַלד ציהט זיך אַנטקעגען די אויגען ווייט, ווייט אַוועק... און אָט איהר מוטער, די רביצין, דערמאָהנט זי זיך. זי זעהט, ווי זי, די מוטער, זיצט זיך דאָרט אינ'ם שטילען צימער ביים אָפֿענעם פֿענסטער איבער אַ מוסר־ספר איינגעבויגען און דיסע גאָטס־פֿאַרכטיגע ווערטער פֿליסען אַזוי צאַרט פֿון איהר מויל און צגיסען זיך הויכ'ן אָפֿענעם פֿענסטער צווישען די שטילע בוימער און טראָגען זיך אַהין, אינ'ם ווייטען וואַלד אַוועק...

און איהר פּנים ברענט פֿון היטקייט, אינגעהעהנליך קלאַפּט איהר האַרץ, ענג איז איהר דאָ, ענג און אומבעקוועם...

און געוואָרפֿען האָט זי יעדעס מאָל איהרע בליקען אויף איהר שוועגערין, וואָס איז נאָהענט נעבען איהר געזעסען און אויף איהם

ביי־באקאנטע הברטע ראָזשקע, וואס האט דעם צווייטען פלאץ נאך איהר פּאַרנומען, און ווייטער האט זי איהר בליק אנגעשטעלט און דערזעהען, ווי צוויי יונגע בחורים זיצען האַרט נעבען ראָזשקען, ביידע זענען זיי פּאַצעטיש געקליידעט, „וואַרשאַווער יונגעלייטלעך״ זעהען זיי אוים, און איינער פון די דאָזיגע צוויי בחורים, זעהט זי, זיצט עפּעס אַזוי נאָהענט צו ראָזשקען, אַזוי היימיש און צוגעלאָזען צו איהר, ביידע שושקען זיך יעדע ווײַלע און שמייכלען עפּעס. און רבקה'לע וואונדערט זיך דערויף, פינסטער איז אין גרויסען טעאַטער־זאַל: ווער זאָלען די דאָזיגע צוויי פּאַצעטישע בחורים זיין?...

און די זעלבע פראַגע האט איך נים צו־רוה געלאָזען מרדכי'לען, וועלכער איז געזעסען אויף דער לעצטער שטוהל נעבען דודי'ן און יעדעס מאָל זיין בליק געוואָרפען איבער דער רייהע שטוהלען אין אויף די פּערזאָנען, וואס האבען אויף זיי די ערשטע פּערנומען.

דריי — פרויען צי פריילינס? — זענען איינע נעבען די צווייטע נאך דודי'ן געזעסען, אַלע זענען זיי פּאַצעטיש געקליידעט, אין שעינע זומער־קליידער, „וואַרשאַווער פריילינס״ קוקען זיי אוים, און איינע פון זיי, זעהט ער, זיצט עפּעס אַזוי נאָהענט צו דודי'ן, אַזוי היימיש און צוגעלאָזען צו איהם, ביידע שושקען זיי זיך יעדע ווײַלע און שמייכלען עפּעס. און מרדכי'לע וואונדערט זיך דערויף: פינסטער איז אין גרויסען טעאַטער־זאַל: ווער זאָלען די שען־געקליידעטע דריי — פריילינס צי פרויען — זיין?

און דוה פון איין זייט מינטערט יעדע ווײַלע זיין חבר אונטער:

— ווי געפעלט עס דיר, מרדכי'לע?

— אויסגעצייכענט... — שאָקעלט מרדכי'לע ווי מעכאַניש מיט'ן קאָפּ.

און פון דער צווייטער זייט מינטערט דבורה'לע איהר שותפות געווין:

— ווי געפעלט עס דיר, רבקה'לע?

— שען... — קומט אַ שטילער ענטפער, וועלכער ווערט נעגעבען נאָר פון יוצא וועגען...

דען אויף די פּנימער פון די ביידע רבי'שע קינדער איז אַ וואָלקען פערשפּרייט, ביידע זענען זיי גלייכגילטיג צו אַלעם, וואס אַנטקעגען־איבער זיי קומט־פאָר. ערגעץ ווייט זענען זיי ביידע יעצט

פערטראָגען. צוויי יונגע תמימות־קינדער זיינען צום ערשטען מאָל פון זייערע שטילע „הויף־ווינקעלעך“ אין שטראָם פון רוישיגען שטאָדט־לעבען פערטראָגען געוואָרען. די שוואַכע בוים־צווייגעלעך קאָנען דעם שטאַרקען לעבענס־שטורם ניט איבערהאַלטען, און עס רייסט זיי דער שטורם און בויגט זיי אויף אַלע זייטען, און זיי ציטערען, רייכען זיך, און בעטען: לאָזט אונז צו־רוה... לאָזט אונז צו־רוה...

און ס'ציטערט דעם רבינ'ס יונגע טאָכטער, רבקה'לע. די מוטער, די רביצינ'ס חערטער האָבען זיך אַזוי מורא'דיג פאַר איהרע אויגען געשטעלט:

„...געדענקט, קינדער, דער וועג, אויף וועלכען איהר גאַרט איז פול מיט שטרויכלונגען פערשפרייט...“ און אַ שרעק נעהמט זי אַרום,אַ קאַלטער שוידער לויפט הורך איהרע ביינער און זי טוליעט זיך פעסט אויף איהר אָרט איין און מיט בעטענדע בליקען קוקט זי אויף איהר שוועגערין. אָט־אָט וועט זי פון איהר אָרט אויפשפרינגען, אויף איהר שוועגערינס האַלז אַרויפפאַלען און צוויינען זיך, שטאַרק וויינען... און אָנווייזען וועט זי אויף איהר יונג האַרץ, וואו עס קלעמט אַזוי שטאַרק, וואו עס פרעסט אַזאַ שווערער שטיין... — —

— בראַ—וו—וו—אָ!... בים—ס—ס!...

דער טעאַטער דונערט פון רוישענדע אַפּלאָדיסמענטען, דער פאָרהאַנג אויף דער סצענע האָט זיך אַראָבגעלאָזט. אינ'ם טעאַטער־זאַל האָבען זיך די עלעקטרישע לאָמפען אָנגעצונדען, די פנימ'ער פון די, וואָס זיצען אין די רייהען זענען מיט אַמאָל בעלויכטען געוואָרען און ביידע רבי'שע קינדער זענען איבערראַשט פון זייערע ערטער אויפגעשפרונגען און קוים־קוים וואָס זיי האָבען אַרויסגעשטאַמעלט:

— רב—ק—ה—לע!...

— מר—דכי—לע!...

* *

*

אַ קיהל זומערדיג נאַכט־ווינדעל האָט צאַרט און ליעבלעך געבלאָזען און די הייסע פערשוויצטע פנימ'ער געקיהלט. ס'איז מיט אַמאָל דער רוישיגער שטאָדט־טומעל געוואָרען אָבגעהאַקט און די גאַס איז ווי אײַנגעשלאָפען געוואָרען, ווי אין אַנאיינגעהאַלטענער

רוהיגקייט איינגעהילט. לייזיג זענען איצט די טראָטואַרען געװען. װעלכען װען האָט פֿון װייטען אַ קלינגענדיג געלעכטער פֿון אַ „פּאָרלי" אָבגעקלינגען און איניגע סאָקינדען האָט דאָס עכאָ נאָך זיך אַ הױעם איבער דער שטילער גאַס געלאָזט.

איינס אַזײנער בײנאַכט איז שוין געװען, װען די פֿינף יונגע פּערזאָנען האָבען אויף די טראָטואַרען פֿון די שענע װאַרשאַװער גאַסען שפּאַצירט, אומקעהרענדיג זיך אַהיים פֿון טעאַטער.

שװייגענדיג זענען זיי גאַס־איין, גאַס־אויס געגאַנגען און זיך צום װעג אַהיים דערנעהענטערט: פֿאָראויס ריװטשע מיט איהר חבר'טע דבורהלע, נאָכען זיי דוד. הינטער זיי — די צװײ רבי'שע קינדער, מרדכילע מיט זיין כלה, רבקה'לע.

קיינער האָט ניט געװאַגט די שטילקייט איבערצורייסען. האָט חער ס'מויל געעפֿענט אַ װאָרט אַרויסצורעדען, איז דאָס איהם װי אויף די ליפּען פֿערגליװערט געװאָרען און דאָס מויל האָט זיך שטום צוריק פֿערשלאָסען... געפֿלאַמט האָבען די פּנים'ער, געגליהט די אויגען און אין די הערצער האָט אַ שטורם געבּרויזט... יעדער אין זיך פֿערטיפֿט, האָט װעגען דעם נאָר־װאָס איבערגעלעבטען מאָמענט געטראַכט. די נאָר־װאָס פֿערגאַנגענע איינדריקען און סצענעס האָבען אין יעדענס האַרץ טיפֿע שפּורען נאָך זיך געלאָזט און איינציגװייז האָבען זיי אין יעדענס געדאַנק גענומען אויף ס'ניי ערװאַכען, און נאָהענט פֿאַר'ן אויג שװעבען...

װאָרים פֿיעל־פֿיעל האָבען די יונגע, נאַאיװע יונגע קינדער, װאָס זענען צום ערשטען מאָל אויף גאָט'ס װעלט אַרויס, איבערגעלעבט אין יענעם מאָמענט, װען אין טעאַטער האָט זיך דער פֿאָרהאַנג איבער דער סצענע אַראָבגעלאָזען, און זיי האָבען זיך פּנים אל פּנים דערזעהען... מינוטען־לאַנג זענען זיי דאַמאָלס איינס אַנטקעגען דאָס אַנדערע געשטאַנען. אַ פֿייער האָט אין די פּנים'ער און אויגען געגליהט, די הערצער האָבען אַזוי שרעקליך געקלאַפּט: איבערראַשונג, אונבעװאוסטע שרעק, צוזאַמען מיט עפּעס אַן אונבעקאַנטע אינערליכע פֿרייד אויסגעמישט...

און װער װייסט װי לאַנג דער דאָזיגער אונבעקװעמער צושטאַנד װאָלט געדויערט, װען ניט זייערע בעגלייטער, דוד מיט זיין שװעסטער און דבורהלע, װעלכע האָבען די ערשטע מינוט נייגיעריג אויף די איבעראַשטע געקוקט און לייכטע שמייכעלעך האָבען זיך

אוֹיף זייערע לִיפּען בּעווייזען — ווען זיי האָלטען נישט די אִיבּערראַשטע צו־הילף געקוּמען און זיי פוּן דער אוּנבּעקוּועמער לאַגע אַרוּס־געהאָלפען.

הוד פוּן איין זייט אין דבורהלע פוּן דער צווייטער, האָבּען אַ שמוּעס אָנגעהויבּען, דער שמוּעס איז גלאַט אין דער וועלט אַריין געווען, אַ שטאַמלענדיגער, מיט האַלבּע, אָבּגעריסענע ווערטער... און די צוויי רבּי'שע קינדער זענען ווי אוּנבּעמערקט אִינ'ם שמוּעס אַריינגעצויגען, היימישער און לעבּעדיגער געוואָרען... און אין מיטטען אַרוּם האָבּען זיך פוּן אַלגעמיינעם שמוּעס עטליכע שמוּעסלעך אָבּגעזונדערט, איינער פוּן צווייטען האָט זיך אָבּגעטיילט, אַ „פּאָר'ל" צו אַ „פּאָר'ל", און די צוויי רבּי'שע קינדער זענען אַליין געבּליבּען און אין אין פּאָדער־זאַל פוּן טעאַטער שפּאַצירט...

די ערשטע איבּערראַשוּנג איז שוין אַפילו פאַראיבּער, דאָך אָבּער האָבּען זיי זיך נאָך גענוּג שעמעוודיג געהאַלטען. איינציגע געצעהלטע ווערטער, האָט יעדער נאָך אַ לאַנגע פויזע געלאָזט פאַלען... איינציגע ווערטער — אין דאָך זענען שוין די הערצער אַזוי פעסט צוּ־נויפגעבּוּנדען געווען, און דאָך האָבּען די איינציגע ווערטער אַזוי פיעל, אַזוי פיעל דערצעהלט!...

און ווען מען האָט אין טעאַטער אָנגעהויבּען צו קלינגען, דאָס דער צווייטער אַקט הויבּט זיך אָן, האָבּען זיך די צוויי רבּי'שע קינדער, שעמעוודיג, אַ ביסעל אָבּגערוּקט איינער פוּן צווייטען, זיך געלאָזט געהן צו דער רייהע, וואו זיי האָבּען זיך שוין נאָהענט איינער נעבּען צווייטען געזעצט...

און אַזוי האָבּען זיי זיך אויך ווייטער די גאַנצע צייט, בּיים שפּיעלען, ווי בּיי די אַנטראַקטען געהאַלטען. זייערע דריי בּעגלייטער, הוד מיט דער שוועסטער און דבורה'לע האָבּען זייער רוה ניט געשטערט, מיט קיין פראַגען און ווערטער זיך נישט געווענדעט צו זיי. וואָרום פערשטאַנען האָבּען זיי די הערצער פוּן די צוויי יוּנגע קינדער, געוואוּסט, וואָס זיי פיהלען איצט.. און פוּן דער זייט נאָר האָבּען זיי בּליקען געוואָרפען אויף די צוויי שעמעוודיגע קינדער, און געשמייכעלט.

איצט געהען זיי אַלע פוּן טעאַטער צוריק. גאַס־איין, גאַס־אויס קלינגען־אָב זייערע טריט. און אָט קוּמען זיי נאָהענט צום טויער צו. זיי בּלייבּען אַ ווײַלע שטעהן, איינער דאַרף זיך פוּן די פינף אָבּטיילען:

מרדכי'לע האָרכט אין אַנאַנדער גאַס געהן, אהין, דאָרט, וואו זיין פאָטער, דער רבי, שטערט-אײַן...

אַ קלינג בײַם טויער, און היידער בלײַבען אַלץ שטעהן עפּעס אין אַנאײנבעקוועמע פּאָזע... פּלוצלונג שטרעקט מרדכי'לע אויס זײַן האַנד צו רבקה'לען, די איבעריגע דרײַ בעגלייטער קעהרען ניט-ווילענדיג זייערע בליקען אַוועק... ביידע הענד בעהעפטען זיך, דרייקען זיך איינס סאַנדערע, און ציטערען... פיעל, פיעל האָבען זיי זיך ביידע צו זאָגען, צו דערצעהלען, נאָר ס'נישטאָ קיין ווערטער, נישטאָ... אַלעס-אַלעס גיבען-איבער די שטומע האַנד-דריקען...

די פאָרטקע פון טויער האָט זיך געעפענט.

— אַ גוטע נאַכט...

— אַ גוטע נאַכט...

און לאַנג-לאַנג איז דערנאָך מרדכי'לע איינער אַליין פאַר'ן טויער געשטאַנען און מיט פערחלומטע אויגען אין דער הייטער גאַס געקוקט.

* *
*

בײַ ר' פּנחס גלאָזמאַן אין הויז איז זעהר אומעטיג געווען. אַטמיער האָט זיך אויף אַלע פּנימ'ער פון גלאָזמאַנ'ס הויזגעזינד אויסגעגאָסען: ר' פּנחס'ל האָט אַנאויפגערעגטער, שטאַרק פערטראָגען אין מחשבות, אַרומגעשפּאַנט איבער'ן שטוב הין און צוריק און געביסען מיט די צייהן די שפּיץ באָרד. שיינדעלע, ר' פּנחס'לס ווייב, איז בײַם פענסטער געזעסען, אונטערגעשפּאַרט איין באַק אויף צוויי פינגער און אומעטיג מיט'ן קאָפּ געשאָקעלט, ווענדענדיג זיך יעדעס מאָל צום מאַן:

— וואָס שווייגען מיר, פרעג איך? וואָס זיצען מיר צונויפגעלעגט די הענט און קוקען דעם אומגליק גלייך אין די אויגען?...

— נו-נו!... השם ישמרנו!... ווער זאָל זיך גאָר אויף אַזעלכעס ריכטען?... נ-נ-נו!...

— ווער זאָל זיך אויף אַזעלכעס ריכטען, זאָגסטו? הלואי, רבונו של עולם, ס'זאָל זיך אַלעס צום גוטען אויסלאָזען... נאָר דאָס האַרץ, פּנחס, שרעקט מיר אַזוי, ס'איז מיר אַזוי קאַלט אין די ביינער, אַז כ'הויב אָן טראַכטען העריבער... עפּעס זאָגט מיר דאָס האַרץ... הלואי רבונו של עולם, ס'זאָל זיך אַלעס צום גוטען אויסלאָזען!...

און ר׳ פנחס׳ל ליפּט נאָך מעהר איבער דער שטוב אַרום, די ציהנגער האָבען צו זיך אַ גרעסערען שפּיין באָרד אַריינגעחאַפּט און קייען און בייסען — עס וואַרפט אַ פחד אָן!...

אַרום טיש זיצען גלאָזמאַנ׳ס עלטערע טאָכטער, מלכה׳לע און זייער שנור, מלכה׳לעס שוועגערין, רייזעלע, די הענד אונטער די פּנימ׳ער אונטערגעשפּאַרט און שווייגען.

נעבען דער טהיר פון קיך זיצט חיה-פּעריל, די אַלטע קעכין, און קוקט מיט שרעק אין דער שטוב אַריין, די הענד איינע אין די צווייטע פערלעגט, איהר אַלטע גאָמבע מיט די ווערצעלעך האַלטען זיך אין איין שאָקלען, ווי זי וואָלט פיהלען דאָס אומגליק, וואָס האָט זיך אַהער אין שטוב פערטראָגען... זי הויבט יעדעס מאָל אויף די אויגען צום סופּיט, די אַלטע פערוועלקטע ליפּען שעפּטשען עפּעס, איינגעצענדיג יעדע רגע די פינגער אין מויל...

— גאָט ווייסט, האָט שיינדעלע, ר׳ פנחס׳לס ווייב ביטער גע-זיפצט, צו וואָס זי וועט אונז נאָך ברענגען!... נחת, האַ? נחת דער-לעבט... מענשען זענען אונז מקנא, שכנות קריכען די אויגען אַרויס... מ׳האָט אונז ניט אונזער גליק פערגונען, אַ ביז אויג עסט אונז אויף...

— נ-נו!... השם ישמרנו... ברומט ר׳ פנחס׳ל, נחת!.. אַ הון מיט געלד אָבגעקאָסט, און יחוס זיך איינגעקויפט, וויפיעל נעכט בין איך ניט געשלאָפען... געווען צייטען, ווען די געשעפטען האָבען געהאַלטען אָט-אָט... כ׳האָב אָבער געמוזט פערבייסען די ליפען, אַ קניפּ טהון די באַק, די פאַרב זאָל שטעהן... פאַר מענשען מוז מען דער זעלבער ר׳ פנחס׳ל גלאָזמאַן בלייבען... וויפיעל נעכט, וויפיעל קאָפּ-ברעכעניש, וויפיעל געזונד האָט געקאָסט, ביז מ׳איז דורכגעגאַנגען בשלום... צוריק געשטעלט זיך אויף די פיס... און דאָ קומט פלוצים אונטער אַזאַ שידוך! דער רבי אַליין שיקט צו מיר, ער וויל זיך מיט מיר משדך זיין. דער רבי אַליין!...

— און די רביצין, אַז זי איז דאַמאָלס געווען אין וואַרשא, שיקט זי עקסטרע צו מיר, זי וויל מיך, זאָגט זי, פאַר אַ מחותנ׳תטע האָבען... — קאָן זיך שיינדעלע גלאָזמאַן ניט איינהאַלטען.

— דער רבי אַליין! און באמת, האָב איך זיך אפשר געדאַרפט אָבזאָגען דערפון?... אַ קלייניגקייט! וויפיעל גבירים אדירים, פון לאָדז, פון קאַליש, פון בענדין, אמת׳ע מיליאָנערען, אָנגעשטאָפּטע

עשירים, וויפיעל האָבּען זיי זיך געלעגט אין דער לענג און אין דער בּרייט, דעם רבּי'ן פאַר אַ מחותן צו בּעקומען!... וואָס זיי האָבּען אויסגעאַרבּייט, וואָס זיי האָבּען אַוועקגעלעגט כחות! געהאַלטען אין איין „פאָהרען”, איין „נסיעה” נאָך די צווייטע... געשטעלט פינף־זיבּעלדיגע פלעשלאַך וויין בּיים טיש... געשאָטען מיט געלד פון אַלע זייטען... אונטערגעשיקט מענשען מיט פיינע צינגלעך... משתדל זיין, בּועלין, איבּערעדען, געשיקט צום רבּי'ן, צו דער רבּיצין, צו דער גאַנצער סבּיבה אַרום, און — ניין!... גאָר אומגעריכט, דער רבּי שיקט מיר אַ שליח מיוחד, ער וויל זיך מיט מיר משדך זיין. דער רבּי אַליין!...

— עקסטרע נאָך מיר געשיקט זי, די רבּיצין, זי וויל מיך, זאָגט זי פאַר אַ מחותנת'טע האָבּען...!

— פערשטעהט, וואָס דאָס הייסט? דער רבּי אַליין!... בּעדוישט, ווי מיט וויין אָנגעטרינקען, בּין איך דאַמאָלס געבּליבּען שטעהן פון שמחה, הערהערענדיג אַזאַ בּשורה... דער רבּי אַליין!... איך בּין גרייט געווען די אייגענע קאַפּע צו עפענען, אַלע שופלאָדען מיט געלד און צוזינג אויסצומאַכען און זאָגען: נאַט, רבּי, נעהמט אייך, וויפיעל איהר האַרץ גלוסט, נעהמט אייך אַלעס צו!... אַלעס! לאָזט מיר גאָר נישט איבּער, צוליעבּ אַזאַ גליק איז בּיי מיר גאָר נישט פאַרהאַן צו־טייער!... כ'גאַנצע עשירות האָט בּיי מיר מעהר קיין חשיבות ניט!...

— אוי, אוי — האָט שיינדעלע אַ פּאַטש געטהון מיט די הענד — אַזוי זאָל מיר דער הימעל העלפען: דער זעלבּער געדאַנק, די זעלבּע ווערטער האָבּ איך איך דאַמאָלס געטראַכט... נאַט, רבּיצין, נעהמט אייך, וויפיעל איער האַרץ גלוסט!... צוליעבּ אַזאַ גליק איז בּיי מיר גאָרנישט פאַרהאַן צו־טייער!...

די צוויי שווענערינס, וואָס זיינען בּיים טיש געזעסען, האָבּען זיך איבּערגעקוקט. מלכה'לע האָט בּיי די לעצטע ווערטער עפּעס אַ זויערע מינע געמאַכט... און ר' פּנחס'ל האָט ווייטער גערעדט:

— און בּאמת, איז דען פאַרהאַן בּיי אַזאַ זאַך עפּעס אַ קלערה צו טהון, טאָמער איז עס שווער?... קאָן מען דען קוקען, צי מען קאָן יאָ צי מען קאָן נישט, צי אפשר איז די זאַך איבּער די כחות?... אויסגעבּערשטערט זיך, אויסגעלעדיגט זיך, געמאַכט פון זיך אַ תל!... אַ מטמון מיט אַן עשירות האָט דאָס אָבּגעקאָסט, כ'קאָן זיך נאָך עד היום אויף די פיס ניט שטעלען!... און איצט — נאַ דיר אַ נחת!...

— נחת!... הלואי, רבונו של עולם, ס'זאל זיך אלעס צום גוטען אויסלאָזען! נאָר דאָס האַריץ, פּנחס, קלאַפּט מיר אַזוי, ווי עס שרעקט מיך... האָסטו געהערט איהר ענטפער געכטען ביי נאַכט? פון וואַנען קומט צו איהר אַזעלכע דבורים?... נחת! שוין נאָך איינס אַזייגער ביינאַכט, און אַ רבי'שע שנור שלעפּט זיך ערגעץ ביינאַכט אַרום!... נחת!...

אַ קלינגען פון טויער האָט זיך דערהערט; אַלע זענען אין שטוב שטיל געוואָרען. שיינדעלע האָט זיך פון פענסטער אַרויסגעבויגען און אונגעדולדיג געקוקט אויפ'ן הויף אַראָב.

— פּנחס!... נאַ זעה!... — האָט שיינדעלע ציטערענדיג אויס-געשריען, צושלעפּענדיג דעם מאַן פאַר'ן אַרבעל צום פענסטער.

און ר' פּנחס'ל איז צוגעגאַנגען נאָהענט צום פענסטער. און אין פענסטער אין קיך איז אויך די אַלטע דינסט, חיה-פּערל, אויף די שפּיץ-פינגער געשטאַנען און, שאָקלענדיג די גאָמבע מיט די חערצעלעך, אויפ'ן הויף אַראָבגעקוקט. אַלע האָבען ווי איינגעהאַלטען זייער אָטעם און שאַרף די בליקען אָנגעשטעלט. שיינדעלע האָט אַ קוק געטהון מיט שרעק אויפ'ן מאַן און מיט'ן פינגער אויפ'ן הויף געוויזען.

— נאַ, זעה!...

אויפ'ן הויף נעבען טויער, נאָהענט צו דער אָפּיציניע, וואו בחינשהייג'ס וואָהנונג געפינט זיך, זענען געשטאַנען די פיער יונגע העלדען, וואָס האָבען זיך פון טעאַטער אין שפּאַציר אומגעקעהרט.

שטיל און איינגעשלאָפען איז איצט דער הויף געווען. די גאַז-לאַמטערנע, וואָס האָט ביים טויער געלויכטען, האָט לאַנגע פּאַסען שאָטען אַרום זיך געוואָרפען, וואו-ניט-וואו האָט ערגעץ פון אַני-אָפענעם פענסטער אַ הוילער קאָפּ אַרויסגעשטעקט, דער קאָפּ האָט ערגעץ גלאַט אין דער וועלט אַריין געקוקט, בהרחבה'דיג יעדעס מאָל דאָס מויל אופגעריסען און אַ מין הויך צופרידענעם געניץ אַרויס-געלאָזען... אין אַ צווייטען פענסטער האָט עפּעס איינער אין אַ חוי-מען טלית-קטן זיך געשאָקעלט, געהאַלטען זיך אין איין רייבען די אויגען און געלייענט קריאת-שמע הויך אויף אַ קול, דאָס די שכנים פון הויף, וואָס זענען נאָך געלעגען וואַך אין די בעטען, האָבען, דאַכט זיך, געקאָנט נאָכזאָגען וואָרט ביי וואָרט...

— נאַ, ווּעה!... — האָט שיינדעלע ניט איפגעהערט מיט שרייען איבערצו'חזר'ן.

און גלאָזמאַנ'ס בני-בית האָבען נאָך מעהר די קעפּ פון די פענ-סטער אַרויסגעשטעקט: די פיער יונגע פּערזאָנען האָבען זיך אין איין ענג רעדעל צונויפגענומען און פאַר'ן געזעגענען, אַקאָרצען, פרעה-ליכען שמועס געפיהרט.

— נאַ, ווּעה!...

מונטער און לעבעדיג האָבען די ווערטער איבער'ן שטילען הויף אָבגעקלונגען, אַ פרעהליך געלעכטער האָט זיך יעדעס מאָל אין דער נאַכט-שטילקייט געקייקעלט און אַריינגעדרונגען אַהין, אין די אָפענע פענסטער פון די וואָהנונגען, פון וואַנען ס'האָט זיך יעדעס מאָל אַ פערשלאָפענער קאָפּ בעוויזען און צוריק פערשוואונדען. זיי האָבען זיך געזעגענט. ריוושע האָט זיך מיט דבורה'לען און רבקה'לען צוקושט, און דוד האָט אַלעמען די האַנד דערלאַנגט.

— אַ גוטע נאַכט...

— אַ גוטע נאַכט...

— נאַ, פנחס, ווּעה!...

אַ פריש געלעכטער מיט פרעהליכע מונטערע ווערטער אויס-געמישט, האָט זיך איבער'ן הויף געטראָגען. די פעראָבשיעדעטע זענען זיך אין צווייען פונאַנדערגעגאַנגען, יעדע איז אין אַנאַנדער פאָדער-הויז פון אַנ'אַפּיצינע פערשוואונדען געוואָרען און אויף די טרעפּ האָבען זיך הילכיגע טריט דערהערט.

ר' פנחס'ל מיט'ן ווייב, נאָך זיי די טאָכטער מלכה'לע מיט די שנור רייזעלע, און הינטער זיי אויף די שפּיץ-פינגער די אַלטע דיענסט, חיה-פּערל, זענען אַלע צו דער טהיר צוגעלאָפען. ביי ר' פנחס'לען האָבען זיך פּעטט די פּיסטען צונויפגעדריקט.

— גוט ג'אָווענד...

פריהער איז דבורה'לע אַריינגעקומען, נאָך איהר — רבקה'לע.

— גוט נ'אָווענד — האָבען זיי נאָך אַמאָל איבערגע'חזר'ט.

קיינער האָט זיי ניט געענטפערט. אַלעמענס אויגען האָבען זיך שאַרף און צאָרענדיג אויף זיי אָנגעשטעלט און איינער האָט עפּעס הוי אויפ'ן צווייטען געוואַרט...

דבורה'לע, דערזעהענדיג די אַלע אָנגעשטרענגטע פּנימ'ער, און וועלכע ס'האָבען אַזוי היים די אויגען געברענט, איז זי אַהיילע

פֿערוואונדערט שטעהן געבליבען. באַלד אָבער האָט זי, ווי סוויזט-אויס, פֿערשטאַנען, וואָס דאָס בעדייט. און בעהערשענדיג זיך, האָט זי אַהדייכטע מינע אָנגענומען און איז גלייך אַריין אין איהר צימער.

— גוט נאָוועגד...— האָט רבקה׳לע געפרובט נאָך אַמאָל איבער׳חזר׳ן.

נאָר פֿון קיינעם האָט זי קיין ענטפֿער ניט בעקומען, און ווען זי האָט די אויגען אויפֿגעהויבען און פֿערוואונדערט אַרום זיך געקוקט, האָט זי שאַרפֿע בליקען, ברוגזע פנימ׳ער בעגעגענט, און קעפּ, וואָס האָבען בעדויערענד אויף איהר געשאָקעלט, ווי זיי האָלטען זאָגען: נאַט אייך... אַרבי׳שע טאָכטער... אַרבי׳שע טאָכטער..

און פֿערשעמט האָט רבקה׳לע די אויגען צו דער ערד אַראָבגעלאָזען און, ווי זי וואָלט דעם באָדען הינטער זיך פֿערלאָרען, האָט זי מאָדנע געבלאָנטערט מיט די פֿיס און זיך נאָכגעשלעפּט נאָך דבורה׳לען אין צימער אַהין...

מינוטען-לאַנג זענען נאָך גלאָזמאַנ׳ס בני-בית אויף זייערע ערטער געשטאַנען און זיך שטום איבערגעקוקט. פּלוצים האָט זיך ר׳ פנחס׳ל אַהאַפּ געטהון, די שפּין פֿאַרה פֿעטטער און מיל אַריינגענומען, און מיט צונויפֿגעדריקטע פֿויסטען, ברומענדיג שטאַרק עפּעס אונטער, איז ער געשווינד צו דער טהיר פֿון דבורה׳לעס צימער צו, און נאָך איהם איז תיכף שיינדעלע נאָכגעלאָפען.

ר׳ פנחס׳ל און זיין ווייב שיינדעלע זענען שטעהן געבליבען אויף דער שוועל און צאָרענדיג זיך אַרומגעקוקט.

דבורה׳לע און איהר שוועגערין רבקה׳לע, וואָס זענען פֿערנומען געוועזען מיט זייערע קאָסטיומען און הוטען אַראָבציהען, דערזעהענדיג די בייזע עלטערען מיט די אָנגעצונדענע בליקען, זענען זיי ווי אָבהענדיג געוואָרען; די „אַלטע״ אויף די שוועל און די יונגע אין מיטען צימער, זענען געשטאַנען אָהן ווערטער איינע אַנטקעגען די צווייטע און זיך אָנגעקוקט.. אויסגעזעהען האָט עס, ווי צוויי פֿיינדליכע לאַגערען, וואָס אַ ווייַלע הערט ביי זיי דער שטיל-שטאַנד און אָט-אָט, נאָר אויסגערוואַרטעט, וועט אַ מוראדיגער קאַמפּף אויסברעכען.

ר׳ פנחס׳ל האָט זיך אַ ביסעל בעהערשט און סטאַרענדיג זיך נישט אַרויסצוווייזען זיין אויפֿרעגונג, האָט ער, ווי ווייט מעגליך איינגעהאַלטען, אַרויסגערעדט:

— האַ?... וואו ביזטו געוועזען ביז אצינד?...

נאָר אָנשטאָט אַנטפֿערן, האָט דבורהלע אַרום זיך אַ דרייס־טען בליק געוואָרפֿען און מיט אַ געמאַכטער ענערגיע האָט זי זיך גענומען צו איהר ווייטערדיגער אַרבייט. רבקהלע האָט זיך לאַנגזאַם צום פֿענסטער צוגעצויגען און, ציטערענדיג פֿון שרעק, האָט זי זיך אין אַ ווינקעל פֿערשטעקט...

און ר' פנחס'ס שטימע איז שטרענגער און העכער געוואָ־רען:

— כ'וויל וויסען, וואו ביזטו געוועזען!...

— שפּאַצירען... — האָט זיך אַ שטילער ענטפֿער דערהערט פֿון דער אָפֿענער קליידער־שאַנק, וואו דבורהלע האָט איהר זומער־מאַנטעל אַריינגעהאָנגען.

— שפּאַצירען?... האַ?... ווי שפּעט איז?... שפּאַצירען!... האַ!

נאָר דבורהלע האָט זיך שוין אַפילו מעהר נישט אומגעקוקט, זי האָט פֿון דער שאַנק אַרויסגענומען אַ ברייטע טאָוועלנע שאַכטעל, אין וועלכען זי האָט איהר הוט אַריינגעלעגט.

— וואו האָסטו שפּאַצירט, ווייל איך וויסען!... דו ענטפֿערסט נישט, האַ?...

— דבורהלע האָט אומגעקעהרט דעם קאָפּ און פֿעסט אַרויס־געדעדט:

— איך דאַרף נישט קיינעם קיין רעכענונג אָבגעבען!... איך האָב שפּאַצירט — וואו איך האָב געוואָלט!... גענוג!...

— האַ?...

ר' פנחס'ל האָט זיך אַוועקגעשטעלט אין מיטען צימער, זיינע אויגען האָבען ווי פֿייער געברענט, די פֿויסטען האָבען זיך צונויפֿ־געדריקט און געציטערט. ער איז צום טיש צוגעשפּרונגען און די צונויפֿגעדריקטע פֿויסטען האָבען זיך פֿעסט אויפֿ'ן טיש אַראָב געלאָזען.

— כ'בין אַ טאַטע!... האַ?... שוין זאָלסטו מיר זאָגען!... וואו האָסטו זיך אַ גאַנצע נאַכט אַרומגעשלעפּט?...

נאָר דבורהלע, ווי זי וואָלט זיך דערצו שוין לאַנג צוגעגרייט, האָט זיך פֿעסט אַנטקעגען געשטעלט און דרייסט געענטפֿערט:

— זאָל זיך דער טאַטעשי ניט אַזוי צוהיצען... איך בין שוין ניט מעהר קיין קינד... גענוג שוין, גענוג שוין... גענוג האָט איהר שוין געזאָרגט פֿאַר מיר ביז איצט. גענוג!... זאָל דער טאַטעשי ניט אַזוי קלאַפּען אין טיש... אָט קוקען שוין די שכנים פֿון אַלע פֿענסטער...

און דאָ איז שוין די מוטער שיינדעלע אַרויס:

— זאָלען זיי קוקען, זאָלען זיי זעהען!... זאָלען זיי אויף אונזער בייז וואונדער צונויפֿלויפֿען!... זאָלען זיי זעהען אונזער גליק, אונזער נחת!... איצט וועלען זיי שוין אונז פֿערגינען, איצט וועלען שוין מעהר די אויגען ביי זיי ניט אַרויסקריכען!... זאָלען זיי קוקען, זאָלען זיי זעהען!...

די צוויי שוועגערינס, מלכה'לע און רייזעלע, האָבען זיך שטיל אַריינגעשאַרט אין צימער אין זיך נעבען טיש אַוועקגעשטעלט. מלכה'לע איז נעהענטער צו איהר שוועסטער דבורה'לע צוגעגאַנגען און שטיל כּרוגז'דיג איהר גע'מוסר'ט:

— פֿע, דבורה'לע, נישט שען...

קוקענדיג אויף מלכה'לען, האָט אויך רייזעלע געפֿיהלט אויף זיך אַ חוב, די שוועגערין אַ מוסר־וואָרט צו זאָגען, האָט זי זיך אויך נעהענטער צוגערוקט און אַ זויערע מינע געמאַכט:

— נישטאָ וואָס צו זאָגען, אַ שענע אויפֿפֿיהרונג... ס'פּאַסט מיר צו... דעם רבינ'ס שנור...

ר' פּנחס'ל האָט אויפגערעגט איבער'ן צימער אַרומגעשפּאַנט און די שפּיין בּאָרד געביסען:

— אָבער איך וויל וויסען! איך מוז וויסען!... וואו ביזטו געווען, וואו האָסטו זיך די גאַנצע נאַכט אַרומגעשלעפּט?... כ'וויל וויסען! כ'בין אַ טאַטע!... כ'וויל נישט זיין צו קיין לייטישע געלעכטער!...

— נישטאָ וואָס צו זאָגען... ס'פּאַסט מיר צו... דעם רבינ'ס שנור... — האָט די שוועגערין רייזעלע איבערגע'חזר'ט מיט אַ זויערע מינע.

— איך וויל וויסען, נאָך וואָס ביזטו אַהער קיין וואַרשאָ געקומען? צו וואָס האָסטו נאָך דעם רבינ'ס טאָכטער מיטגעבראַכט?... דעם רבינ'ס טאָכטער! דעם רבינ'ס טאָכטער וואָס פֿירסטו איבער!... און אַז דער רבי וועט געוואָהר ווערען, און אַז די רביצין וועט זיך

דערוויסען!... דעם רבי'נס טאָכטער! וואָס האָסטו נאָך געוואָלט פון רבי'נס טאָכטער האָבען!... נאָך וואָס האָסטו זי קײן ווארשא מיטנעבראַכט?... מײנסט, מיר האָבען נישט געזעהען, הא? מיר האָבען נישט געזעהען?... מיט ברוינשווייג'ס טעכטערעל... מיט ברוינשווייג'ס זוהנדעל... וואו טהוט מען זיך אהין פאַר חרפה!... ר' פנחס גלאָזמאַנ'ס טאָכטער, דעם רבי'נס שנור, אַן אשת־איש... האָט געשטעקט מיט ברוינשווייג'ס זוהנדעל... וואו טהוט מען זיך אהין פאַר חרפה, גוואַלד!...

— מ'קאָן ניט זאָגען... ס'פּאַסט מיר צו... אַ רבי'נס אַ שנור... — האָט רײזעלע געדאַלטען אין אײן שטעכען איהר שוועגערין;

— אָבער וואָס האָסטו נאָך געוואָלט פון רבי'נס טאָכטער האָבען?... פערשלעפּט איהר אויף אַ גאַנצע נאַכט אהין ערגעץ אין אַלדע טײוועל!... מיט ברוינשווייג'ס זוהנדעל, דעם הולטיי... מיר האָבען געזעהען, מיר האָבען געזעהען... מ'שלעפּט זיך אַרום מיט הולטײַעס אין די גאַסען... מ'גיט זיך די הענד... דעם רבי'נס שנור, דעם רבי'נס טאָכטער... און אַז דער רבי וועט דאָס געוואָר ווערען! און אַז די רביצין וועט זיך פון דעם אומגליק דערוויסען! איך פרעג דאָך דיר — אַז דער רבי, די רביצין וועלען געוואָר ווערען!...

פון דער אָפענער קלײדער־שאַנק האָט זיך דערהערט אַ שטילער ענטפער, אויסגעמישט מיט אַ געמאַכט געלעכטעריל:

— דער רבי? די רביצין? וואָס געהען זיי מיר אָן?... ס'אַרט מיך גאָר קנאַפּ, וואָס זיי וועלען יאָ זאָגען און וואָס זיי וועלען נישט זאָגען... כ'בין שוין מעהר קײן קינד נישט. גענוג!...

ס'איז איבער'ן צימער אַ צאַפּלדיגע שרעק דורכגעלאָפען. אַלעמענס אויגען האָבען זיך מיט פחד איבערגעקוקט. ר' פנחס'ל איז שטעהן געבליבען מיט אויסגעגלאָצטע אויגען, ווי ער וואָלט זײַנע אײגענע אויערען ניט געגלויבט, און פּלוצלינג צו דער טהיר צוגעלאָפען:

— חצופה!!! — האָט ער אויסגעשריען ניט מיט זײַן קול און אַ קלאַפּ געטהון הינטער זיך די טהיר מיט אַ שטאַרקען שטורם, אַז דאָס גאַנצע מעבעל פון שטוב האָט געציטערט.

אַ טרויער האָט זיך יענע נאַכט צולעגט איבער ר' פנחס'ל גלאָזמאַנ'ס הויז; אַ געדריקטע שטימונג, אַ שווערער אומעט האָט געפּרעסט אויף אַלעמענס הערצער; אויף די שפּיץ־פינגער, ווי אוי'ס

מורא די שווערע שטילקייט ניט צו שטערן, איז יעדער דאַן איבּער דער שטוב געגאַנגען...

און ר' פּנחס'ל גלאָזמאַנ'ס הויז האָט זיך פּילוּוער געפּיהלט, אָט־אָט, האַלט זיך, וועט אַ װוּלקאַן איבּערבּרעכען און דאָס חסידישע רוהיגע הויז חרוב מאַכען... און געשראָקען האָט יעדען דער מוראדיגער געדאַנק, און געציטערט האָט יעדער דערפאַר...

פערבּרעכענדיג די הענד און שאָקלענדיג מיט מוטער־בּעהיערינג מיט'ן קאָפּ, האָט שיינדעלע גלאָזמאַן פערלאָזט דבורה'לעס צימער און אַריין צוריק אין דער גרויסער עס־שטוּב, וואו ר' פּנחס'ל איז אַנאָנגעצונדענער ווי צומישט אַרומגעלאָפען. מלכה'לע און רייזעלע זענען נאָך אַ ווייַלע געשטאַנען און געקיקט מיט צאָרענדיגע אויגען אויף די צוויי „הויף"־קינדער, דבורה'לע און רבקה'לע, און מיט זויערע מינעס האָבּען זיי זיך שטיל פון צימער אַרויסגעשאַרט.

און אויסגעזעהען האָט יענע נאַכט בּיי ר' פּנחס'לען אין הויז, ווי די נאַכט פון תשעה־בּאָב נאָך קינות, אָדער ווי די ערשטע שבעה־נאַכט בּיי אַן אָבל אין שטוּב, ווען די וואונד איז נאָך אין יעדענס האַרצען פריש, ווען אויף יעדען שריט, בּיי יעדע שטוּב־בּעוועגונג, פיהלט זיך דאָס שרעקליכע אומגליק, די גרויסע אבידה פון דעם, וואָס איז אַלעמען אַזוי נאָהענט און טייער געווען, און פּלוּצלונג איז אַ בּייזער צאָרן פון גאָט געקומען און דאָס נאָהענטע און טייערע אַוועקגעטריבּען...

- זי איז אַראָבּ פון וועג... אַראָבּ פון וועג... — האָט ר' פּנחס'ל נישט אויפגעהערט צו קריצען מיט די צייהן, אַרומלויפענדיג הין און צוריק איבּער דער שטוּב.

— מ'האָט איהר פון וועג אַראָבּגעפיהרט... דאָרט, דאָרט... בּיי די בּרוינשווייג'ס... — האָט שיינדעלע מיט'ן פינגער אויף די אַנטקעגענאיבּערדיגע פענסטער אָנגעוויזען. — מ'האָט איהר אָנגעהויבּען שכל צו לערנען... דאָרט... דאָרט...

קיינער האָט ניט געוואַגט עפּעס אַ וואָרט צו זאָגען, אַלע האָבּען די קעפּ אַראָבּגעלאָזען און מיט שרעק אויף עפּעס געוואַרט.

און פּלוּצלונג איז שיינדעלע נאָכאַמאָל צו דער טהיר פון דבורה'לעס צימער צוגעגאַנגען, און האַלטענדיג די קלאַמקע אין האַנד, האָט זיך נאָך איהר געדאַנק געוואַקעלט: זאָל זי אַריינגעהן,

אָדער ניט? אין גיטשליסענדיג זיך, האָט זי לאַנגזאַם די טהיר פֿון צימער געעפֿענט.

דבורה'לע איז געשטאַנען אָנגעלעהנט בײַם פֿענסטער אין גע־האַלטען דעם קאָפּ אין דהויסען אַרויסגעבויגען, נעבען איהר איז רבקה'לע אין ווינקעל געזעסען, דאָס פּנים אויף דייר האַנד אונטער־געשפּאַרט, טהיערויג און פֿערטראַכט.

שיינדעלע איז מיט די שטילע טריט צום פֿענסטער צוגעגאַנ־גען און דבורה'לען לײַכט בײַם יבעל אנגעריהרט:

— דבורה'לע...

זי האָט דעם קאָפּ אומגעקעהרט און זיך אַנטקעגען דער מוטער אויפֿגעשטעלט. עטליכע מינוטען זענען זיי אַזוי אָהן ווערטער גע־שטאַנען; פֿון שיינדעלעס אויגען האָט פּלוצלונג גענומען אַ שטראָם טרעהרען פֿליסען און מיט אַ פֿערשטיקטע וויינענדיגע שטימע האָט זי געבעטען:

— טאָכטער, גאָט האָט אונז אַ שטיקעל גליק געשענקט, שכנים האָבען אונז מקנא געווען, קומסטו מיט אַמאָל און ווילסט אונזער גליק שטערען... פֿאַרוואָס, טאָכטער? פֿאַר וואָס?... זעה, ווי די שטוב קוקט איצט אויס? זעה, דער טאַטע לויפֿט ווי אַ צומישטער אַרום... פֿאַרוואָס, טאָכטער? זענען מיר אפשר נישט דײַן גליק געווען אויסען? און וויפֿיעל האָט אונז דאָס שטיקעל גליק אָפּגעקאָסט, ביז גאָט האָט אונז געהאָלפֿען און מיר האָבען פֿון דיר נחת דערלעבט... פֿאַרוואָס פֿערשוואַרצטו אונז, טאָכטער, דאָס פּנים, פֿאַרוואָס ווילסטו אונז צו לײַטישע שפּאָט מאַכען... אַ רבי'שע שנור, ר' פּנחס'ל גלאָז־מאַנ'ס טאָכטער, אַ פֿרום חסידיש ווײַבעל שלעפּט זיך מיט הולטײַעס אויף גאַנצע נעכט אַרום... בערעכען דיך, טאָכטער, וואָס האָסטו דיך אויף אַ זינדיגען וועג געלאָזט?... זענען מיר דען נישט דײַן גליק אויסען געווען?...

— איך דאַנק אײַך, כ'וועל אײַך אייביג דאַנקען פֿאַר מײַן גליק... — האָט דבורה'לע מיט אײַנגעהאַלטענער אויפֿרעגונג אַרויס־גערעדט.

— וואָס הייסט? — האָט שיינדעלע מיט פֿונאַנדערגעשפּרייטע הענד און ברייט־עפֿענענדיג די אויגען אַרויסגעשטאַמעלט.

— האַ? וואָס הייסט דאָס?... — האָט ר' פּנחס'ל, הערענדיג די לעצטע ווערטער, זיך אויף דער שוועל פֿון צימער געוויזען.

= וואָס זאָגט זי?... — האָבען זיך מלכה'לע און רייזעלע שטיל אַריינגעשאַרט אין צימער אין די אויגען אויסגעגלאָצט.

דבורה'לע, וועהענדיג ווי אַלעמענס אויגען זענען צו איהר געווענדעט, האָט זי זיך קיראַוש געמאַכט, איהרע אויגען האָבען זיך אָנגעצונדען אין ענערגיש האָבען איהרע ווערטער געשטורעמט:

— אַ דאַנק אייך, אייביג וועל איך אייך דאַנקען... מיין גליק וועט איהר איסען געווען!... פערקויפט האָט איהר מיך... יחוס האָט זיך אייך פערוואָלט. דער טאַטע קאָן זיך נאָך, זאָגט ער, אויף די פיס ניט שטעלען, דאָס גאַנצע פערמעגען האָב איך איהם אָבגעקאָכט... געוואָלט האָט ער זיך אַ רבי'ן פאַר אַ מחותן קויפען!... מיין גליק וועט איהר איסען געווען!... די מאַמע האָט געוואָלט די רביצינ'ס מחותנת'טע ווערען, איהר טאָכטער זאָל אַ שנור פון אַ „הויף“ ווערען... מיין גליק! אַ סך האָט איהר געזאָרגט דעריבער?... אין אַ „הויף“ האָט מען מיך פערקויפט, אין „הויף“ האָט מען מיך פערשפאַרט... דאָרט, וואו עס איז אַזוי ענג און שרעקליך... אַ דאַר פערגרינט אָתהוגיל האָט מען מיר פאַר אַ מאַן געגעבען... אַ נאַריש יונגעל, וואָס שעמט זיך נאָך איצט צו רעדען מיט מיר... חאַ-חאַ, אַז ער דערזעהט מיך ביים פענסטער, אַנטלויפט ער פאַר מיר... איך דאַנק אייך, אייביג וועל איך אייך פאַר'ן גליק דאַנקבאַר זיין!... דאָ וועל איך בלייבען... געניג! מעהר פאָהר איך שוין אין „הויף“ ניט

— האַ? — האָט ר׳ פנחס'ל אויסגעשריען און אַלע איברים האָבען איהם אָנגעהויבען צו ציטערען.

— טאָכטער... טאָכטער! — האָט זיך שיינדעלע צוחליפעט.

= דבורה'לע... — האָט רבקה'לע דערשראָקענע בליקען אויף איהר שוועגערין אויפגעהויבען.

נאָר עס איז שוין צו שפעט געווען. דער שטורם האָט אויסגעבראָכען...

---

## XIX.

## די צוויי רביצינ'ס

דאָס שטילע צימער פון שרה'לע די רביצין, איז מיט עצבות און מרה-שחורה איבערפולט. אַ טונקעלער בין-השמשות האָט די

װענד פֿון צימער אין שאָטענס פֿערהילט. עפּעס אַ פּחד, װאָס מען זייסט ניט פֿון װאַנען ער האָט זיך גענומען און װאָ ער קומט אַהער, שוועבט װי אַ שטילער סוד איבער'ן צימער אַרוס און צולעגט זיך װי אַ שוערע משא אין פּרעסט אַזױ אימה'דיג אויף די הערצער פֿון די צוויי רביצינס, די צוויי מחותנת'טעס, װאָס זיצען איצט איינע אַנטקעגען די צווייטע אינ'ם ווינקעל נעבען פֿענסטער און שוייגענדיג טוליעט זיך יעדע אין זיך איין, יעדע האַלט דעם קאָפּ אַראָבגעלאָזען, מיט איין האַנד אונטערגעשפּאַרט, און אָהן ווערטער שאָקלען זיך לאַנגזאַם די צוויי קעפּ אַרויף און אַראָב, װי זיי װאָלטען בעדויערען, װי זיי װאָלטען בעקלאָגען דאָס, װאָס עס װעט זיך שוין מעהר ניט אומקעהרען... װען־ניט־װען קײַקעלט זיך ביי איינע אויפֿ'ן פּנים אַ הייסע טרעהר אַראָב, פֿליסט איבער די בלאַס־פֿערזאָרגטע באַקען און װערט ערגעץ נעלם אונטער דער גאָמבע...

און װען־ניט־װען, רייסט איין שאָקלענדיגער קאָפּ די שטיל־קייט איבער:

— אַ צאָרן פֿון גאָט האָט זיך אויף אונז אויסגעגאָסען — זיפּצט די חאַשטשינער רביצין און איהרע אויגען װערען פֿײַכט, קוים־קוים װאָס זי האַלט זיך איין פֿון אַרויסהליפּען.

— זינדיגט ניט, מחותנת'טע — מוסר'ט איהר מיט אַ פֿערשטיק־טע שטימע שרה'לע די נ.'ער רביצין — פֿון גאָט געהט קיין שלעכטס ניט אַרויס. דער מענש אַליין נעהמט זיך עס לויט זיינע מעשים...

— גאָט האָט אַ שטראָף אויפֿ'ן „הויף" אַראָבגעשיקט — װיל זיך די חאַשטשינער רביצין ניט טרייסטען.

— זינדיגט ניט, רביצין, נישט קיין שטראָף איז עס, נאָר אַ נסיון. גאָט וויל דעם צדיק אויספּרוּווען, צי ער וועט קאָנען זיין נסיון בײַשטעהן...

בעהיערענדער שאָקעלט די חאַשטשינער רביצין מיט'ן קאָפּ, עטליכע מינוטען שווייגט זי, אַטרייסט וויל זי אין די מחותנת'טעס ווערטער געפֿינען, זי קאָן זיך אָבער ניט איבערשטאַרקען און אַ קוואַל טרעהרען נעהמט מיט אַמאָל גיסען פֿון איהרע אויגען:

— װעה, װער זאָל זיך אויף אַזעלכעס ריכטען, װער האָט נאָר געקאָנט אַזעלכעס ערוואַרטען! גאָטס צאָרן האָט זיך אויף אונז אויסגעגאָסען...

און דאָס האַרץ פֿון שרה'לע די רביצין קאָן שוין מעהר ניט בייטשעהן, זי זאָגט שוין מעהר ניט קיין טרייסטווערטער, און מיט אַנגייַן פֿון אַמוסר־ספר פֿליסען שטילע קלאָג־ווערטער פֿון איהר מויל:

— ווער האָט דען געזאָלט אַזעלכע שווערע צייטען ערוואַר־טען? הור נאָך הור איז אַשלום אויפֿ'ן „הויף" פֿערשפּרייט, דור נאָך הור איז ער אין די פֿליגלען פֿון די מלאכי השלום געווען איינגעהילט. רייסט זיך פּלוצלונג, גאָט זאָל בעשירמען, אַבייזער שטן אַריין און צושטערט דעם שלום, רייבט די קינדער פֿון די עלטערענס שוים אַוועק...

און די חאַשטינער רביצין האַפּט־אונטער:

— זיצט אַיונג קינד תמיד אין „הויף", האָט מיט פֿרעמדע קיין התחברות ניט, ווייסט אפילו ניט רעכט דעם וועג אין שטאָדט אַריין. יום ולילה זיצט ער ביי זיך אין חדר פֿערשלאָסען, דער טיש איז מיט הייליגע ספרים פֿול. אַכשר קינד — ווייסט ניט מעהר, נאָר גאָט ברוך הוא צו דיענען און די הייליגע ספרים צו לערנען. חסידים האָבען פֿאַר איהם דרך־ארץ, זאָגען איהם שוין מעהר קיין „דו" נישט, ווער סוועהט איהם, — בענשט זיך מיט אַזעלכע קינדער... העלפֿט זיין ליעבער נאָמען און מען דערלעבט נחת: מען גרייט זיך שוין דעם זמן החתונה אָבצושמועסען, די מאַמעס האַרץ וואַקסט פֿון פֿרייד, און גאָר אומגעריכט — אַזאַ גזר־דין, אַזאַ גאָט'ס שטראָף!...

און שרה'לע די רביצין ווייזט אויף איהר „הויף" אָן:

— ווען זאָל גאָר איינפֿאַלען, ווער זאָל זיך אויף אַזעלכעס ריכטען: אַ יונג כשר קינד, שטענדיג אין „הויף" געזעסען, נישט גע־גאַנגען קיין פֿיער איילען אַרויס, קיין פֿרעמדע חבר'טעס ניט געהאַט. דאָ ביים פֿענסטער שטענדיג געזעסען און העמדעלעך מיט יאַקע־לעך פֿאַר אָרימע יתומים גענעהט... אין אַזאַ גאָלדען האַרץ, אַזוי גוט און דערבאַרמדיג! וויפֿיעל מאָל, בשעת זי פֿלעגט אַהעמדעלע נעה־ען, פֿלעגט זי זיך אין דער אָרימער אלמנה דערמאָהנען, וואָס האָט איהר דאָס שטיקעל לייוואַנד הויכ'ן פֿענסטער דערלאַנגט, און אין דעם אָרימען יתום, פֿאַר וועלכען זי האָט דאָס העמדעל גענעהט, און טרעה־רען פֿלעגען דאַמאָלס פֿון איהרע אויגען טריפֿען און דאָס הייסע העמדעל פֿייכט מאַכען... ביז שפּעט אין דער נאַכט פֿלעג איך זי ניט קאָנען פֿון דער מצוה־אַרבייט אָברייסען, ביז ס'פֿלעגט זיך איהר

אַלײן די אײגען פֿערשליסען אין די נאָדעל פֿון האַנד אַרױספֿאַלען... זאָגט זשע מיר, רביצין, פֿון װאַנען האָט זיך צו אַזאַ פֿרום כשר קינד אַזעלכע מחשבות זרות, גאָט זאָל אויסהיטען, גענומען? װי אַזוי האָט, נישט זינדיגען זאָל מען מיט די רײד, דער יצר־הרע אויף אַזאַ קינד שליטה בעקומען?...

— פֿרומע קינדער, כשר'ע קינדער — האָט די חאַשטשינער רביצין מיט טרעהרען געגאָסען — מען טאָר זײ אָבער אַלײן אויף קײן װעג ניט לאָזען, אויפֿ'ן װעג איז דער שטן מקטרג... נאָך װאָס, רביצין, האָט איהר זי קײן װאַרשאַ געלאָזט פֿאָהרען? אין אַזאַ שטאָדט, אַזאַ שטאָדט, װאו אַ פֿײַער פֿון גהינם ברענט, װאו אַ נעץ פֿון זינד איז אויף יעדען טריט פֿערשפּרײט... נאָך װאָס, רביצין, האָט איהר זי געלאָזט קײן װאַרשאַ פֿאָהרען?

— װער זאָל זיך ריכטען? יעמען זאָל עס דען אײַנפֿאַלען? מײַן שנור דבורה'לע האָט צו אַ דאָקטאָר פֿאָהרען; אַ פֿרום כשר װײַבעל, די מינדעסטע זאַך חלילה ניט געזעהען פֿון איהר, גאַנצע טעג בײַם פֿענסטער געזעסען און אין הימעל געקוקט... אין „הויף" האָט מען געזאָגט, אַז דאָס איז די פֿאַר אָרימע און קראַנקע מתפּלל, טהוט תּפֿילה פֿאַר זײ... אַ כשר'ע פֿרומע שנור...

די רביצינ'ס װערטער זענען פּלוצלונג איבערגעריסען געװאָרען. די טהיר פֿון צימער האָט זיך געעפֿענט און אַ בריעף האָט מען דערלאַנגט:

אַ בריעף פֿון װאַרשאַ, פֿאַר דער רביצין.

צו מיר אַ בריעף? — בײדע מחותנת'טעס האָבען זיך שטיל מיט שרעק איבערגעקוקט. די רביצין האָט מיט ציטערענדע הענד דעם בריעף פֿון קאָנװערט אַרויסגענומען, ציטערענדיג די ברילען אָנגע־טהון און שטיל, לאַנגזאַם די װערטער אינ'ם בריעף אָנגעהויבען צו לעזען:

מחותנת'טע, רביצין! טהוט, רביצין, תּפֿילה פֿאַר גאָט. זאָל דער צדיק, דער מחותן, מיט זײַן תּפֿילה די טויערען פֿון הימעל עפֿע־נען... זאָל מען אין גאַנצען „הויף" ליכט אָנצינדען און אין בית־המדרש תהלים זאָגען!... גאָט'ס צאָרן האָט זיך אויף אונז אויס־געגאָסען! מײַן כשר'ע טאָכטער, אײַער פֿרומע שנור, דבורה'לע,

איז פון רעכטספארטיגען וועג אראב... א קליפה, גאט זאל זיך דער־באַרמען, האט זיך אין איהר בעהעפט!...

— וואס איז מיט אייך, רביצין?... אוי וועה איז מיר, וואס איז דאס פאר א בריעף?... א ביסעל וואסער!... רביצין! וואס איז דאס פאר א בריעף?... וואסער, וואסער!...

— וואס איז געשעהען? וואס איז פארגעקומען?

די רביצינ'ס צימער איז פול געווארען מיט מענשען. ס'איז זיך דער גאנצער „הויף" אויף דעם געשריי צוזאמענגעלאפען און יעדער אין דער טהיר געשטופט. די רביצין איז א פער'חלש'טע אויף דער שטוהל געלעגען, נעבען איהר פיס־בענקעלע האט זיך דער בריעף געוואלגערט. די דיענסטען פון קיך און די ווייבער, וואס זענען פון גאס אנגעקומען, האבען וואסער אויף דער רביצין געשפריצט און זי געמינטערט. די חאשטינער רביצין איז געשטאנען די הענד פערבראכען, די אויגען האבען שטאר און פערצווייפעלט ארום זיך געקוקט. ווי זי וואלט ניט קאנען בעגרייפען, וואס דא קומט פאר, און ווי וואהנזיניג האט זי שטיל, אהן אויפהער געשעפטשעט:

— א צאָרן פון גאָט... א צאָרן פון גאָט... א גהינס־פייער ברענט... וואס איז דאס פאר א בריעף? וואס שטעהט אין דעם בריעף געשריבען?...

— רביצין, מחותנת'טע! וואס איז דא געשעהען? וואס איז דא פארגעקומען?

נאר די מחותנת'טע, די חאשטינער רביצין, הערט ניט, וואס מען פרעגט איהר, ווייסט ניט קיין אנטווארט, ווי צוגעשמידט שטעהט זי אויף איהר ארט, די הענד פערבראכען:

— א צאָרן פון גאָט... א גהינס־פייער ברענט...

און דער קלאנג צוטראגט זיך איבער שטאדט און גאס, יודען לויפען פון די קראמען ארויס, ווייבער לאזען איבער די קוישלעך אויפ'ן מארק, מלמדים אין קינדער לאזען הפקר די חדרים מיט די אָפענע גמרות און אלע לויפען מיט שרעק צום „הויף" אוועק, שטופען זיך אין טהיר און פענסטער. איינער חאפט דעם צווייטען ביי די לאצען אָן, איינער בעט זיך ביים צווייטען:

— וואס איז געשעהען? וואס איז פארגעקומען?

נאָר יעדער קוועטשט מיט די פּלייצעס, קיינער ווייסט ניט קיין ענטפער. פיעל ווייסען אפילו ניט, נאָך וואָס זיי זענען אהער אין „הויף" געלאָפען, ווער האָט זיי אהער געצויגען, און דאָך איז אויף אַלעמען אַזאַ אימה אויסגעגאָסען, דאָך ציטערען ביי יעדען די גלידער, אַנאינבעהאַלטענע שרעק, מען ווייסט ניט, פאַר וואָס, מען ווייסט ניט פאַר ווען, האָט איהרע צייכענס אויף אַלע פּנימ'ער געלעגט: יודען האָבען די שטערענס און ברעמען צונויפגעקוועטשט, ווייבער הילען זיך אין זייערע פאַטשיילעס איין, שאָקלען בעהויערענה מיט די קעפּ, פאַרציהען די פּנימ'ער מיט מינעס אויף צו פערחלי-שען זיך ביי די ערשטע געלעגענהייט און האַלטען שוין די נאָז-טיכ-לעך גרייט... און גרעסער ווערט וואָס אַ מינוט דער עולם, שטאַרקער — דער געדראַנג אין שטופּעניש. די רביצינ'ס וואָהנונג איז פון דרויסען איינגאַנצען בעלעגערט: אויף טהיר און פענסטער, סלופּעס און באַל-קאָנס האַפּט מען זיך, הונדערטער אויגען זענען צו די שפּאַלטען און שפּאַרינעס ווי צוגעקלעבט און קיינער ווייס אפילו ניט, וואָס זיינע אויגען זוכען און נאָך וואָס ער איז אהער אין „הויף" געלאָפען...

און פּלוצלונג טראָגען זיך קולות פון אַלע זייטען·

— מאַכט אַ וועג!...

— לאָזט דורכגעהן!

— דער רבי געהט! דער רבי, דער רבי!

צוזאַמען מיט אַנ'עולם יודען, וואָס האָבען אין בית-המדרש מנחה-ומעריב געדאַווענט, האָט זיך דער רבי בעוויזען, די אויגען צו דער ערד אַראָבגעלאָזען, דער שטערען פערקנייטשט, די ברייטע באָרד האָט זיך אַהין און אַהער בעוועגט, און אַיילענדיג איז ער אין דער רביצינ'ס וואָהנונג אַריין.

די משמשים האָבען דעם אָנגעלאָפענעם עולם פון אינוועניג אַרויסגעטריבען, די טהירען פון דרויסען פערשלאָסען. דער רבי איז אויף דער שוועל פון דער רביצינ'ס צימער שטעהן געבליבען און שטיל זיך אַרומגעקוקט: אויפ'ן טיש האָט אַ לאָמפּ מיט אַ טונקעל פייער געברענט, די דערמינטערטע רביצין איז מיט אָפענע אויגען אויף דער סאָפע געלעגען, נעבען איהר איז די חאַשטינער רביצין און אַ קרובה געזעסען און האָבען איהר מיט טיכלעך איבער'ן קאָפּ געפאָכעט.

דער רבי האט זיך בײַם טיש אויפגעשטעלט און, ווי גײשט צו קיינעם געווענדעט, האט ער סתם אין דער שטוב אפרעגע געטהון:

— וואס איז געשעהען? — —

איז עטליכע מינוטען קיין ענטפער ניט געוועזען, און דער רבי איז פון טיש צום פענסטער צוגעגאנגען, לאנגזאם זיך געשאקעלט און אין דרויסען געקוקט.

און גאר פּלוצלינג האט ער זיך מיטין פּנים אוועלע אומגעקעהרט צו דער זייט פון דער סאפע און נאכאמאל אפרעגע געטהון:

— דערצעהל, רביצין, וואס איז געשעהען?

— רבי, מחותן — האט די חאשטינער רביצין שטיל אריסגערעדט — גאט'ס צארן האט זיך אויף אונז אויסגעגאסען... אגהינם-פייער ברענט...

און שרה'לע די רביצין האט זיך לאנגזאם אויף דער סאפע אויפגעזעצט און מיט א קרענקליך-שוואכע שטימע האט זי צום רבי'ן געזאגט:

— פאר אלע יודען ביזטו מתפלל, תפלה טהוסטו פאר יעדען, וואס קומט אין „הויף" אהער — און דיינע אייגענע האסטו פערגעסען. דער שטן טאנצט אין „הויף" ארום — און דו זעהסט ניט... די קליפה, השם ישמרני, האט זיך אהער אריינגעחאפּט און מאכט חרבינות אן, זי רויבט אונזערע קינדער אוועק — און דו שוויינסט... דו זיצט זיך דארט אין חדר און לייענסט „קוויטלעך", פערזארגסט יודען מיט פרנסה און געזונד...

דער רבי איז נעבען פענסטער געשטאנען און אין דער ווייטער וועלט געקוקט. אין דרויסען, פאר'ן פענסטער האט זיך א גרויסער עולם יודען צונויפגעקליבען און דורכגענומען מיט שרעק האבען זיי אין פענסטער צום רבי'ן געקוקט.

און די רביצין האט זיך מיט אלע קרעפטען געשטארקט און איז פון דער סאפע אראב, און האלטענדיג אין איהר ציטערנדע האנד דעם בריעף, איז זי צום רבי'ן צו.

— נא, זעה!... אלע, אלע, האט ווי דאס גהינם-פייער ארומגעחאפּט! אלע קינדער פון „הויף": אונזער טאכטער, אונזער שנור און אונזער טאכטער'ס בעשטערטער!... פרומע קינדער, כשר'ע קינדער,

זין — ווער וועל זיך ריכטען, היינטען וועל דאָס איינפֿאַלען?! — נאָר אומגעריכט, ווי דער בייזער שטן וואָלט זיי אַלעמען אָנגערעדט, ווערען זיי אַלע מיט אַמאָל פֿון די „הויפֿען“ פֿערפֿאַלען, לאָזען זיך אין דער גרויסער זינדיגער שטאָדט אַוועק, אין וועה, צו וואָס מיר האָבען דערלעבט! דאָרט זאָגען זיי אַלע אין טיעפֿען אָבגרונד פֿערזונקען, אין גאַנץ טרוען זיי ווידערשפּעניגען... און דו, דו זיצסט דיר אין חדר און לייענסט „קוויטלעך“, פֿערטראַגסט ייִדען מיט פּרנסה און געזונד — און דיינע אייגענע האָסטו פֿערגעסען, וואָס אַרום דיר טהוט זיך, זעהסטו ניט, און צו וואָס וועט עס ברענגען, צי וואָס וועט עס ברענגען?..

דער רבי איז אַנגעזעגענליך אויף זיין אָרט, ביים פֿענסטער געשטאַנען, זיינע אויגען האָבען אַלץ אינ'ם זעלבען פּונקט, דאָרט ווייט־ווייט אינ'ם טיעפֿען הימעל געקוקט; הינטער זיין פּלייצע איז געשטאַנען די רביצין מיט דעם אויסגעשטרעקטען בריעף אין דער האַנד און איהרע מוסר־ווערטער, וואָס זי האָט מיט אַלע איהרע כּחות גערעדט און זאָגען געווען צום רבי'ן געווענדעט, האָבען אײַנאויפֿהערליך איבער'ן צימער געשטורעמט, הורכ'ן אָפֿענעם פֿענסטער האָבען זיי זיך אין דרויסען אַרויסגעטראָגען, הורך די געדיכטע בוימער־צווייגען האָבען זיי זיך הורכגעשפּאַרט און אַוועג געמאַכט זיך אַהין, אינ'ם קעגענאיבערדיגען שטילען וואַלד, וואו ס'האָט זייער ווידער־קול אָבגעקלינגען און ערגעץ ווייט־ווייט נעלם געוואָרען...

אין פּלוצלונג האָט זיך דער רבי פֿון פֿענסטער אומגעקעהרט און גענומען איבער'ן צימער אַרומלויפֿען, און אַנ'אימה איז דאָס מאָל געווען אויף זיין פּנים צו קוקען: באָדה און ברעמען האָבען זיך איילענדיג אין אַלע זייטען בעוועגט, די אויגען האָבען ווי פֿייער געגליהט, און אַ שטום־ברומענדער ניגון, אָהן ווערטער, האָט אַ שרעק אַרום זיך געוואָרפֿען. שרה'לע די רביצין איז אַדערציטערטע אין אַ זייט אָבגעשפּרונגען און זיך אין ווינקעל געשטעלט, מיט אָפֿענע אויגען צום צדיק געווענדעט. די חאַשטינע רביצין האָט זיך אין אַ צווייטער זייט אָבגערוקט, אַדערשראָקענע..

דער רבי האָט זיך אין מיטען שטוב אַוועקגעשטעלט, די הענה צושפּרייט, זיין פּנים האָט געפֿלאַמט, און אַטענה האָט ער צום הימעל געטהאַט:

— און מיר האָט מען דאָס ניט מגלה געווען!... אויף יורען

ווענען זיך גבורות מתעורר... מען זעהט בעשיינפערליך דינים... דאס פרענירת הייבט זיך אן פון די צדיקים... כי תצא אש ומצאה קוצים... ונאכל גדיש... דאס פייער איז מחריב דעם גדיש... סמאל וויל די לעצטע מצודה חרב מאכען... שונא ישראל זאלען מעהר קיין תקומה ניט האבען... דינים זענען זיך מתגבר און דערמיט וויל זיך, אוי וועה, די קליפה, רחמנא ליצלן, משתמש זיין!... נאר ניין!... מען טאר עס ניט דערלאזען!...

ער האט א רגע מפסיק געווען; א שטומער ניגון האט איבער'ן צימער געברומט און דער פחד איז אלץ גרעסער און שטארקער געווארען. און ווידער האט ער זיך איבער'ן צימער אויף און אפ געדרעהט, ביים פענסטער זיך אוועקגעשטעלט, און זיין קול איז ווייכער און בעטענדער געווארען:

— חלילה, חלילה... אין זרע של צדיקים קאן חלילה, קיין שמין-פסול ניט זיין... חלילה... א חושה בכשרים.. א בלבול, א בלבול... נישט מעהר, נישט מעהר ס'איז אנאנדערע ענין... עבירה לשמה... מען דארף די ניצוצות הקדושים מעלה זיין... איז דער צדיק זיך צווישען די רשעים מתערב... און דאס איז דאך טאקע א גרויסע מדרגה... דערצו איז לאו כל אדם זוכה... ורחמיו על כל מעשיו... מען דארף זיך אויך אויף דעם רשע מרחם זיין... א בלבול, נישט מעהר, ווי א בלבול... נשים דעתן קלות... זיי פערשטעהען ניט... א גרויסע מדרגה... משל לבן מלך, וואס ווערט פלוצלונג פון פאלאץ נעלם. אין דארף איז ער אוועק... ער וויל זיך מתקרב זיין מיט'ן פשטות, מיט'ן בן כפר, וועלכער איז בתכלית הפשטות... טייערע אוצרות ליגען אין פשטות, אין בן כפר בעהאלטען, וואס ביים טאטען, דעם מלך אין פאלאץ וועט ער זיי פאר כל הון ניט געפינען... וואס-זשע טהוט ער? — מוז ער זיך, דער בן מלך, ווי א בן-כפר מתלבש זיין, מיט זיי צוזאמען לעבען, זיין משונה'דיג אזוי ווי זיי, בכדי ער זאל קאנען פון זיי דעם סוד פון זייערע אוצרות דערגעהן...

און פלוצלונג האט זיך דער טאן געביטען און דעם רבינ'ס קול איז העכער און ציטערדיגער געווארען:

— צו גרויס איז אבער די מדרגה, צו שווער די משא!... נישט פאר זייערע כוחות... השם ישמרנו — מ'וויל א צו-שווערע משא אויפהויבען, צוויי כוחות ראנגלען זיך, יעדער ציהט אויף זיין זייט... איז אבער די משא שווער, פערלירט מען, חלילה, דעם משקל

און מען פאלט אליין, רחמנא ליצלן, אונטער דער משא אריינטער...

און העכער און שטרענגער האט זיך דעם רבי'נס קול אויפ־געהויבען:

— און מיר האט מען דעם גארניט מגלה געווען!... וואס האט מען געוואלט פון מיר!... נאך וואס האט מען מיך פאר א מנהיג איבער אנ'עדה יודען געמאכט!... ביי מיר אין „הויף“ איז דער שטן מרקד... די קליפה האלט מלחמה, זי וויל די קדושה מנצח זיין... ווי קום איך א מנהיג צו זיין!... יודען קומען צו מיר, איך זאל פאר זיי מתפלל זיין—ווער בין איך? איך האב שוין אויבען מעהר קיין דעה ניט... מען האט פון מיר אלין צוגענומען—וויל איך מעהר קיין מנהיג ניט זיין!... מעל'ן בקודש שטעהט!...

און דער רבי איז פון צימער ארויס. אויפ'ן „הויף“ איז אנ'עדה יודען מיט ווייבער און קינדער געשטאנען, און דערזעהענדיג דעם רבי'ן, איז אויף זיי א פחד אנגעפאלען, און צווי צוויי צונויפגעפרעסטע שורות האבען זיי זיך צונויפגעדריקט און דעם רבי'ן א וועג געמאכט.

מיט גיכע טריט און א פלאם־פייערדיג פנים איז דער רבי דעם וועג דורכגעלאפען, אהין אינ'ם קליינעם בית־המדרש'ל אין זיין התבודדות־חדר אוועק. ביי דער טהיר האט ער זיך אפגעשטעלט און אומקעהרענדיג זיך, שטרענג צום עולם א זאג געטהון:

— וואס זענט איהר געקומען? צו וועמען זענט איהר געקומען?... געהט אייך, יודען, געזונדערהייד. געהט!... זוכט אייך, יודען, אנ'אנדער רבי'ן!...

און דער רבי איז תיכף צו זיך אין חדר אריין און די טהיר פערשלאסען.

דער עולם איז ווי פערגליווערט אויף זיין ארט געשטאנען און פון פחד האט קיינער ממש מיט קיין אבר ניט א ריהר געטהון.

— וואס איז געשעהען? וואס איז פארגעקומען?

און איינער קוקט דעם צווייטען אן, יעדער קוועטשט מיט די פלייצעס, קיינער ווייסט קיין ענטפער ניט, קיינער ווייסט די סבה ניט. מיט אראבגעלאזענע קעפ צוגעהט זיך שטיל דער עולם, יעדער אין זיין וועג, יעדער, פון וואנען ער איז געקומען. און חסידים, אנ־געפארענע סוחרים, וואס זענען נאר אויף עטליכע שעה געקומען

אַנ'עצה פֿרעגען און וואַרטען שוין עטליכע שעה אין „הויף", אויף צו „געזעגענען" זיך און איילען מיט'ן נאָהענטען צוג אַהיים אויף שבת צו פֿאָהרען, געהען איצט פֿערצווייפֿעלט איבער'ן „הויף" אַרום, בייסען די שפּיץ בערד, און ווייסען קיין אייסחעצ נישט:

— וואָס איז געשעהען, וואָס וועט זיין?...

און משה-מרדכי דער אַלטער משמש דרעהט זיך מיט דער לאַנגער לולקע איבער'ן „הויף" אַרום און ברומט:

— נישטאָ... נישטאָ אויף וואָס צו וואַרטען... היינט ווערט מען נישט „געזעגענען"...

און יודען-סוחרים, וואָס איילען זיך אויף שבת אַהיים, שטעלען אויף איהם פֿערצווייפֿעלטע אויגען אויס, בעטען זיך:

— כטייטש? היתכן?... ערב שבת...

נאָר משה-מרדכי פּיפּקעט זיך געלאַסען די לולקע:

— נישטאָ... נישטאָ אויף וואָס צו וואַרטען... היינט ווערט מען נישט „געזעגענען"...

און אינ'ם קליינעם בית-המדרש'ל זענען ווייבער אין איין קופּע צונויפֿגעטוליעט, די אויגען צו דער טהיר פֿון רבינ'ס חדר געווענדעט: ווען ווערט מען שוין אָנהויבען „קוויטלעך" צו שרייבען? ווען ווערט מען אינוועניג צום צדיק אַריינלאָזען? שוין דאָנערשטאָג ביי נאַכט, מאָרגען איז ערב שבת, ווי אַזוי ווערט מען קאָנען בעצייטענס אַהיים קומען?...

און אין בית-המדרש'ל בעווייזט זיך ר' יודעל דער „קוויטעל-שרייבער", לאָזענדיג פֿון זיין ציגאַר די קיילעכיגע רעדלעך דויך, און שטרענג טהוט ער אויף די ווייבער אַקוק און ברומט:

— וואָס האָט איהר זיך אָנגעקלעפּט? מען זאָגט אייך: נישט!... גאָרנישט, גאָרנישט... היינט ווערט מען קיין קוויטלעך נישט שרייבען!...

און די ווייבער, וואָס איילען זיך אויף שבת אַהיים צופֿאָהרען, שטעלען פֿערצווייפֿעלט די אויגען אויס:

— זאָלט איהר געזונד זיין, ר' יודעלע... סטייטש? ווי אַזוי? מאָרגען איז דאָך ערב שבת...

— גאָרנישט, גאָרנישט... ניין, זאָגט מען אייך! היינט ווערט מען קיין קוויטלעך ניט שרייבען!...

---

# XX

## דער רבי איז ברוגז.

און געווען איז צוזאמענגעקומען א פריטאג — דערצעהלען די משמשים — מעהר זאל זיך שוין, רבונו של עולם, אזעלכער נישט אומקעהרען.

די נעכטיגע חסידים־סוחרים, וועלכע זענען געקומען צום רבי׳ן נ׳עצה אין ענינו מסחר פרעגען, דערהערענדיג, דאס דער רבי וויל נישט געזעגענען קיינעם, האבען זיי זיך אויפגעהויבען מיט די אנגעשריבענע קוויטלעך אין קעשענע, וואס זיי האבען שוין געהאלטען גרייט בשעת׳ן געזעגענען, דעם רבי׳ן צו דערלאנגען, און מיט טרויעריג־אראבגעלאזענע קעפ, צוריק אהיים אומגעקעהרט זיך „אהן א תשובה“...

ווייבער און יודענעס אין פאטשיילעס, וואס זענען געקומען אהער צום רבי׳ן, זיך די הערצער אויסגיסען, דערהערענדיג, דאס דער רבי האט בעפוילען, קיינעם נישט אריינצולאזען און קיין קוויטלעך נישט שרייבען, האבען זיי נאך געפרובט ווארטען א שעה און צוויי, און זעהענדיג, אז עס העלפט נישט, האבען זיי זיך מיט די ברעג־פארטיכער די אויגען אויסגעווישט און „אהן תשובה“ אהיים געפאהרען... דען געגליכען זענען זיי געווען צו יענעם קנעכט, וואס דער העררר האט איהם דעם דערלאנגטען כוס אויפ׳ן פנים אויסגעגאסען...

און געקומען זענען אויך חסידים, ווי תמיד אויף שבת צו פאהרען. געקומען — נישט געוואוכט פון קיין שום זאך, נישט געדיכט זיך חלילה אויף קיין אויסערליכעס. געהען חסידים לוסטיג אראב פון דער באהן, פאהרען זיך פרעהליך אויף די ברישטשקעס אין שטאדט אריין און זינגען דערווייל א חסידיש זמר׳ל — ווער וועמען זאל די מינדעסטע זאך איינפאלען, ווער זאל זיך אויף עפעס רעכנען?...

שטעלען זיך די ברישטשקעס אין רבינ׳ס גאס אב, פאר די טהירען פון די אכסניות, וואו עס שטעהען די בעלי־אכסניות און די בארמעלקעס גרייט און גיבען זיי „שלום־עליכם“ אב, און חסידים בעמערקען נישט, ווי די פנימ׳ער פון די בעלי־אכסניות זענען פערזארגט, דאס זייערע אויסגעשטרעקטע הענד זענען קאלט, איין־קאלט,

און קוים-קוים, וואָס דער „שלום-עליכם" בעגעגנט זיך אויף זייערע ליפּען, מעהר ניט ווי אויף יוצא צו זיין...

חסידים בעמערקען ניט, חסידים זעהען ניט. פון וואַנען זאָל זיי דען עפּעס איינפאַלען?

נאָר דערנאָך, ווען חסידים האָבען זייערע פּעקלעך אין די אכסניות איבערגעלאָזען, אַרומגענומען אויף זיך די גאַרטלען, אָנגעטהון די יאַרמעלקעס און מיט געוואַשענע הענד אַהין אין „הויף" אַוועק „שלום" נעהמען — ערשט דאַמאָלס האָבען זיי אָנגעהויבען צו פיהלען, האָבען זיי אָנגעהויבען צו בעמערקען, אַז עפּעס איז נישתנה געוואָרען, עפּעס וואָס איז פאָרגעקומען...

וואָרום געזעהען האָבען זיי בחוש, אַז אַנ'אימה שוועבט אין „הויף" אַרום, אַז אַלעס איז אין אבילות איינגעהילט...

די „הויף"-מענשען, די מקורבים, האָבען מיט אַראָבגעלאָזענע קעפּ זיך איבער'ן הויף אַרומגעדרעהט, ציגאַרען און לולקעס גערויכערט, געראָכערט אָהן אויפהער, עפּעס מיט אַמין עקשנות... און די ווייַלען רויך האָבען זיך אַזוי געדיכט, אַזוי צאָרנדיג אינ'ם אַויר געשלענגעלט, און ווי אַגעדיכטע חמאַרע זיך איבער'ן „הויף" צולעגט. און אַרומגעגאַנגען זענען אויך די משמשים איבער'ן „הויף", מיט די לולקעס אין מויל און לאַנגזאַמע טריט געצעהלט, די שטערענס פערקנייטשט און בייזע בליקען אַרום זיך געוואָרפען...

עצבות! בעשייַנפערליך האָט מען איצט דאָס עצבות אין „הויף" געזעהען, אַזאַ עצבות, וואָס האָט אַ ממש, וואָס יעדער, וועמען גאָט האָט נאָר אַ חוש-העין געשענקט, זעהט דאָס און קאָן דאָס מיטש מיט די הענד אָנטאַפּען, בבחינת וימש חשך...

קומען די חסידים אין „הויף" אַריין און ריכטען זיך אויף אַ פרעהליכען קבלת-פנים, דערזעהען זיי אָבער באַלד די פערטרויערטע פּנימ'ער, און זיי חדוש'ן זיך דערויף...

געהען זיי נעהענטער צו די מקורבים, צו די משמשים צו — יענע קוקען זיך כמעט נישט אַרום אויף זיי, פון יוצא וועגען ברומט ווער פון זיי אַ „שלום-עליכם" און קוים-קוים וואָס ער שטרעקט אַ צוויי פינגער אויס...

דערפיהלען חסידים, אַז דאָ איז עפּעס נישט גלאַטיג, ווערט זיי דער ענין קשה: וואָס בעדייַט דאָס? מה היום מיומים?...

מאַלט זיך אַ חבר'ד קוראַוש און מיט אַ פנים צהלות טהוט ער אַ משמש אַ קלאַפּ אין פּלייצע:

— וואָס מאַכט מען עפּעס, משה-מרדכי'לע?

אַלס תשובה בעקומט ער אָבער פּינס משמש אַ בייזען בליק און אַ שטאַרקען ברום:

— נו... עה... נו...

איז די זאַך נאָך מעהר קשה, ווערט שוין אַ צווייטער חבר'ערנסטער און טהוט אַ פרעג, אָנווייזענדיג מיט'ן פינגער צים קליינעם בית-המדרש'ל:

— קאָן מען שוין אפשר אַריינגעהן „שלום" נעהמען?

קעהרט דער משמש דעם קאָפּ אַוועק, לאָזט שטאַרקע ווילען רויך אַרויס, געהט זיך אַוועק און לאָזט זיי אַלע אָהן ענטפער איבער...

קוקען זיך די חסידים איבער: וואָס הייסט דאָס? וואָס טהוט זיך דאָ עפּעס?... ווערט מען נאָך ערנסטער און מען געהט צו צו אַ צווייטען, און צו אַ דריטען צו:

— קאָן מען שוין אפשר אַריינגעהן „שלום" נעהמען?

ביז מען בעקומט אַ תשובה, אַ ברומענדיגע, אַ ברוגזע תשובה:

— דער רבי וויל קיין „שלום" ניט געבען... דער רבי לאָזט צו זיך אין חדר ניט אַריין...

בלייבען חסידים שטעהן, ווי מיט אונטערגעבראָכענע פליגעל, מיט שרעק קוקט מען זיך איבער, די הענד פערשברייטען זיך פערצווייפעלט אויס:

— וואָס הייסט? וואָס בעדייט דאָס?

נישטאָ קיין תשובה.

— וואָס איז געשעהען? וואָס איז פאָרגעקומען

נאָר קיינער פערשטעהט ניט. קיינער ווייסט ניט.

און חסידים לאָזען די קעפּ אַראָב, פערשטעקען די הענד אין די אַרבעל און מישען זיך צוזאַמען מיט עצבות, ווערען אויך אַ חלק פון איהם....

וואָרום מען זעהט בחוש, מען פיהלט, אַז געשעהען איז עפּעס, אַז אַ נ'אימה שוועבט איבער'ן „הויף".

——————

געהען זיך אַזוי חסידים און משמשים איבערן „הויף״ אַרום, די
הענד אין די אַרבל פֿאַרשטעקט, די שטערנס פֿאַרקנייטשט, די
מרה׳ת צוטראָגן, יעדער אין זיך פֿאַרטיפֿט. און דאָס עצבות איז
אַזוי גרויס, בפֿרט אַזוי שווער אויף יעדנס האַרץ. אַן עצבות,
וואָס איז גאָרניט צוגעפּאַסט, וואָס האַרמאָנירט ניט מיטן ערב שבת
מלכתא...

געהען זיך אַזוי חסידים איבערן „הויף״, און זייערע אויגן
קוקן מיט שרעק אויף אַלע זייטן, ווי זיי וואָלטן זוכן די שפּאַ־
הירך וועלכע ס׳האָט זיך דאָס אינבאַרעכטיגטע עצבות גענומען...
און פּלוצלינג בלייבן זיי אַלע אויף זייערע ערטער שטיין, קערן
זייערע אויגן צום טויער פֿון „הויף״ אַוועק און קוקן מיט אומגע־
הויליגע ערוואַרטונג.

ביים טויער האָט זיך אַ ברישקע אָפּגעשטעלט, און תיכף
האָט זיך איבערן „הויף״ אַ ידיעה צוטראָגן:

— ר׳ פּנחס׳ל איז געקומען, ר׳ פּנחס׳ל גלאָזמאַן, דעם רבינ׳ס
מחותן.

און אַלע לאָזן זיך מיט אַמאָל צום טויער צו, און אַקוק־
טהגעדיג אויף דעם וואַרשאַווער גביר, דעם רבינ׳ס מחותן, ר׳ פּנחס׳ל
גלאָזמאַן, דערשרעקט מען זיך; עפּעס איז ער דאָך אינגאַנצן נשתנה
געוואָרן. כ׳איז דאָך גאָר ניט דער ר׳ פּנחס׳ל פֿון שטענדיג! בלייך
איז זיין פּנים; איינגעלאָשען און פֿול יאוש זענען די אויגן:
די בגדים — דאַכט זיך, אַז זי איז גראָבער געוואָרן...; וואָס איז עס
פּלוצים געוואָרן מיט איהם?

געהט ער, ר׳ פּנחס׳ל, פֿון דער ברישקע אַראָב און לאָזט
זיך בהכנעה׳דיג אין „הויף״ אַריינגעהן. דערזעהט ער פֿאַר זיך דעם
עולם חסידים, מקורבים און משמשים, וואָס האָבן זיך אַלע ניבען
טויער צונויפֿגעשטעלט, בלייבט ער שטעהן אַ רגע און לאָזט די אויגן
אַראָב, עפּעס ווי ער וואָלט וואַרטן אויף וואָס... בלייבן אויך די
חסידים שטעהן און לאָזן די אויגן אַראָב, עפּעס ווי זיי וואָלטן
וואַרטן אויף וואָס...

שפּרינגט איין תמיד מיט דער האַנד אַרויס:

— שלום־עליכם, ר׳ פּנחס׳ל...

ציהט זיך שוין איין האַנד נאָך די צווייטע, און אַלע מיט
אַמאָל:

— שלום־עליכם, ר׳ פנחס׳ל..

מאַכט זיך שוין איינער קיראַזש און עפֿענט דאָס מויל, עפּעס אַ וואָרט צו זאָגען, אַ פֿראַגע צו שטעלען. נאָר דאָס וואָרט, די פֿראַגע ווערט אויף די ליפּען פֿערגליווערט. עפּעס פֿיהלט מען, אַז די שעה איז אַ שווערע און ניש מסוגל איז איצט קיין דבורים צו רעדען...

און דער עולם צושפּרייט זיך איבערן „הויף", יעדער אין זיך פֿערטיעפֿט, די לולקעס לאָזען שטאַרקערע ווייַלען רויך, און דאָס עצבות צולעגט זיך ווי אַ שווערע חמאַרע, פּרעסט אַזוי שטאַרק אויף יעדענס האַרץ!... געגליכען זענען זיי איצט צו אַ כטאַדע שאָף, אויף וועלכע דער פּאַסטוך האָט געצאָרענט און פֿון זיי זיין אויג אָבגעטהון: „איך וויל אייך שוין מעהר דעם וועג ניט וויַזען!"... און זיי בלאָנדושען אים, ווי פֿערצווייפֿעלטע: נישטאָ קיין הענ־ווייזער — און זיי וויסען ניט, וואו איין און וואו אויס...

אַריינקומענדיג אין „הויף", איז ר׳ פּנחס׳ל תחילת צום קליינעם בית־המדרש׳ל, צום רבינ׳ס חדר צוגעגאַנגען, און פּלוצלונג איז ער שטעהן געבליבען, ווי ער וואָלט זיך מיישב זיין: יאָ אַריינגעהן, אָדער נישט? און תיכף האָט ער דעם קאָפּ אומגעקעהרט, די טריט צוריק געצויגען, ווי ער וואָלט מורא האָבען אַריינצוגעהן... אַזוי איז ער עטליכע מינוטען פֿערצווייפֿעלט געשטאַנען, מיט דער דעה זיך גע־ראַנגעלט און, ווי ער וואָלט ניט קאָנען פּועל׳ן ביי זיך, האָט ער זיך אומגעקעהרט צוריק און זיך געלאָזט הין און צוריק איבערן הויף געהן.

ניין, ער קאָן צום רבין ניט אַריינגעהן...

און די חסידים, די אָנגעשראָקענע חסידים, וואָס ווייסען נאָך אייגענטליך אַליין נישט, פֿאַרוואָס זיי זענען אַזוי אָנגעשראָקען, וואָס איז דאָס עפּעס, השם ישמרנו, פֿאַר אַן איבערקעהרעניש דאָ אין „הויף" פֿאָרגעקומען, דערזעהענדיג ווי ר׳ פּנחס׳ל איז צום רבינ׳ס חדר צו, און פּלוצלונג גאָר אָבגעטראָטען צוריק, איז ביי זיי דער וואונדער און שרעק נאָך גרעסער געוואָרען.

— וואָס איז, השם ישמרנו, אַזעלכעס געשעהן? וואָס איז פֿאָרגעקומען?

איין חסיד קוקט דעם צווייטען אָן, איינער ווייל אין צווייטענס אויגען דעם סוד לייענען. יעדע רגע ווייל זיך אַן אַנדערער פֿון די

חסידים אַ כח אָנטהון און אָט־אָט פֿערווילט זיך איהם צושפּרייטען די הענד און הויך זיך אויסטענהן מיט׳ן עולם:

— וואָס איז דאָס מיט אייך, וואָס?... וואָס איז דאָס פֿאַר אַ גאַנג???!... עצבות גאָר!... דערויף זענען מיר צום רבי׳ן אַהער געקומען?... ערב שבת, מ׳דאַרף זיך לכבוד שבת מכין זיין, און פּלוצלונג דרעהט מען זיך אַרום פֿערמוח׳ט, מיט אַראָבגעלאָזענע נעזער... עצבות גאָר!... דערויף זענען מיר צום רבי׳ן אַהער געקומען?... וואָס איז דאָס מיט אייך, וואָס?... ערב שבת!...

און אין „הויף", און אין די וואָהנונגען פֿון „הויף" צוטראָגט זיך אַלץ ווייטער די ידיעה:

— ר׳ פּנחס׳ל, דעם רבינ׳ס מחותן, איז געקומען.

און עס עפֿענען זיך די פֿענסטער פֿון דער רביצינ׳ס וואָהנונג, די רביצין שטעקט דעם קאָפּ אַרויס, און משה־מרדכי, דער אַלטער משמש, געהט צו ר׳ פּנחס׳לען צו און טהוט איהם ביים אַרבעל אַריהר:

— ר׳ פּנחס׳ל, די רביצין רופֿט אייך.

די רביצין שרה׳לע איז געזעסען ביים פֿענסטער און נעבען איהר איז אַנאָפֿען מוסר־ספר געלעגען. יעדעס מאָל האָט די רביצין אויף זיך די ברילען אויפגעגלייכט און די אויגען אינ׳ם מוסר־ספר אַריינגעטהון, געפּרובט זיך פֿערטיעפֿען אין די ווערטער, און די כונית פֿונ׳ם הייליגען ספר — שווער איז עס איהר אָבער אָנגעקומען. הויך האָט זי געפּרובט די ווערטער פֿון מויל אַרויסזאָגען. געוועהען האָט מען, אַז דאָס וויל זי דערמיט די מחשבות־זרות פֿערטרייבען, די טרויעריגע רעיונות אַוועקיאָגען און אין גאַנצען וואָרט רוהיגע מינוטען געפֿינען — איז עס איהר אָבער אונמעגליך; סקומען די מחשבות־זרות און זענען מבלבל דעם מח; אומעטיגע, טרויעריגע רעיונות רויבען אַוועק און צושטערען דאָס הייליגע וואָרט. די רביצינ׳ס קול ווערט שוואַכער און ווי איינגעשלאָפֿען, און די הייליגע ווערטער פֿונ׳ם אָפֿענעם ספר פֿערשווינדען פֿון איהרע אויגען; ניט־ווילענדיג פֿאַלט צוריק די רביצינ׳ס קאָפּ אויפ׳ן אָנלעהן פֿון דער פֿאָטעל און זי פֿערטראַכט זיך...

אַליין איז זי איצט דאָ, די רביצין שרה׳לע געבליבען; די חאַשטינער רביצין איז היינט פֿאַר־טאָג מיט געשוואָלענע אויגען פֿון וויינען, אַוועקגעפֿאָהרען אַהיים, און אַליין איז איצט די רביצין

שרה'לע. נישטאָ וועד ב'זאָל איהר אַ טרייסט-וואָרט זאָגען: און דאָס אומגליק הערט אַליך גרעסער, אַלין בילטער און דיטאליכער פאַר די אויגען... גאָט דערבאַרמדיגער, וואָס וועט ווייטער זיין!...

און עס ווייזט זיך ר' פנחס'ל אין דער טהיר.

— גוט נאָוועגד, מחותן — ווענדעט זיך די רביצין צו איהם, בעהערשענדיג איהר אומעט און טרויער.

ר' פנחס'ל בלייבט אויף דער שוועל פון דער טהיר שטעהן, דעם קאָפּ אַראָבגעלאָזען, ווי אַ בעשולדיגטער. עפּעס דאַכט זיך איהם, אַז דאָס וואָרט „מחותן" קלינגט איצט אַזוי איראָניש און צוזאַמען דערמיט, אַזוי גרויזאַם און שטעכעדיג...

ער בעהערשט זיך אַ ווייל און הויבט אויף דעם קאָפּ:

— גוט נאָוועגד, רביצין...

— גוט נאָוועגד, גוט נאָוועגד, וואָס שטעהט איהר, מחותן בעני בפתח? נעהמט זיך, זייט מוחל, אַ שטוהל...

און ר' פנחס'ל האָט ווי אַ פערשעמטער זיך צום טיש צוגע-שלעפּט און אויף אַ ברעג פון אַ שטוהל זיך אַוועקגעזעצט. די רביצין האָט דעם קאָפּ אויפגעהויבען און געזאָגט:

— דערצעהלט, מחותן, דערצעהלט אַליך... לאָמיר דאָס גאַנצע אומגליק וויסען!...

ר' פנחס'ל האָט זיך אַ ווייל פערטראַכט, די אויגען האָבען שטאַרערנעך אויפ'ן סיפּיט געקוקט. דערנאָך האָט ער די פּאַטשייל פון בוזים אַרויסגענומען און דעם נאַסען שטערען אָבגעווישט, און מיט אַ שוואַכע טרויעריגע שטימע, ווי איינער, וואָס איז פון אַ זייט לאַנד געקומען און אַ שלעכטע בשורה מיטגעבראַכט, האָט ער אָנ-געהויבען:

— נו, קיין קשיות טאָר מען חלילה ניט פרעגען, מכתמא איז אויבען אַזוי נגזר געוואָרען, אַזוי האָט דער בורא-עולם געוואָלט און דער בשר-ודם מוז דאָס מקבל באהבה זיין... אין אדם נוקף אצבעו למטה... אַליך, רביצין, געשעהט מיט'ן רצון פון דער השגחה...

— דערצעהלט, מחותן, דערצעהלט אַליך.

— נו, יאָ, ווען, רביצין, האָט דען געקאָנט איינפאַלען דער מינדעסטער חשד... דערהאַלטען מיר איינמאָל אַ בריעף פון „הויף", פון אונזער טאָכטער דבורה'לע, דאָס זי קומט צו אונז קיין ווארשאָ צו-גאַסט; טראַכטען מיר: — אַ יונג קינד, ניט צוגעוואָהנט נאָך צום

„הויף", צו דער פּראָווינץ, צום קליינעם שטעטעל — בעקוקט זי נאָך די עלטערען, נאָך דער גרויסער שטאָדט... העמען, חלילה, זאָל איינפאַלען, אַז דאָ איז עפּעס אַ שלעכטער געדאַנק בעהאַלטען?... ביי מיר אין הויז האָט מען חלילה די מינדעסטע זאַך פון איהר ניט געזעהען... ווי אַן אויג אין קאָפּ האָבען מיר זי געהיט, השגחה געגעבען, זי זאָל קיין צופיעל חברטעס ניט האָבען, ניט אָפּלערנען זיך פון די וואַרשאָווער מיידלעך קיין שלעכטע מדות.

— גאָט זאָל אָפּהיטען, גאָט זאָל אָפּהיטען — האָט די רביצין מיט'ן קאָפּ געשאָקעלט — אַלע אומגליקען קומען פון שלעכטע חברי' טעס אַרויס...

— געהאַט האָט זי אַפילו איין חברטע, אונזער שכנ'ס אַ טאָכטער, ברוינשווייג, הייסט ער, דער שכן, אַפילו ניט אַזאַ גרויסער חסיד, אַ גאַנץ יודישער מענש אָבער; יאָ, דער ברודער זיינער, דעם שכנ'ס, „פּאָהרט" דאָך טאַקי דאָ אַהער, הוקא אַזאַ'לער ייה, ר' שמחה-הערש, חאַשטשינער שוחט.

— ר' שמחה-הערש'ס אַ ברודער? נו, און ער „פּאָהרט" ניט אין ערגעץ?

— קיין קביעות האָט ער ניט. פּאַלט איהם איין — פּאָהרט ער, וואוהין ס'מאַכט זיך... פּאַרהאַן, רביצין, אַזעלכע חסידים אין וואַרשאַ: היינט צו דעם רבי'ן, מאָרגען — צו אַן אַנדערען....

— אָבער דערצעהלט, מחותן.

— פּלעגט זי, אונזער טאָכטער, יאָהרען-לאַנג אַהין צום שכן אַרויפקומען, זיך מיט זייער טאָכטער חבר'ן, ניט געזעהען חלילה פון יענע קיין שום דבר-רע, געדאַכט האָט זיך: אַ גאַנץ בעל-הבתיש קינד, מילא... יאָ, בעקומען מיר אַזוי דעם בריעף פון אונזער טאָכטער און מיר ווערען מלא-שמחה. געלויבט דער אויבערשטער, האָבען מיר געטראַכט, וואָס מיר האָבען פון איהר אַזוי פיעל נחת דערלעבט. ממש מיר האָבען די מינוטען פון איהר קומען געצעהלט. אַזאַ צייט ניט געזעהען, וואָס מיר האָבען נאָך איהר אויסגעבענקט: זי, מיין ווייב, איז גאָר געוועזען אויסער זיך פאַר שמחה, נאָכ'ן בריעף האָט זי שוין ניט געקאָנט עסען, ניט שלאָפען, געזעסען און געוואַרט און געצעהלט די מינוטען, גאַנצע דריי שעה פריהער צו דער באַהן געלאָפען אָפּוואַרטען, אַ מאַמעס האַרץ!...

— דערצעהלט, מחותן, דערצעהלט אַלץ.

— שטעהען מיר ביי דער באַהן, דער צוג קומט־אָן, און אונזער שמחה איז אין לשער: מיר טהוען אַ קוק, אונזער טאָכטער פאָהרט ניט אַליין, מיט איהר איז רבקה'לע דעם רבי'נס, איינער טאָכטער מיטגעקומען. קאָנט איהר זיך דען, רביצין, אונזער פרייד גאָר פאָרשטעלען?... אַ יום־טוב איז ביי אונז דער דאָזיגער טאָג געווען, אַלע קינדער זענען זיך ביי מיר אין שטוב לכבוד דעם רבי'נס שנור, לכבוד דעם רבי'נס טאָכטער, צונויפגעקומען... משפחה און קרובים, וועמען איך האָב בעגעגענט, האָב איך איהם צו נאַכט געבעטען.

ר' פנחס'ל האָט זיך אָבגעשטעלט און זיך טרויעריג פערטראַכט.

— דערצעהלט, מחותן.

— און וועמען, חלילה, האָט אַזעלכעס געקאָנט איינפאַלען... ביי מיר אין הויז האָט מען זי תמיד ווי אַן אויג אין קאָפּ געהיט... וועמען וואָלט איינפאַלען? באַלד איינ'ם זעלבען טאָג, וואָס זי איז געקומען צופאָהרען, ווי נאָר די נאַכט האָט זיך געשטעלט, האָבען מיר גלייך, השם ישמרנו, אין איהר אַ שנוי דערזעהען...

און ר' פנחס'לס שטימע איז אַליין שוואַכער און טרויעריגער געוואָרען. ער האָט אָבגעווישט די טראָפּענס שווייס, וואָס ס'האָבען זיך אויף זיין שטערען געשטעלט און גובר־זייענדיג זיין טיעפען צער, האָט ער מיט אַן אונטערגעדריקטע שטימע ווייטער אָנגעהויבען:

— געה זיי אַ בריה אַנטקעגען קינדער... געוואַקסען כסדר ביי מיר אין הויז אונטער השגחה, אונטער אַ שטרענג אויג... אָבגעהיט איהר, אַכטונג געגעבען, איהרע טריט געצעהלט... ניט ווייל מען האָט עפּעס אין איהר דערזעהען, ניט חלילה, ווייל זי איז בחזקת חשד געווען — חלילה! אויף ר' פנחס גלאָמאַנ'ס טאָכטער האָט מען קיין השגחה ניט בעדאַרפט, ר' פנחס גלאָמאַנס טאָכטער וועט ניט געהן פון דאַנען ביז אַהער, זי זאָל ניט פריהער ביי טאַטע־מאַמע אָנפרעגען, און אַז טאַטע־מאַמע האָבען זיך אַרויסגעחאַפּט „ניין" — וועט ר' פנחס'לס טאָכטער שוין מורא האָבען צו פרעגען: „פאַרוואָס?"... ניין, רביצין, אויף ר' פנחס'לס טאָכטער האָט מען נישט געדאַרפט, חלילה, קיין השגחה געבען, נאָר וואָס דען? אָבקעהרען דאָס אויג טאָר מען אויך ניט, אַ קינד מוז מען אין דער צוי'ם האַלטען, אַכטונג געבען, היטען איהר, מיט גוטע רייד שטראָפען...

— מיט גוטע ריוד, נאָר מיט גוטע ריוד...— האָט די רביצין מיט'ן קאָפּ געשאָקעלט.

— און איך קאָן דאָך דאָס ניט פערשטעהן, איך פרעג דאָך, איך טענה דאָך: פון וואַנען קומט דאָס פּלוצלונג? ווי קומט דאָס צו מיין פרומע, כשר'ע טאָכטער?... ביי מיר אין הויז שטענדיג אונטער השגחה געווען, גלייך פון מיין הויז אַדער אין „הויף" אַוועק. וואָכען-לאַנג דאָ אין „הויף" געזעסען, בלויז גוטע מדות זיך צוגע-זעהען, בלויז אין קדושה, אין יראה. געחבר'ט זיך מיט בנן של קדושים; ווי אַזוי האָט דען געקאָנט גאָר צו איהר, דאָ אין „הויף", אַ מחשבה-זרה, אַ שלעכטער געדאַנק אַריינקומען? רבונו של עולם, דאָ אין „הויף"! דאָ אין „הויף"!...

— יאָ, מחותן, דאָ אין „הויף"! דאָ, אין דעם דאָזיגען צימער, זאָט דאָ נעבען פענסטער, פלעגט זי שטענדיג זיצען, ניט רעדען כמעט מיט קיינעם, דעם קאָפּ שטענדיג געהאַלטען אַרויסגעבויגען פון פענ-סטער און אין הימעל אַריין געקוקט. ווייבער, וואָס פלעגען אַהער אין „הויף" צום רבי'ן קומען, פלעגען אויף איהר מיט פּחד קוקען, און פלעגען זאָגען, אַז דאָס טהוט זי תפלה פאַר די, וואָס דאַרפען געהאָלפען ווערען... זעהט איהר דאָך, מחותן, מען קאָן געגען קינ-דער ניט בעוואָרענט זיין...

ר' פנחס'ל האָט אָבגעזיפצט און ווייטער אָנגעהויבען:

— יאָ, רביצין, באַלה אין'ם ערשטען טאָג, וואָס זי איז געקומען צופיהרען, ווי נאָר די נאַכט האָט זיך געשטעלט, האָב איך אין איהר גלייך אַ שנוי דערזעהען... מיט אונזער שמחה האָט זי זיך ניט משמח געווען, עפּעס איז זי אַזוי קאַלט צו אונז אַלע געווען, אַפילו דאָס קושען, וואָס זי האָט זיך מיט דער מאַמע געקושט, איז עפּעס... כ'ווייס ניט, רביצין, ווי מען רופט דאָס... עפּעס האָט זי אויף אונז געקוקט, השם ישמרנו, מיט אַזאַ מין קלות-ראש, מיט אַזאַ מין שנאה, השם ישמרנו...

— שנאה גאָר?

— יאָ, רביצין, מיט אַ מין שנאה, גלייך ווי מיר וואָלטען איהר שלעכטס געטהון, ווי מיר וואָלטען איהר גליק צושטער'ט... געלאָזט האָט זי אונז אַלע ביים טיש זיצען, ניט אומגעקוקט זיך אויף מיר, אויף די קינדער, אויף די פערבעטענע געסט, גלייך ווי זי קען ניט קיינעם... אויפגעהויבען זיך און אַוועק מיט רבקהלען צו

איהרם א חברימע, צו ברוינשטיינ'ס טאָכטער, ביז שפּעט אין דער נאַכט...

— מיט מיין רבקה'לען ביז שפּעט אין דער נאַכט?

— און אַז זי איז שפּעט ביי־נאַכט אהיים געקומען און זיך האָט איהר געגומען שטראָף־רייד זאָגען, האָט זי שטעכעדיגע ווערטער אָבגעענטפערט, און אַזעלכע ווערטער!... איך מיט מיין ווייב זענען מיר געבליבען זיצען, ווי געלעהמט אויף אונזערע ערטער און זיך איבערגעקוקט: „ווי קומט דאָס צו אונזער טאָכטער?“... רביצין, ווען מען וואָלט דאמאָלס מיין לייב מיט נאָדלען געשטאָכען, וואָלט קיין בלוט ניט געגאַנגען... ווי קומט דאָס צו אונזער טאָכטער?...

— ווי קומט דאָס, מחותן, ווי קומט דאָס צו אונזער שנור?...

— און די נאַכט, רביצין, איז נאָר אַנ'התחלה געוועזען, אַנ'התחלה צום פּורעניות... אַ ברוגז'דיגער טאָג האָט זיך צומאָרגענס ביי מיר אין שטוב געשטעלט. איהר הערט, רביצין? מיין טאָכטער איז ברוגז! מיין טאָכטער, פאַר וועלכע איך האָב זיך אַזוי אײַעקגעלעגט, פאַר וועלכע איך האָב מיין גאַנצען פערמעגען געפּטרט, דאָס איך קאָן זיך נאָך עד היום אויף די פיס ניט שטעלען, זי, מיין טאָכטער, דעם רבינ'ס שנור, איז ברוגז מיט טאַטע־מאַמע, דערפאַר, וואָס זיי האָבען איהר אַ מוסר־וואָרט געזאָגט!...

— גאָט זאָל אויסהיטען, גאָט זאָל אויסהיטען — האָט די רביצין פערהאַונדערט און טרויעריג מיט'ן קאָפּ געשאָקעלט — אַ יודישע טאָכטער ווערט גאָר מיט טאַטע־מאַמע ברוגז...

— ברוגז!... אַ גאַנצען טאָג ניט גערעדט מיט קיינעם, און פאַר־נאַכט איז זי אויפ'ן שפּאַציר אַוועק, צוזאַמען מיט רבקה'לען, ביז שפּעט נאָך האַלבע נאַכט...

— גאָט דערבאַרמדיגער! מיט מיין טאָכטער ביז שפּעט נאָך האַלבער נאַכט?

— און די גאַנצע נאַכט, רביצין, איז ביי מיר אין הויז א חורבן געווען, עפּעס ווי דאָס האַרץ וואָלט אַ שלעכטע בשורה אָנזאָגען, ווי מיר וואָלטען זיך ריכטען דערויף... אַלע אין שטוב זענען מיר ניט געגאַנגען שלאָפען, ביים פענסטער זענען מיר געזעסען און געהאַרט, געוואַרט אויף דעם אומגליק... אין פינסטער איז אונז, רביצין, געזעסען אין די אויגען, ווען מיר האָבען זי פּלוצלונג דערזעהען אַריינקומען אין הויף צוזאַמען מיט דער חברטע, און, רביצין, — מיט

אַ בחור, מיט אונזער שכנ'ס בחור, אַ הפקר־יונג, אַן אַפּיקורס... און געשטאַנען איז מען אויפ'ן הויף און געלאַכט צוזאַמען, חצופה'יש געלאַכט... און דערנאָך האָט מען זיך די הענד געגעבען, מיין טאָכטער און דעם רבינ'ס טאָכטער דערלאַנגען די הענד דעם בחור, דעם אַפּיקורס!...

— השם ישמרנו, השם ישמרנו!

און וואָס דערנאָך איז געווען, ווייסט איהר דאָך מן הסתם. רביצין, מיט איין מאָל איז אין מיין הויז אַ שרעקליכער חורבן געוואָרען: מיין ווייב ליגט קראַנק, מיך זענען מיט איינמאָל די כחות אויס־געגאַנגען; רביצין, איך בין גראָה געוואָרען!... מיין טאָכטער וויל שוין מעהר אין „הויף" ניט צוריק...

— אין „הויף" ניט צוריק? — און די רביצין איז אָהן כחות אַנדערגעפאַלען אויף דער אָנלעהן פון שטהל. ר' פנחס'ל האָט דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזען און פון זיינע אויגען האָבען צוויי גרויסע טרערען אַראָבגערינען.

אַ היבשע צייט האָט די שטילקייט געדויערט. פלוצלינג האָט זיך די טהיר געעפענט און דער משמש האָט זיך באַוויזען:

— — — — — —

— ר' פנחס'ל, זייט מוחל, דער רבי רופט אייך,

די באַהן האָט אַלץ פרישע חסידים געבראַכט, איין ברישקע נאָך דער צווייטער איז צום „הויף" צוגעפאָהרען, און די פריש־אָנגעקומענע חסידים, וואָס האָבען פון קיין זאַך ניט געוואוסט, האָ־בען געלאָזט זיך צום קליינעם בית־המדרש ל „שלום־נעהמען" און זענען הורך די משמשים געוואָרען אָבגעשטעלט:

— נישטאָ וואָס צו מאַכען, דער רבי גיט היינט קיין שלו'ם נישט...

און גרעסער איז אַלץ געוואָרען די פערוואונדערונג און שטאַר־קער די שרעק און עצבות. זעלטען־ווען קאָן זיך ווער ניט איינ־האַלטען, צושפּרייט ער די הענד און ברומט עפּעס שטילערהייד מיט אַ טענה:

— וואָס טהוט זיך דאָ עפּעס?... וואָס שהייגט מען? אויף דעם זענען מיר צום רבי'ן אַהערגעקומען?...

און דאַס שטילע ברומעריי ציטראָגט זיך איבערן „הויף", קלאַפּט אָן אויף די סטרונעס פון די פערביטערטע הערצער און

אַן־אומצופֿרידענהייט ערוועקט זיך צווישען עולם און וואַקסט וואָס
אַ מינוט.

און בײַבלעכווײַז הויבט יעדער אָן צו פֿיהלען, אַז עפּעס איז
דאָ אַלץ שלא כדרך הטבע, אַז עפּעס איז דאָ אומלכעס. וואָס דאַרף
ניט זײַן און קאָן גישט זײַן, אַז מען טאָר ניט שטעהן און ציקיקען
שטום, ווי עפּעס אַ שטילער גישט קלאָרבעוואוסטער חורבן ה…־
פּאַר אין „הויף“... ניין! מען טאָר ניט דערלאָזען דערצו!

און עס וואַקסט די אומצופֿרידענהייט, אָבער ווערט דאָס ברי־
מעדײַ און העכער און שטאַרקער די טענות:

— וואָס קומט דאָ פֿאָר? וואָס איז דאָס פֿאַר אַן ערב שבת
הײַנט?

— אָח, אָח אָח... השם ישמרנו, השם ישמרנו... דער שׂכל
קאָן דאָס גאָרניט משיג זײַן...

— נו־נו! וואו איז דאָס געהערט געוואָרען, וואו איז דאָס
געזעהען געוואָרען?...

— עצבות!... וואָס איז דאָס פֿאַר אַ דרך?... זיצט מען דאָרט
אָב און דער־היים גאַנצע חדשים, פֿערשוואַרצט ווערט מען פֿון דאגת
פּרנסה, טאָג ווי נאַכט אין חומר, און גשמיות פֿערזונקען... די
תורה איז קײַן תורה ניט, די תפילה — קײַן תפילה ניט... ממש מען
שפּירט ניט קײַן שום טעם און קײַן ענין... העלפֿט השם־יתברך
און מען רײַסט זיך אויף צוויי טעג אַרױס פֿון דעם גשמיות,
פֿון דעם חומר; מען וואַרפֿט פֿון זיך דעם שעבוד, דעם עול אַראָב...
מען אַנטלויפֿט אין „הויף“ אַהער צום רבי׳ן, צום תמידות... מען וויל
נהנה זײַן פֿון אמת׳ן חיות... און פֿאַרוואָס דען ניט? משמח זײַן
וויל מען זיך... און פּלוצלונג — עצבות!... דער רבי אין עצבות...
חסידים האַלטען די נעז אַראָבגעלאָזט...

און אַ זקן פֿון די אַלטע קאָצקער נעהמט די ליפּען פֿון מויל
אַרויס און האַלט־אונטער:

— שוטים, חסידים־שוטים!... „דאָרט“ וואָלט מען צו אַזעל־
כעס גישט צוגעלאָזט... און קאָצק בײַ אַזאַ מעשה האָבען זיך חסידים
אַן עצה געגעבען!... און אויסגעפֿיהרט האָט מען, אַדרבא האָט מען
אויסגעפֿיהרט! חע־חע, חסידים זאָלען ניט אויספֿיהרען!...

— עצבות!... ברוגז!... יודען קומען אַן עצה פֿרעגען און —
פֿאָהרען אָהן תשובה אַהיים, מען לאָזט זיי גישט אַרײַן... גישט

קומען מיט ביטערע הערצער – טרייבט מען זיי פון פאריש ארויס... קומען חסידים אויף שבת – גיט מען זיי קיין „שלום" נישט... עצבות!... ברוגז... דער רבי פירט א ברוגז מיט די חסידים!... וואס איז דאס עפעס פאר א שיטה?...

– ניין, מיר טארען נישט שווייגען!...

– קומט, ידען, לאמיר געהן „שלום"-נעהמען!...

– „שלום"-נעהמען!... אפטרעטען וועלען מיר ניט!...

און דער גאנצער „צעבונטעוועטער" עולם האט זיך מיט הארץ און קוראזש געלאזט געהן צום פענסטער פון רבינ'ס חדר.

---

דער רבי אין ווייסען ויידעגעם שלאפראק, האט זיך א שטארק-פער'מוח'טער הין און צוריק איבערן חדר ארומגעדרעהט. נעבען טיש איז געשטאנען ר' פנחס'ל, דעם קאפ ווי א פער'משפט'ער אראב-געהאנגען און זיינע הענדע האבען זיך ציטערענדיג אן א קאנט פון טיש אנגעהאלטען.

און דער רבי האט אליין ווי פאר זיך געטענה'ט:

– ביי מיר אין „הויף", ביי מיר אין „הויף"... און מיך, מיך האט מען פאר א מנהיג איבער יודען געמאכט!... איך זאל זיי דעם דרך צו השם-יתברך ווייזען!... איך זאל זייער מנהיג זיין!... איז דען דאס ניט א לועג לרש?...

און דער רבי האט זיך צו ר' פנחס'לען געווענדעט:

– פאהר אהיים, פנחס, פאהר געזונטערהייט... הקדוש ברוך הוא זאל זיך מרחם זיין!

ר' פנחס'ל האט מיט שרעק א קוק געטהון אויפ'ן רבין און ציטערענדיג האט ער געשטאמעלט:

– כמטייטש?... כ'בין דאך אהער אויף שבת געקומען...

– אהער? צו מיר, הייסט דאס? ביזט געקומען, הייסט דאס, צו מיר אויף שבת... ניין, פנחס, פאהר געזונטערהייט, מעהר וויל איך קיין „טיש" ניט „פיהרען", „אויבען" פון איך שוין מעהר ניט ניחא... פערשטעהסט, פנחס? איך בין ניט ראוי, ס'הייסט, אלועג לרש... פאהר, פנחס, לחיים ולשלום... השם יתברך זאל זיך מרחם זיין.

ר' פנחס'ל איז בלאס געווארען פון שרעק, און די אויגען האבען זיך איהם טרעטען געוויזען...

— וואָס הייבט ? רבי... ערב־שבת... וואָזהין וועל איך פֿאָה־רען?

— ווילסט בלייבען דאָ? מהיכא תיתי, דינג דיר אין שטאָדט אַנ'אַכסניה אויף שבת, פֿערשטעהסט... פּנתּס, דינג דיר אַנ'אַכסניה, איך וועל קיין „טיש" ניט „פֿיהרען"...

פֿון דרויסען האָט זיך פּלוצלינג אַ געוויש פֿון חסידים דער־הערט. דער עולם חסידים האָט זיך גאָהענט צום רבינ'ס פֿענסטער צוגעשטופּט.

אונ עס דערהערט זיך אַ תרועמ'ת קול:

— רבי, מיר ווענען אַהער אויף שבת געקומען... מיר ווילען „שלום"־נעהמען...

דער רבי איז נאָהענט צום פֿענסטער צוגעגאַנגען, די הענד אין גאַרטעל פֿערשטעקט, און מיט אַ געבעט־שטימע היט ער צום עולם געזאָגט:

— פֿאָהרט יודען געזונטערהייט, ניט דאָ איז אייער אָרט... צום רבי'ן ווענט איהר געקומען, אַ רבי'ן דאַרפֿט איהר. פֿאָהרט־ושע, יודען, לחיים ולשלום און זוכט זיך אַ רבי'ן, וואָס זאָל איבער אייך אַ מנהיג זיין... פֿאָהרט אַהיים, יודען, איך בין שוין מעהר קיין רבי ניט... מען לאָזט מיך ניט... „אויבען" איז ניט ניחא... כ'האָב ניט קיין דעה מעהר... מ'האָט מיר אַלע מדריגות צוגענומען...

דער עולם איז געבליבען שטעהן די קעפּ אַראָבגעלאָזען, אונ געשוויגען. פּלוצלינג האָט זיך דער זקן, דער אַלטער קאָצקער חסיד, אַ וועג געמאַכט צווישען עולם און שאַרף זיך אַנטקעגען דעם רבי'ן אַוועקגעשטעלט.

דער עולם האָט דעם אָטעם איינגעהאַלטען און געמאַכט אַ וועג פֿאַר דעם זקן, וואָס האָט געהאַלטען די ליולקע אין האַנד און איז צוגעגאַנגען נאָהענט צום פֿענסטער, אַנטקעגען רבי'ן.

שטיל האָט אין אָנהויב דעם זקנ'ס קול געציטערט, נאָר וואָס ווייטער, אַלץ שאַרפֿער און דרייסטער זענען זיינע ווערטער גע־וואָרען.

דער זקן האָט דעם רבי'ן געמוסר'ט און מעשות פֿון פֿער־שיעדענע צדיקים און גדולים דערצעהלט. אויפֿגעוויזען האָט ער, דאָס דער צדיק, דער מנהיג, איז משועבד אין אינטערגעהערפֿען די

עדה יודען, וואס האבען איהם געקריינט אין פאר א פאסטיך איי־בער דער מטאדע געמאלט...

— ניין, רבי — האט ער געטענה׳ט — אזא הדך איז קיין דרך נישט. דער צדיק מוז אלע דינים גיבר זיין... עצבות איז מעורה, חלילה, חולשות צווישען עולם... מיטאר זיך מיט קיין עדה יודען ניט ווארפען... דער צדיק, וועלכען יודען האבען פאר א מנהיג אויס־געקליבען, מוז ער בעל־כרחו זיין!...

און אלץ שארפער איז דעם זקנ׳ס קול געווארען:

— מיר וועגען ניט קיין הפקר־זאך!... מיר האבען אויך א דעה צו זאגען!... רבי, איהר מוזט אונזער מנהיג זיין!...

און דער עולם איז אין שרעק געשטאנען; די הערצער האבען געקלאפט, די איברים — געציטערט. געקוקט האבען אלע אויף דעם זקן און געשראקען האט די הענה זיינע... אט־אט, האט מען מורא געהאט, וועט ער די מאס איבערחאפען און דעם רבי׳ן צו הקפדה ברענגען... השם יתברך זאל שומר ומציל זיין!

און פלוצלונג האט זיך דער רבי פון פענסטער אבגעקעהרט און איז עטליכע מינוטען איבער דער שטוב ארומגעגאנגען. דער זקן איז שטיל געבליבען און דער גאנצער עולם האט מיט שרעק די אויגען אויפגעהויבען, און צושטאנד פון ערוואַרטונג איז מען גע־שטאנען, געוואַרט האט מען אויף עפעס, אומגעדולדיג געוואַרט...

און גאר אומגעריכט — — —

— שלום־עליכם...

דער רבי איז צום פענסטער צוגעגאנגען און די האנד דורכ׳ן פענסטער צום עולם ארויסגעשטעקט. „שלום" האט ער דעם עולם געגעבען.

— שלום־עליכם...

און מיט איין מאל איז די עצבות פון עולם פערשוואונדען, די פנימ׳ער זענען לעבעדיג, חסידיש, און אויפגערוימט געווארען. אויגען זענען פון שמחה פייכט געווארען. א מבול הענד האבען זיך אלאז געטהון, זיך ווי צוזאמענגעפלאנטען און איינער איבער׳ן צווייטען, איינער איבער׳ן צווייטען האבען זיי זיך געצויגען צו דער אויסגעשטרעקטער האנד פון פענסטער, צום רבי׳ן, וואס איז פער־מוח׳ט געשטאנען, די אויגען ארויבגעלאזען און שטיל בנעימות דעם „שלום־עליכם" איבערגע חזר׳ט.

און ווען דער עולם איז מיטן „שלום" פאַרטיג געוואָרען, האָט זיך דער רבי און ר' פנחס'לען דערמאָהנט:

— שלום-עליכם, פנחס... הקדוש ברוך הוא זאָל זיך מרחם זיין...

און אין „הויף" האָט זיך היכף דער ערב-שבת און די הכנות און שמחה פון ערב-שבת גענומען פיהלען. חסידים האָבען זיך פריי און מינטער איבער'ן „הויף" געלאָזען, איינער האָט זיך אינ'ם צווייטען מתדבק געווען, הענד און אָרעמס האָבען זיך געשלאָסען און אין לעבעדיגע חסידות-שמועס'לעך זיך פאַרטיעפט. די משמשים און מקורבים האָבען זייערע פאַרקנייטשטע שטערענס אויסגעגלייכט און מיט פריטקייט זיך צום שבת געגרייט.

עס האָט זיך אַלין מיט איינמאָל איבערגעביטען, ס'האָט זיך אַלין אָנגעהויבען צו פיהרען לויט'ן כדר-העולם, מען איז פון עבדות און חירות אַריין, פון עצבות — אין שמחה... דער מלך האָט אַ ווײַלע אויף זיינע קינדער געצאָרנט און זיי פון זיין טיש פאַרטריבען... האָט זיך דער צאָרן פון מלך אָבגעשטילט און די קינדער צוריק אין זיין פּאַלאַץ פאַרבעטען...

נאָר איין ר' פנחס'ל איז נאָך אויף זיין אָרט געשטאַנען און טרערען האָבען פון זיינע אויגען געגאָסען:

— די וואונד איז דאָך נאָך נישט פאַרהיילט, דאָס פייער איז דאָך נאָך נישט פאַרלאָשען... ווי קומט-זשע פלוצלונג די שמחה אַהער?...

דער רבי האָט דאָס בעמערקט, איז ער צו ר' פנחס'לען צוגעגאַנגען און די האַנד אויף זיין פּלייצע געלעגט:

— פנחס, מיט עצבות וועלען מיר גאָרנישט פועל'ן...

און די רביצין, וואָס איז ביים פענסטער איבער'ן מוסר-ספר געזעסען, האָט די אויגען אויפגעהויבען און דערזעהען דעם שנוי, וואָס איז מיט אַמאָל אין „הויף" געוואָרען, ווי די חסידים געהען זיך דאָס פלוצלונג אַזוי לוסטיג איבער'ן הויף אַרום, הענד און אָרעמס געשלאָסען — האָט זי זיך פאַרוואונדערט, די הענד פאַרשפּרייט און דעם קאָפּ פון פענסטער אַרויסגעשטעקט.

— וואָס בעדייט דאָס?...

און משה-מרדכי, דער אַלטער משמש, איז אַ פאַרפאַרטעטער פאַרביי דעם פענסטער געלאָפען, און דערזעהענדיג ווי די רביצין

קוקט מיט פערוואונדערונג איבער'ן הויף, האט ער זיך אויף א וויילע אבגעשטעלט און מיט א שמייכעל זיך צו דער רביצין געווענדעט:

— גישט געזאָרגט, רביצין... דער רבי האט געהייסען פרעה־ליך זיין...

האט די רביצין דעם קאפ אבגעקעהרט און פאר זיך געזיפצט:

וואָס איז דאָס פּלוצלינג געוואָרען?... די וואונד איז נאָך גיט פערהיילט, דאָס פייער איז נאָך גיט פערלאָשען... ווי קומט דאָ די שמחה אהער?...

און די רביצין שרה'לע האט זיך פון איהר אָרט אויפגעהויבען און מיט פערדרוס איז זי צום רבינ'ס חדר אוועק און זיך ביי דער טהיר געשטעלט. געוואָלט האט זי דעם רבי'ן מוסר'ן, תוכחה זאָגען, איהר גאַנץ ביטער האַרץ פאַר איהם אויסגיסען, דערמאָהנען איהם דאָס אומגליק, וואָס שוועבט איבער'ן „הויף"...

נאָר דער רבי האט זי בעמערקט און מיט א ווייך קול האט ער זיך אבגערופען:

— רביצין, רביצין, מיט עצבות וועלען מיר גאָרניט פועל'ן...

א שטילער, רוהיגער שבת האט זיך איבער'ן „הויף" געצויגען. נאָר דאָך איז אויף איהם אנאומבעמערקבארער פאָדעם פון עצבות און אומעט געוועזען פערשפרייט. פרייטאג־צו־נאַכטס, ווען די רביצין האט זיך אין דער טהיר געשטעלט, קידוש הערען, און זי האט דער־זעהען, ווי די שנור און טאָכטער פעהלען נעבען איהר, האָבען זיך טרעהרען געשטעלט אין איהרע אויגען... דעם שבת האט דער רבי קיין „תורה" נישט געזאָגט, און ווייַן האט דער רבי געהייסען, הגלבסט, ווי תמיד שטעלען...

און וועניגער ווי תמיד, האט דעם היינטיגען שבת דער טיש פון שלש־סעודות געדויערט: געבענשט האט מען, ווי נאָר ס'האָבען זיך שטערען אין ההימעל בעוויזען. באלד נאָך הבדלה האט זיך דער רבי דעם עולם אבגעזעגענט און זיך אין חדר־מיוחד פערשלאָסען.

און תיכף איז זיך דער עולם מיט שווערע הערצער, יעדער אויף אנאַנדערן וועג צופאָהרען און א שווערער דריקענדער אומעט האט זיך אויף־פניי איבער'ן „הויף" צולעגט...

די וואונד האט זיך פריש גענומען פיהלען, געוואַרט האט מען, דער אויבערשטער זאָל אויסהיטען, גאָרנישט אויף קיין פרעהליכע נייעס...

און דערוואַרט האָט מען זיך: אַרום האַלבע נאַכט איז אַ טעלעגראַמע פון האַטשטינער רבינ'ס „הויף“ אָנגעקומען.

———————

XXI.

# פאר'ן שטורם.

איבער בײדע „הויפען“ זענען שווערע חמאַרעס געהאַנגען, מיט צער און טרויער היפּל־געהאַפטע; שטאָדט־יודען, קרעמער, וואָס זענען פערטאַראַראַמעטע, פערעקשטע איבער דער גאַס געלאָפען, מיט פער־דרעהטע דאַשיקעס און פונאַנדערגעשפּרייטע פּאָלעס, ווי פליגעל, די פינגער אין דער לופט געדרעהט, חשבונות געמאַכט וועגען זעקלעך קאָרן און אָבגעשונדענע פעלעכלעך, און זייערע קעפּ זענען, אין פליג, גאָר צווישען די כויערשע פוהרלעך געווען — האָבען יעדעס מאָל, פערבײַגעהענדיג דעם רבינ'ס גאַס, זיך פלוצים אָבגעשטעלט, אויסגעגלײַכט די היטלען אויף די קעפּ און אַרײַנגעשיקט אַ שפּיאָניש „אײַגעל“ אין הויף, אַרומגעבלאָנדזשעט איבער אַלע ווינקעלעך, געחאַפּט אַ קוק אַהין, אַ קוק — אַהער און זיך ווײַטער אַוועק זייער וועג...

און אייגענטליך איז דאָך אין „הויף“ גאָרנישט געווען, וואָס צו זעהען קיין אויסטערלישעס: דאָס לעבען איז זיך דאָרט געגאַנגען רוהיג און שטיל ווי תמיד. נאָך מעהר: ס'איז גאָר איצט אַ סך רוהיגער און שטילער געווען, אידער פריהער; דער „פּולס“ האָט דאָרט שוואַכער און אײַנגעהאַלטענער געקלאַפּט; ס'איז אַוועק־געקומען געהערען דער „ברען“ און ס'איז קיהלער געוואָרען דאָס פייער, און אויסגעזעהן האָט דאָרט איצט אַלין ווי פערגליווערט און מאָנאָטאָניג, ווי מען וואָלט זיך היטען אַנאַיבעריגען שאָרך צו טהון... און דאָך פלעגען זיך יעדעס מאָל פערבײַגעהענדע יודען אָבשטעלען פאַר דער אָפענער באַלטקע פון הויף, נירען, קוקען, שמעקען, און אפשר טאַקי פּנים צו־שמעקען אַלײַן, וואָס עס איז איצט דאָרט עפּעס נישט ווי געוועהנליך, דערגעהן אין טרעפען אַזעלכעס, וואָס מען זאָל קענען דערפון עפּעס שטאַלערנען און אויסטײַטשען אויף פערשידענע אופנים... און האָט וועמער, אַרײַנקוקענדיג מיט אַ שפּיאָניש־אײַגעל אין הויף, עפּעס „אויסגעדרונגען“ — האָט ער עס, ווי אַ בשׂורה

מציאה איפגעכאפט און זיך געלאזט דערמיט גלייך איבערן מארק, אדער, אויב ס׳איז פארנאכט געווען — צום קהל׳שען בית־המדרש. און געהענדיג איבער׳ן וועג, האט דער דאזיגער די באָרד אין דער האנד אריינגענומען, צוגעטראָגען דעם שפּיץ צום מויל און געקנייטשט דעם שטערן, געשאקעלט דעם קאָפּ אויף רעכטס און אויף לינקס און ארומגעקוקט זיך יעדעס מאָל מיט אנערנסט־שטאלצע מינע, וואס עס האט אויסגעזעהן: גאָט ווייסט, וואָס פאר א גוואלדיגען סוד דער דאזיגער טראָגט דאס אין זיך!... און איז אזעלכער נאָהענט צום מארק צוגעקומען, האט ער דעם ערשטען אין בעסטען ייד, וואָס ער האט בעגעגענט, אָבגעשטעלט, א קוק געטהון יענעם שארף אין די אויגען: צי האט ער נישט חלילה א טעות און צי מעג ער יענעם דעם סוד פערטרויען; א וויי טהון אויף שטום־לשון, מיטן פינגער צום רבינ׳ס גאס, צי א רמז — אויפ׳ן הויף... און דא פלעגט זיך שוין יענער א חאפּ טהון און אונטערשפּרינגען: „א! נו?... וואס הערט זיך“?... פלעגען זיי שוין ביידע אוועק אין א ווינקעל און שושקען און שמועסען, און דרעהען מיט די פינגער און ביסען די בערד און בלאָזען מיט די ליפען... און א דריטער פלעגט דערווייל פערביילויפען און, אזוי זיך, דרך־אגב, א בויג טהון דאס אויער, חאפּען א האָרך, א וואָרט און איבערראשט ווערען: „אָ־וואַ! השם־ישמרנו, השם־יש־ש־מר־נו! — און נעלם ווערען...

און טאָג נאָך טאָג האט א בריטשקע מיט צוויי איינגעשפּאנטע פערד זיך געלאָזט לויפען שטורמיש איבער׳ן שטעדטעל און האָט א מענש צום „הויף“, אָדער א מענש פון „הויף“ געפיהרט, דאס האט זיך א „שטאפעט“ פון דאנען אהין און פון דאָרט אהער געטראָגען. און ס׳גאנצע שטעדטעל פלעגט זיך דאן אין פענסטער און טהירען שטעלען אויף די שפּיץ־פינגער, און מיט דורכדרינגענדע בליקען נאָכקוקען דעם מענש מיט דער בריטשקע, וואס פיהרט מיט זיך א טיעפען מוראדיגען סוד... און צו די איינגעשפּאנטע פערד פון דער בריטשקע פלעגט ס׳שטעדטעל איהרע בליקען שיקען, נאָכשפּירען זיי און בעטראכטען: וואָס הירזשען זיי אזוי אונגעוועהנליך, וואָס בעדייט זייער כאָפּעניש און דאס בלאָזען מיט די נאָז־לעכער? ווייסען זיי אפשר נישט, וואָס אין „הויף“ איז געשעהען? דערצעהלט, ליעבע, וואס איז דער סוד, וועלכען איהר פיהרט מיט זיך?...

———————

אין דער שטילער, בלאַסער יונגערמאַן, לייבעלע דעם רבינ'ס האָט זיך אין „הויף", ווי אַ שאָטען אַרומגעדרעהט.

די ערשטע טעג, ווען דער טרויעריגער סוד וועגען דבורה'לעס ענטלויפען האָט אין „הויף" דערהייכט, האָט מען געפּרובט, ווי ווייט נאָר מעגליך איז געווען, דאָס פֿון לייבעלען צו באַהאַלטען; וואָרום אין האַרצען האָט נאָך די רביצין געהאָפּט צו גאָט, דאָס זיין ליעבע נאָמען וועט העלפֿען און אַלין וועט זיך צום גוטען אויסלאָזען: דבורה'לע וועט איינזעהן איהר נאַרישקייט, חרטה האָבען אויף איהרע נישט-באַגעלעגטע מעשים, און מיט אַ ריין האַרץ פֿון אַ בעל-תשובה, וועט זי זיך צוריק אין „הויף" אומקעהרען, און דאַמאָלס — האָט די האָפֿנונג געזאָגט אין דער רביצינ'ס האַרץ — זאָלען מאַן-און-ווייב געהן צוריק לעבען בשלום ושלוה, ווי גאָט האָט געבאָטען, און לייבעלע זאָל נישט וויסען, ווי אַזוי אַ האַרץ איז פֿערפֿלעקט און צוריק ריין-געוואַשען געוואָרען...

און פֿאָרט האָט לייבעלעס האַרץ עפּעס אָנגעהויבען צו פֿיהלען, די אויגען — צו באַמערקען, און די אויערען האָבען אונדייטליכע קלאַנגען און ווערטער פֿון הויף אויפֿגעכאַפּט; פֿלעגט ער דערזעהען אַ רעדעל פֿון אַ צוויי-דריי פּאַרשוינען, און אַ מאָל מעהר, שטעהט אין הויף, מויל צו אויער צוגעלעגט, און עס טראָגט זיך אַ סודות'דיגע שמועס, און ווי נאָר ער פֿלעגט זיך צום רעדעל דערנעהנטערען — איז אַלץ איבערגעריסען און פֿערשטומט געוואָרען, די אויגען פֿון די שמועסער פֿלעגען זיך אויף איהם אָנווענדען און קוקען מיט בליקען פֿון טרויער און מיטלייד, באַגלייט מיט האַלב-פֿערשטיקטע זיפֿצען...

איז ער אַרומגעגאַנגען און געטראַכט און אָנגעהויבען זיך מעהר צוקוקען, וואָס אַרום איהם קומט-פֿאָר, און ספקות האָבען גענומען מאַטערען זיין מוח, מיט אַ מאָל איז איהם אַ סך זאַכען קשה געוואָרען: „האַ, פֿאַרוואָס זוימט זי זיך עפּעס אַזוי לאַנג אין וואַרשאָ? וואָס זאָל עס באַדייטען?"... ווען דער דאָזיגער רעיון איז אין איהם פּלוצלונג דורכגעלאָפֿען, האָט ער אַ ציטער געטהון און גלייך האָט ער זיך געלאָזט לויפֿען צו דער רביצינ'ס שטוב, איבערפֿרעגען די מוטער, זי זאָל איהם אַ תירוץ אויף דער קשיא געבען, נאָר — ביי דער טהיר איז ער פּלוצים שטעהן געבליבען און נישט-דייטש האָט זיך זיין האַנד פֿון דער קלאַמקע אַראָבגעלאָזען: ער האָט זיך געשעמט...

אין דאָ האָט ער גאָר אונגעדוואַרטעט דערזעהען די שרעקליכע
סצענע, ווען עס האָבען זיך דאָנערשטאָג אויף־דער־נאַכט א פוילער
הויף מיט יודען צונויפגעקליבען און איבער אַלע האָט אַנ'אונפּער־
שטענדליכע אימה געהערשט; דער טאַטע, דער רבי, האָט זיך עבּעס
איינגעשפּאַרט, דאָס ער וויל מעהר קיין רבי נישט זיין, מאָרגע
טענית האָט ער צום הימעל געהאַט... און קוים־קוים, וואָס חסידים
האָבען ביי איהם געקאָנט פועל'ן, ער זאָל זיך פון זיין עקשנות
אָבזאָגען און נישט איבערלאָזען די שאָף הפקר, אָהן א פאַסטוך...
דאָס און ערגליכעס האָבען ביסלעכווייז פאַר איהם דעם שלייער
אַראָבגעריסען. ער האָט געזעהען די אָהן־אויפהער־פערוויינטע אויגען
פון די מוטער, די רביצין, און דאָס בלייכע עצבות־פנים פון פאָטער,
דער רבי, דערצו — דאָס פּלוצלינגע אַהער־קומען פון זיין שוועגער,
ר' פנחס'ל, זיין טרויער־שווייגענדע האַלטונג און דאָס ווענינ רעדען
מיט איהם, לייבעלען, זיין אידעם...

ווען ער האָט דעם שווער „שלום־עליכם" דערלאַנגט און
א פרעגנ געטהון אין דער שטיל:

— וואָס מאַכט זי?... דבורה'לע?... וואָס האָט דער דאָקטאָר
געזאָגט?... —

האָט אויף איהם ר' פנחס'ל א פאָר מאָדנע אויגען אויס־
געשטעלט און געשטאַמעלט:

— המ... נו, יאָ... געלויבט השם־יתברך... נו, אודאי.. דער
אייבערשטער זאָל העלפען... — און טרערען האָבען זיך אין זיינע
אויגען געשטעלט.

לייבעלע האָט זיך תיכף אָבגעקעהרט פון איהם, איבער'ן הויף
זיך אַרומגעדרעהט, געטראַכט און פערטראַכט זיך, א שוויים האָט
זיין שטערען בעשלאָגען און עפּעס האָט איהם אין די אויערען גע־
רוישט... א צייט־לאַנג איז ער אַזוי אויף זיין אָרט געשטאַנען און
געציטערט, ווי א בלאַט, מיט אויסגעשפּרייטע הענד, ווי איינער, וואָס
פרעגט א האַרבע קשיא: „פאַרוואָס?"...

און ווען דער משמש איז זונטאָג אין דער פריה אַריין צו
איהם אין חדר מיט א בעפעהל, דאָס דער רבי און די רביצין
רופען איהם, האָט איהם א שרעק אַרומגעחאַפּט, האַסטיג האָט דאָס
האַרץ געקלאַפּט, די פיס האָבען זיך געוואַקעלט און שיער־נישט
האָט זיך אַגעשריי פון זיין שוואַכע ברוסט אַרויסגעריסען...

אַ חולקען האָט זיך פאַר זיינע אויגען געדרייען, און קוים האָט זיך געפּלאָנטערט אַ מישמאַש פון רעיונות און האַלב-אָבגע-ריסענע בילדער און שאָטענס, און אין דעם קלאָרען נעבעל איז איהם דאָך מיט אַ מאָל אַלין אַזוי קלאָר און פערשטענדליך גע-וואָרען!...

מיט אַנאַראָבגעבויגענעם קאָפּ און אויגען, וואָס האָבען זיך ווי פון בושה, צו דער ערד געצויגען, איז לייבעלע אַריין צום רבי'ן אין צימער.

די רביצין איז אַנגעלעהנט ביים פענסטער געשטאַנען און דער רבי האָט זיך אויף און אָב איבער דער שטוב אַרומגעדרעהט. אַ לאַנגע צייט האָט געהערשט אַ שטילקייט, און פלוצלונג האָט זיך דער רבי ביים טיש אַוועקגעזעצט און לייבעלען צו זיך צוגערופען.

מיט אונזיכערע טריט, ווי אַ פערמשפּט'ער בשעת ער דאַרף זיין אורטייל אויסהערען, איז לייבעלע צוגעגאַנגען און זיך ביים עק טיש אַוועקגעשטעלט.

דער רבי האָט עטליכע מינוטען געקוקט אויף איהם און בע-טראַכט, ווי ער וואָלט וועלען פון זיין פנים פאָרשען, צו איז שוין צו איהם די נישט-פרעהליכע בשורה דערגאַנגען... דער רבי האָט נאָכדעם מיט דער האַנד זיין שטערען פערשטעלט און מיט אַ שטילען ערנסטען טאָן האָט ער, פריהער ברמז, דערנאָך דייטליכער, מיט טרויעריגע ווערטער צו לייבעלען זיך געווענדעט:

און גערעדט האָט דער רבי וועגען דעם ענין פון טהרת הזיווג... וועגען דער צניעות און בושה פון אַ בת-ישראל. געזיפצט האָט ער דערויף, וואָס נשים דעתן קלות... וועגען דער שליטה פון יצר-הרע ר"ל, וואָס פערשפרייט זיין נעץ אויף דער קדושה; און ענדליך זענען דעם רבי'נס ווערטער איבערגעגאַנגען וועגען דעם „הויף“. אין שטילער איז דעם רבי'נס שטימע געוואָרען, ווען ער האָט גענומען מיט אַ צובראָכען האַרצען מאָהלען דאָס „אומגליק“, וואָס עס האָט דעם גאַנצען „הויף“ בכלל און איהם, לייבעלען, בפרט, געטראָפען...

ווידער האָט אַ דריקענדע שטילקייט דעם צימער איבערפולט. דער רבי האָט טיעפער דעם שטערען אונטער דער האַנד פערשטעלט. לייבעלע איז אַ בלייכער אויף דעם זעלבען אָרט געשטאַנען מיט די אַראָבגעלאָזענע אויגען צו דער ערד, געצופּט מיט איין האַנד זיין שיטער בערדעל און מיט די צייהן די אונטערשטע ליפּ געביסען.

פשוט געלאָזט אַ'יף קידוש-השם, געטריבט ליפּען האָט די הינטער-טהירען, געוואָלט אַריינשטופען זיך בגוואַלד, איז טאַקי אַרויסגע-קומען — השם-ישמרנו! היטלען מיט יאַרמעלקעס זענען געפלויגען פון די טרעפּ אַיפּין הויף אַראָב און אויסגעפיהרט האָט מען ניִשט...

— דער רבי איז היינט אַ טרוד... דער רבי האָט היינט קיין צייט ניט זיך מיט חסידים אָבצוגעבען...

מילא, פאַרפאַלען. אַז מען לאָזט ניט, — זענען נעבוך חסידים אַוועקגעגאַנגען אַזוי ווי זיי זענען געקומען. אַוועקגעגאַנגען מיט אַראָב-געלאָזענע קעפּ און מיט חלישות-הלב. און געהענדיג איבערן וועג צוריק אַהיים, האָבען זיך חסידים געשושקעט, געטראַכט די סבות און געזאָגט השערות.

האָט מען אַזוי לאַנג געטראַכט, ביז אייגער האָט אַרויסגעזאָגט אַ השערה, וועלכע האָט זיך דוקא געלאָזט הערען און זיך אויף די מוחות פון די חסידים געלעגט:

— נישט אַנדערש — איז צווישען די חסידים במוסכם געווארען — ביידע רבים, די מחותנים, זענען אַהער געקומען דעם זמן החתונה אָבשמועסען...

— און מן הסתם — האָט אַ צווייטער צוגעגעבען — דאַרפען זיי זיך וועגען פערשיעדענע ענינים אויסגלייכען, ענינים, וואָס זענען צום שדוך נוגע, און זיי האָבען דעריבער קיין צייט ניט זיך מיט אונז אָבצוגעבען...

— פלאָזט זיך הערען, פלעגט זיך אַיפּין שכל — האָבען חסידים מסכים געוועזן.

— נישט אַנדערש.

און דער עולם האָט זיך בערוהיגט.

---

אין וואָהנונג פון ר' נטע ליבטמאַן, וואו דער רבי פון נ. האָט אכסניה געהאַלטען, איז אַ שליח געקומען, מיט אַ בעפעהל, מען זאָל תיכף אַ חדר-מיוחד אָבזונדערען, דען באַלד וועט דער חאָשטשינער רבי אַהער קומען.

אין הויז האָט זיך אַ שטאַרקע הכנה אָנגעהויבען. מען האָט זיך גענומען פּאָרען, איינאָרדנען און אַלעס צוגרייטען. ר' נטע ליבט-מאַנ'ם ווייב איז געוועזן אויסער-זיך פּאַר גליק: אַזאַ גליק! צוויי

רביים ביי איהר אין היוז... אין תיכף איז דער חאַשטינער רבי צונגעקומען.

דער רבי פון נ. איז איהם אין פאָרער־שטוב אַנטקעגען געגאַנגען און ביידע זענען זיי באַלד אין אַ באַזונדער חדר אַריין און די טהיר פערשלאָסען.

— שלום־עליכם, מחותן. זיצט, זייט מוחל.

און ביידע מחותנים, די רביים, האָבען זיך איינער נעבען צווייטען אַוועקגעזעצט און געשוויגען. אַלאַנגע צייט האָט דאָס שטילשווייגען געהערשט.

ענדליך איז דער רבי פון נ. אויפגעשטאַנען און געזאָגט:

— מחותן. עת לקרב ועת לרחק. דאָ ניט לאַנג זענען מיר זיך געראַט צונויפגעקומען מיט דער דעה, עס זאָל צווישען אונז אַ התקרבות ווערען. מיר זאָלען זיך מתחבר זיין, מתחתן זיין. איצט, מחותן, זענען מיר זיך ווייטער צונויפגעקומען, נאָר — מיר טאָרען ניט מתרעם זיין! — מיט אַנאַנדערע כונה, מיט אַנאַנדערע דעה: מן השמים לאָזט מען צווישען אונז קיין התקרבות ניט צו. געקומען איז די צייט פון פרוד, אונזער פריהערדיגע התקרבות זאָל ווער־ווייטערט ווערען, דאָס התקשרות זאָל אויפגעבונדען ווערען...

— ווילט איהר, הייסט דאָס, מחותן, די „תנאים" צורייסען?...— האָט דער חאַשטינער רבי מיט אַ ציטערנדיג קול איבערגעפרעגט, נישט־אויפהויבענדיג די אויגען.

— נישט איך, מחותן, נאָר מן השמים וויל מען אַזוי... און מיר טאָרען ניט מתרעם זיין, דער צדיק דאַרף אַנ'עומד בנסיון זיין... אַייער זוהן... די קינדער... זענען פון דרך הישר אַראָב... השם־ישמרני, השם־ישמרנו! סמאַל האָט שליטה בעקומען... מיר טאָרען נישט זיין, מחותן, קיין ניתן יד לפושעים... מען דאַרף צווישען זיי אַ פרוד מאַכען...

דער מחותן, דער חאַשטינער רבי, האָט זיך פון אָרט אַ הויב געטהון און אָנגעהויבען איבער דער שטוב אַרומצושפּאַצירען:

— ווילט איהר, הייסט דאָס, מחותן, די „תנאים" צורייסען? — האָט זיין ציטערנדע שטימע נאָכאַמאָל איבערגעפרעגט.

דער רבי פון נ. האָט אַ חיילע געשוויגען און מיט אַגעבעטי־קול זיך אָפגערופען:

— אַז׳ אִיז מן השמים נגזר געוואָרען. אַ פּרוד מוז זײַן... אַלי׳ן, מחותן, וואָס איך בין מתיב על פּי דין — בין איך אויך מיר מקבל. ווילט איהר „חצי נדן קנס״? — איך בין מוכן דערצו, איך וועל אייך נאָך מוסיף זײַן... נעהמט אייך, מחותן, אַלי׳ן, וואָס איהר ווילט... גלוי וידוע, דאָס איך האָב דערבײַ קיין שום פּניה ניט, איך בין ווײַט פון יעדע ערמה, חלילה... דען, אדרבה, גיט עפּעס, מחותן, אַני׳ עצה: וואָס זאָלען מיר טהון? וואָס זאָלען מיר טהון? קאָנען מיר דען לאָזען דאָס פײַער ווײַטער ברענען?... נו, זאָגט, מחותן, גיט אַני׳ עצה: וואָס זאָלען מיר טהון? וואָס זאָלען מיר טהון?...

דער רבי, דער מחותן, איז אַלי׳ן הין און צוריק איבער דער שטוב געלאָפען, און נישט אויפגעהערט צו טענה׳ן:

— ווילט איהר, הײַסט דאָס, מחותן, די „תנאים״ צורײַסען?...

און פּלוצלינג האָט ער זיך געגען צווישען רבי׳ן, דעם מחותן, אַוועקגעשטעלט און געזאָגט:

— הײַסט, מחותן, און זאָל מען נאָך די קינדער שיקען... זאָלען חתן־כלה אַהער קומען...

און גלײַך איז עס געשעהען.

*

*   *

אין עס־צימער בײַ ר׳ נטע ליכטמאַן אין זאַהגונג איז געזעסען די רביצין פון נ., דעם קאָפּ אויף די הענד אָנגעשפּאַרט און געזוקט אין טרויער.

ר׳ נטע ליכטמאַנ׳ס ווײַב, וואָס איז פריהער געווען אויסער זיך פון גליק, וואָס איהר שטוב האָט צו אַזעלכע חשובֿ׳ע געסט זוכה געווען, און איהר פּנים האָט געהאַט געשטראַהלט פון פרייד, איז איצט אויף די שפּיץ־פינגער איבער דער שטוב אַרומגעגאַנגען און אַ דערשראָקענע איז זי געווען, אָנקוקענדיג די טיעף־פערטרויערטע רביצין, וואָס האָט צו קיינעם אַ וואָרט נישט גערעדט און אונבעוועגליך דעם קאָפּ צווישען די הענד געהאַלטען.

איבער דער שטוב האָט אַ שטילע אימה געשוועבט; זעלטען־ווען נאָר איז די שטילקייט איבערגעריסען געוואָרען פון אַ שווערען זיפץ, וואָס האָט זיך געטראָגען דורך דער פערשלאָסענער טהיר פון זײַטיגען אַלקער, וואו עס זענען געזעסען די צוויי „גוטע יודען״, די מחותנים.

פּלוצלונג האָט זיך די טהיר פֿון קיך האַסטיג געעפֿענט און דער מיטמש איז געקומען אַריינגעלױפֿען:

— רביצין, זי גערט! — האָט ער אױסגערופֿען.

די רביצין האָט, פֿון דעם אומגעריכטען אױסרוף, אַ ציטער געטהון און פֿערשראָקען די אױגען אױפֿגעהױבען.

און װיעדער האָט זיך די זעלבע טהיר געעפֿענט. (איצט שױן לאַנגזאַם, פּאַמעליך, װי די הענד, װאָס האָבען די קליאַמקע געהאַלטען, װאָלטען געציטערט, און באַלד האָט זיך אַ בלאַס אױפֿגערעגט געזיכט בעװיזען און װאַקלענדיגע פֿיס, װאָס האָבען לאַנגזאַם די טריט געמאָסטען און דערנעהנטערט זיך צו דער שװעל פֿון עס־צימער, װאו זיי האָבען זיך אָנגעשטעלט און דאָס בלאַסע יונג־מיידעלשע פּנים האָט די אױגען װי פֿערשעמט צו דער ערד אַראָבגעלאָזען.

— רבקה'לע! — האָט די רביצין אינסטינקטיװ אױסגעשריען, נאָר באַלד איז זי אַנטשװיגען געװאָרען; פֿעסטער האָט זי דעם קאָפּ צװישען די הענד אַריינגענומען, מעהר האָט זי קיין װאָרט ניט אַרױסגעלאָזען; מיט שטאַרקע שטומע בליקען האָט זי אױף איהר טאָכטער, רבקה'לע, געקוקט און בעהיליגער לאַנגזאַם מיט'ן קאָפּ געשאָקעלט...

רבקה'לע איז נאָך אַלץ אױף דער שװעל געשטאַנען און ניט געװאַגט די אױגען פֿון דער ערד אױפֿצוהױבען...

———————

אַ שטילע אימה האָט געהערשט און אַלקיר, װאו די צװיי „גוטע ידען" זענען זיך צונױפֿגעקומען. דער רבי פֿון ג. איז די גאַנצע צייט אומבעװעגליך בײם פֿענסטער געשטאַנען, די הענד אין דער גאַרטעל געשלאָסען און עפּעס אַ שטילען עצבות'דיגען ניגון געברומט. דער מחותן, דער תאָשטינער רבי, האָט זיך אױף און אָב איבערן אַלקיר אַרומגעדרעהט, און פֿון צייט צו צייט אַ טיעף־האַרציגען קרעכץ אַרױסגעלאָזען.

אין דער טהיר האָט זיך אַן אונטערטעניגער קלאַפּ דערהערט און דעם מיטמש'ס קאָפּ האָט זיך אין דער טהיר בעװיזען: — זי איז שױן דאָ — האָט זיין אונטערטעניגע שטימע געמעלדען.

אַ ווײַלע איז קײן ענטפֿער נישט געװעזען, דער חאָשטשינער רבי איז אין מיטען שטוב געבליבען שטעהן און אויפ'ן משמש אַ פּאָר פֿערגליווערטע אויגען אויפגעשטעלט. דער מחותן, דער צווייטער רבי, האָט דאָס פּנים פֿון פֿענסטער אָבגעקעהרט און אַ ציטער געטהון.

דעם משמש'ס קאָפּ איז נאָך אַלין אין דער טהיר געשטאַנען און געהאַרט אויף ענטפֿער.

— נו, וואו איז ער?... הײַסט און זאָל איך דער חתן אַרײַנקומען! — האָט דער רבי אַ זאָג געטהון שטרענג צום משמש.

און באַלד האָט זיך די טהיר פֿון אַ זײַטיגען צימער געעפֿענט, פֿון האַנגען פֿהאָט זיך בעוויזען מרדכי'לע, זיין בלײַבער, אַ דערשראָקענער, מיט אַראָבגעלאָזענע אויגען; בעגלייט פֿון זײַן מוטער, די רביצין, האָט ער זיך געלאָזט געהן מיט וואַקלענדיגע טריט (צום רבי'שען אַלקיר; דורכגעהענדיג איבער'ן עס-צימער, האָבען זיך זײַנע אויגען בעגעגענט מיט רבקה'לעס. אַ ווײַלע איז ער ווי שטעהן געבליבען אויף זײַן אָרט פֿון איבעראַשונג, באַלד אָבער האָט ער זיך בעטראַכט, וואו ער געפֿינט זיך און ער האָט צוריק אַראָבגעלאָזט די אויגען.

און ווען ער איז בײַ דער טהיר פֿון אַלקיר געשטאַנען און מיט ציטערנדע הענד די קלאַמקע אָנגערהרט, האָט ער נאָכאַמאָל דעם קאָפּ אומגעקעהרט און אויף רבקה'לען געקוקט.

זי האָט איהם מיט שטומע בעטענדע בליקען אָבגעענטפֿערט...

———————

ביידע „גוטע-יודען“ האָבען זיך איינגער בײַם צווייטען נעבען טיש אַװעקגעזעצט; אָבגערוקט פֿון ווײַטען נעבען דער טהיר זענען געזעסען די צוויי רביצינס; בײַם צווייטען עק טיש איז מרדכי'לע געשטאַנען און נערװעז-ציטערנדיג זיך אָן בּרעג אָנגעהאַלטען.

שטיל איז אין צימער געוועזען, יעדער האָט ווי מורא געהאַט דאָס ערשטע וואָרט אָנצוהויבען

פּלוצים האָט זיך דער רבי פֿון נ. האַסטיג אויפגעהויבען פֿון אָרט און מיט אַ שאַרפֿע, נאָר אַ ציטערנדע שטימע האָט ער זיך צו מרדכי'לען געווענדעט, נישט אויפהויבענדיג אויף איהם די אויגען:

— הער-אויס, בחור! כ'וויל נישט חלילה קיין הולך-רכיל זײַן. דו ווייסט דאָך, עס שטעהט: באפי תלתא, פֿאַר דרײַ מענשען,

הייסט קיין לשון-הרע ניט... מען דערצעהלט אויף דיר, השם ישמרנו, דאס דו ביזט חלילה פון דרך האמת אראב!... אין אפיקורס, שע ם ר ם, דערצעהלען אנשים נאמנים, האסטו זיך חלילה אנגעהויבען ארייננצו-לאזען. וועה, וועה געשריגען! וכל באיה לא ישובון!... רחמנא ליצלן, מען זאגט אויף דיר אזעלכע זאכען, אוי לאזנים!...

דעם רבינ'ס ווערטער זענען איבערגעריסען געווארען פון א היסטעריש געוויין און א יללה-חליפעריי פון דער חאשטשעווער רביצין. א פאר מינוטען האבען אלע געשוויגען, און ווען דאס געוויין איז א ביסעל שטילער און איינגעהאלטענער געווארען, האט דער רבי ווייטער אנגעהויבען צו רעדען און זיין קול איז וואס א מינוט אלץ העכער און שארפער געווארען.

— וועה-געשריגען, בחור! דו האסט, דערצעהלט מען אויף דיר, די הייליגע ספרים, די דברי אלקים חיים, איבערגעביטען, רחמנא ליצלן, אויף ספרי-מינות. השם ישמרנו! דו ביזט אראב פון וועג, אויף וועלכען עס זענען דורך נאך דור צדיקים און קדושים געגאנגען און דו האסט פערבלאנדזשעט אויפ'ן וועג, וועלכער פיהרט, רחמנא ליצלן, אהין צו יענעם צד...

ווידער האט זיך די חליפעריי פון דער חאשטשעווער רביצין דער-הערט. דער מחותן, האט מיט דער האנד די אויגען פערשטעלט און געקרעכצט. מרדכי'לע האט ציטערענדיג פעסטער זיך אן ברעג טיש אנגעהאלטען און פון איבערעגונג די אונטערשטע ליפ געביסען.

העכער און שארפער האט דעם רבינ'ס מוסר-טאן די אימה-שטילקייט פון אלקיר דורכגעשניטען:

— הער-זשע איכ, בחור! געקלעגט האב איך, אז דער רצון-הבורא איז, דאס דו זאלסט דער זיווג פון מיין טאכטער שתחי' זיין. השם יתברך ווייסט דאך דעם אמת, דאס איך האב נישט געזוכט, חלילה, קיין געלד און עשירות. תורה האב איך געזוכט, תורה און יראת-שמים; אנ'אדם כשר והגון, וואס זאל זיין ראוי ממשיך צו זיין די נהורא-הקדושה אין מיין „הויף"; געוואלט האב איך, אז די נחלה וואס מיינע אבות-הקדושים האבען מיר איבערגעגעבען זאל א חזוק האבען און מתקיים ווערען אויך אין די ווייטערע דורות; מתפשט ווערען זאל דער אור; דער „הויף" זאל אויך אויף ווייטער די אכסניה פון תורה און עבודות-הבורא זיין; דאס, ווייסט השם יתברך דעם אמת, האב איך געוואלט, דאס איז מיין איינציגע כונה אי

מחשבה געווען. דאָ האָב איך, השם-יתברך וויכט דאָך דעם אמת, געזוכט; אזעלכען האָב איך געזאָלט צו מיר אין „הויף" אַריינ-געהמען.

השם-יתברך וויכט דאָך דעם אמת. דאָס איז מיין כונה און מחשבה געווען.

דער רבי האָט זיך אַ ווײַלע אָבגעשטעלט און פערטראַכט; שווער האָט די אימה איבערן אַלקיר געדריקט, אַלע האָבען זיי איינגעהאַלטען זייער אָטעם.

און דעם רבינ'ס טאָן איז שאַרפער געוואָרען:

— האדם יראה לעינים... דער בשר-ודם קאָן נאָר מיט'ן אויג זעהען, ווער קאָן דען די נסתרות פון מענשען וויסען?... ב'האָב געזעהען, בחור, דו ביזט אַ בן של קדושים; געזאָגט האָט מען, דאָס דו געהסט קיינמאָל מפתח ביתך ניט אַרויס, יום-ולילה ביזטו און תורה ועבודה עוסק; מעלות האָט מען אויף דיר אויסגעגעבען, דאָס דו ביזט זך ונקי, ריין פון יעדע שמץ-פסול, תלילה, כשר והגון, ווי אַנ'אמת'ער יוד דאַרף זיין; געזאָגט האָט מען, דאָס דו ביזט הצנע-לכת... וואָס זשע האָב איך געקאָנט נאָך טראַכטען? מען איז דאָך נאָר אַ בשר-ודם, האָב איך גערעכענט, דאָס דו ביזט ראוי והגון דער חתן פון מיין טאָכטער שתחי' צו זיין.

דער רבי האָט אויף אַ רגע מפסיק געווען און ווייטער אָנ-געהויבען:

— ווער אָבער, ווער-געשריען! האדם יראה לעינים... פון הימעל האָט מען מיר דעם אמת מעלים געווען. מען טאָר ניט מתרעם זיין, מסתמא איז אַזוי דעם בורא ניחא געווען, ווער קאָן די כבשי דרחמנא וויסען?... השם ישמרנו, השם ישמרנו, ווער ואָל זיך אויף אַזעלכעס ריכטען!?...

דער רבי האָט פלוצים אַריינגעשטעקט די האַנד אין בוזים פון זיין זיידענער זשופיצע און אַרויסגענומען פון דאָרט די איינ-געוויקעלטע תנאים

— ווער, ווער געשריען! — האָט דער רבי געפאָכעט מיט דער האַנד, אין וועלכע ער האָט די „תנאים" געהאַלטען, און זיין קול האָט געצאַטערט — רחמנא ליצלן! אנשים נאמנים דערצעהלען, דאָס דו ביזט פון דרך האמת אַראָב, ביזט אַוועק, רחמנא ליצלן, אויף אַנ'אַנדערן, אויף אַ פאַלשען וועג, השם ישמרנו, השם ישמרנו!...

ניין! ניין! דו ביזט ניט ראוי, דו ביזט ניט הגון, דער חתן פון מיין טאָכטער שתה' צו זיין, ניין! דו ביזט ניט ראוי די נחלה פון מיינע אבות הקדושים צו ירש'נען!... די חבילה מוז נתפרד ווערען, אונזער התחברות מוז ווערען צוריק צוריסען, אויפגעבונ-דען דארף ווערען די התקשרות... דו ביזט ניט ראוי! א טעות איז געווען, אלץ מוז צוריק בטל ומבוטל ווערען, די „תנאים" זא-גען קיין „תנאים" נישט!...

די האשטינער רביצין האט א שרעקליך געשריי אויסגעלאָ-זען און איהר קאָפּ איז אויף דער פאָרענט פון דער שטוהל גע-פאלען; די צווייטע רביצין האט איהרע אויגען אין טיכעל איינ-געגראָבען און שטיל געחליפּעט. איבער אלעמען איז א שוידער און ציטער דורכגעלאָפען; און געציטערט האָבען אויך אין רבינ'ס האנד די „תנאים", וועלכע האָבען איצט אויף דייער אורטייל געוואַרט...

לאנגע, לאנגע מינוטען האט זיך די דאָזיגע פייזע געצוי-גען און שווער האָבען זיי אויף אלעמענס הערצער געדריקט.

פלוצים האט זיך דער האשטינער רבי פון זיין אָרט אויפ-געשטעלט און אָנגעהמענדיג דעם מחותן, דעם נ.-ער רבין, ביים גארטעל, האט ער מיט א קול של דמעות אויסגעשריען:

— מחותן, זייט זיך מיישב!...

און ווידער איז אין אלקיר אויף מינוטען-לאנג שטיל גע-וואָרען. דער נ.-ער רבי האט זיך לאנגזאם אראָבגעלאָזט אויף דעם שטוהל, אָנשפארענדיג זיין פלייצע אויפ'ן פאָרענטש. מיט איין האנד האָט ער פּעסט דעם שטערען צונויפגעדריקט, ווי ער וואָלט געוואָלט איינהאלטען דעם געשווינדען שטראָם פון רעיונות, וועלכע האָבען דאָרט אָהן אויפהער געפּליבט און צווישען זיך א קאמפף געפיהרט... צווישען די פינגער פון זיין צווייטער האנד האט שטייף געפּלאַטערט דאָס „תנאים"-פאפּיער און געציטערט...

אָנגעשטרענגט איז די שטילקייט געווען, אלע האָבען ווי אויף דעם אורטייל געוואַרט. מרדכי'לע איז ביים עק טיש געשטאַנען; די אויגען ווי א פערמישפט'ער אראָבגעלאָזען און נערוועז מיט'ן פינ-גער איבער'ן קאַנט פון טיש געפיהרט.

דער רבי האָט א ווײַלע ווי אויפגעוואַכט פון זיינע שווערע געדאנקען. ער האָט באַפרייט זיין שטערען פון דער צונויפדריקענדער האנד. אָט האָט ער א בליק אריס זיך געוואָרפען, און דער בליק

איז שאַרף אין הרכּדרינגענד געווען; לויפֿענדיג האָבען די אויגען אויף יעדען איינציגען פֿון אַלקיר זיך אָבגעשטעלט, ווי זיי וואָלטען ביי יענעם דעם שליסעל צום שווערען סוד געפֿינען... ווי זיי וואָלטען ביי יענעם אַן עצה געפֿרעגט, צי זאָל ער זיך אויף דעם לעצטען שריט לאָזען, אָדער צו איז נישט, חלילה, דער דאָזיגער שריט מכוון און געפֿערליך...

און אָט האָט דער רבי ביידע הענד אין די אַרבּעל פֿערשטעקט, דעם קאָפּ הינטער זיך פֿערוואָרפֿען מיט אויסגעשטעלטע אויגען צום סופית. זיין קערפּער האָט זיך גענומען אומאויפֿהערליך בעוועגען און שאָקלען אַהין און אַהער. אַ שטיל ברומענדיגער נגון האָט זיך געצויגען און און זיינע צום סופית אויסגעשטעלטע אויגען האָט אַ פֿייכטער טרעהר־גלאַנץ געבלישטשעט...

— באַם—בי—בים, אָח, אָח, באָם—באָם... — האָט זיך אַ האַרציגער נגון־מעלאָדיע, אָהן ווערטער, איבערן שווער־שטילען אַלקיר צושפּרייט און די סטרונעס פֿון אַלעמענס הערצער געוועקט..

— באַם—בי—בים, אוי, באָם—בים... — וואָס זענען דען און די דאָזיגע טיעף־האַרציגע טענער נישט פֿאַרהאַן? אָט ניעדערט ער אַראָב דער טאָן אַלץ נידעריגער און נידעריגער, ער ציטערט זיך און אַ מין ווייכקייט און געבעט, ווי אַ קינד, וואָס פּיעסטשעט זיך פֿאַרן פֿאָטער: „טאַטע, זיסער!... טאַטע, זיסער!...“ אָט הערט אַ הייליגע שטיל, איבערגעריסען, און באַלד ציהען זיך ווידער, ווי פֿון ערגעץ ווייט, ווייט געקומען, אַ צונויפֿמישונג פֿון אַלטע בעקאַנטע טענער, וואָס איינער פֿליסט אינ'ם צווייטענס גבול אַריין, איינער יאָגט דעם צווייטען איבער... אַלט־בעקאַנטע טענער זאָגען דאָס, וואָס ערוואַרטען און פֿלעכטען זיסע, הייליגע זכרונות פֿון הורות, דורות צדיקים און „גוטע יודען“, פֿון אַ לאַנגע קייט שטילע, רוהיגע „הויפֿען“. און וועלכע עס האָט דור נאָך דור אַ שטיל־רוהיגער קדושה־קוואַל געפֿליסט און גאָטס עדה האָט, דור נאָך דור, פֿון דעם קוואַל געטרונקען... „הויפֿען“, און וועלכע ס'האָט דור נאָך דור רוהיג און פֿריעדען געהערשט, מלאכי־השלום האָבען זיי מיט זייערע פֿליגלען בעשיצט און חלילה קיין מכשול פֿון דרויסען נישט צוגעלאָזען...

— בים—בי—בים, אוי, אוי, באָם—באָם—באָם!... — העכער, העכער ציטערען די טענער און פֿילען דעם אַלקיר מיט אַן אימה און פֿון יעדענס האַרץ ווערט, ווי אַ שטיק אָבגעריסען, עפּעס קלעמט

אַזוי זויפֿ'ן הערצען און וועהטאָגט די נשמה!... העכער, העכער ציטערען די טענער, פּראָטעסטירענדיג האָבען זיי, מתרעם איז דער צדיק פֿאַר גאָט ברוך־הוא: „טאַטע, טאַטע!... צוגרויס איז די שטראָף, צו־שווער דער נסיון, וואָס דו האָסט אויף דעם צדיק אַראָפּגעשיקט... נײן, טאַטע. ס'אַ שווערער נסיון, כ'וועל חלילה נישט קאָנען ביישטעהן"...

— בים—בי—בים, יאָח, באָם—באָם—באָם!...

דער רבי האָט זיך פּלוצים אַ שטעל־אויף געטהון און פֿאָכענדיג מיט דער „תנאים" אין האַנד, האָט ער מיט אַ ווייך געבעט־שטימע אָנגעהויבען:

— קום־ושע אהער, בחור — האָט ער זיך צו מרדכי'לען געווענדעט — און גיב מיר תקיעת־כּף, דאָס מהיום והלאה וועסטו פֿערלאָזען דעם פֿאַלשען וועג, וואָהין די ביזט מיט'ן כח פֿון יצר־הרע, רחמנא ליצלן, פֿערבלאָנדזשעט; דו ווייסט דאָך, אַז במקום שבעלי־תשובה עומדין... זיי ושע, בחור, אַ חוזר בתשובה און קעהר דיך אום צוריק אויפֿ'ן דרך־האמת, אויפֿ'ן וועג, וואו דיינע אָבות זיינען געגאַנגען...

דער רבי האָט אַ ווײַלע געשוויגען און ווײַטער געזאָגט:

— אַ בשר־ודם איז דאָך נאָר דער גאַנצער מענש, אין צדיק בארץ אשר לא יחטא... אַז מען זעהט אפֿילו בעין, דאָס אַ יוד זינדיגט, דאַרף מען אויך אויף איהם מלמד־זכות זיין: „זעהסטו, אַ תלמיד חכם האָט געזינדיגט ביי טאָג, זאָלסטו ביי נאַכט נישט מעהר מהרהר זיין אויף איהם, דען מן הסתם האָט ער תשובה געטהון"... און באמת, דאַרף מען דאָך אויף דיר מלמד־זכות זיין, אַ יונגעל איז אַ קל־הדעת, דער עמוד־האמונה איז נאָך ביי איהם נישט נתחזק געוואָרען כראוי... נו, קומט, רחמנא־ליצלן, דער יצר־הרע און שלעפּט איהם חלילה פֿון דרך־האמת אַראָפּ...

און דער רבי איז נעהנטער צו מרדכי'לען צוגעגאַנגען און איהם די האַנד אויסגעשטרעקט:

— זעה, אַלע זענען דאָ עדות. נאַ, בחור, און גיב תקיעת־כּף, דאָס די גיבסט דעם דרך־השקר פֿערלאָזען, דאָס מהיום־והלאה וועסטו געהן אויפֿ'ן וועג פֿון דיינע אבות... נאַ, בחור, טהו תשובה...

אַ רגע איז שטיל געוואָרען. אָנגעשטרענגט האָבען אַלע דעם אָטעם אײַנגעהאַלטען און מיט שרעק צו דער זייט פֿון מרדכי'לען

געקוקט. נאָר מרדכי'לע האָט זיך פֿון אָרט ניט געריהרט. טיפֿע זענען די קנייטשען אויף זיין שטערען געוואָרען, די אויגען צו דער ערד אַראָבגעלאָזען. עטליכע מינוטען איז אַזוי דעם רבינ'ס האַנד אין דער לופֿט געהאַנגען, ווי זי וואָלט אויף אַ תשובה געוואַרט...

— נו!?... — האָט דער רבי פּלוצים שטרענג אויסגערעדט.

נאָר תיכף האָט זיך מרדכי'לע גלייך אַנטקעגען דעם רבין געשטעלט, זיינע אויגען, וואָס זענען אויף'ן רבין געווען געווענדעט, האָבען זיך ווי אָנגעצינדען, זיין פּנים האָט געפֿלאַמט און מיט אַ שאַרפֿע שטימע, האָט ער אַרויסגערעדט:

— ניין, רבי! איך דאַרף קיין תשובה נישט טהון... איך האָב גאָרנישט, גאָרנישט געזינדיגט... איך וויטער, רבי, וועל איך אויף דעם זעלבען וועג, ווי ביז איצט, געהן...

שטיל איז געוואָרען. אַלע האָבען זיך דערשראָקען איבער-געקוקט.

— שווייגען!! — האָט דער רבי פּלוצים אַ געשריי געטהון און באותו הרגע, האָט ער די „תנאים" אויף שטיקלעך צוריסען...

אַלע זענען ווי פֿערשטיינערט געבליבען אויף זייערע ערטער זיצען און מיט פֿערגליווערטע אויגען געקוקט אויף דער פּאָדלאָגע, וואו ס'האָבען זיך געוואַלגערט די שטיקלעך פּאַפּיער פֿון דער צו-ריסענער „תנאים". קיינער האָט קיין געשריי ניט אַרויסגעלאָזען, קיין זיפֿץ ניט געגעבען. שטום האָבען אַלעמענס אויגען געקוקט, ווי ס'וואָלט ניט קיינער בעגרייפֿען, וואָס דאָ איז אַזעלכעס געשעהען...

איינציגווייז נאָר, האָט יעדער פֿון זיינע פֿערשטיינערטע גע-פֿיהלען געגומען ערוואַכען. מען האָט אָנגעהויבען צו-זיך צוקומען, בעגרייפֿען דאָס געשעהענע. האַרצרייסענדע קרעכצען און „אוי"-געשרייען האָבען זיך געלאָזט הערען איבער'ן אַלקיר. דער חאָשטינער רבי איז פּלוצים אויפֿגעשפּרונגען פֿון זיין אָרט און פֿעסט אָנגענומענדיג דעם צווייטען רבין, דעם מחותן, ביי דער גאַרטעל, האָט ער מיט אַ טרעהרען-געשטיקטע קול אויסגעשריען:

— מחותן, וואָס האָט איהר געטהון?!

נאָר דער מחותן, דער נ.-ער רבי, איז אַנ'אויפגערעגטער איבער'ן אַלקיר אַרומגעלאָפֿען און עטליכע מאָל איבערגע חזרט:

— זייט נישט מתרעם... אַזוי האָט עס געמוזט זיין!... איך האָב יוצא געווען. מיט דין און מיט רחמים האָב איך געפּרובט...

איך האָב מיינם געטהון אין — אַזוי איז נגזר געוואָרען!... אין הימעל וויל מען אַזוי!...

דער חאַשטשינער רבי איז דעם מחותן איבערן אַלקיר נאָכגעלאָפען, נישט אָבלאָזענדיג די האַנד פון זיין גאַרטעל און מיט אַ קול־תחנונים האָט ער נישט אויפגעהערט צו בעטען:

— מען טאָר נישט אַזוי, מחותן!... שמאל דוחה ויבין מקרבת דאַרף זיין!... מחותן, מען טאָר נישט אַזוי!... ס׳הייסט דאָך, חלילה, מדחה געווען בשתי ידים!... זייט זיך נאָך מיישב, מחותן! ס׳הייסט דאָך, השם־ישמרני, פערשטויסען בידים אַ נפש מישראל!..

דער נ.־ער רבי האָט ניט געהאָלט נאָכגעבען:

— וואָס ווילט איהר פון מיר, מחותן? וואָס ווילט איהר? געגוג גרוים איז אַזוי אויך דער פירעניות!... השם יתברך איז אַ יודע את האמת, דאָס עס איז מיר נישט ניחא געווען. כ׳האָב געפרובט אויף רעכטס און אויף לינקס און — וואָס ווילט איהר פון מיר, מחותן? אייער בחור איז אַנ׳עומד במרדו... מעהר קאָן איך שוין נישט, כ׳קאָן שוין נישט מעהר, מחותן!...

אַ רגע איז שטיל געוואָרען. די חאַשטשינער רביצין האָט זיך אויפגעהויבען פון איהר אָרט און מיט פערוויינטע אויגען איז זי צו איהר זוהן מרדכי׳לע צוגעגאַנגען און די הענד פערבראָכען:

— מרדכי׳לע — האָט זי מיט אַ פערשטיקטע שטימע געבעטען — וואוהין האָסטו פערבלאָנדזשעט? מרדכי׳לע...

נאָר גאָר אונערוואַרטעט האָט זיך מרדכי׳לע פעסט אין זיבער ענטקעגען די רביים אַוועקגעשטעלט, זיינע אויגען האָבען מיט נאָך מעהר פייער געפלאַקערט, און הויך און שאַרף האָט זיין שטימע געקלונגען:

— תשובה טהון, הייסט איהר מיך? צוריק־קעהרען פון דעם פאַלשען וועג, אויף וועלכען איך האָב פערבלאָנדזשעט, צוריק אויפ׳ן דרך־האמת, אויפ׳ן וועג, וועלכער פיהרט אַהין, אַהין אין די רבי׳שע „הויפען“?...

וואָס קאָנען זיי מיר אַייערע „הויפען“ געבען? דאָס שענע, דאָס הייליגע איז שוין פון דאָרט לאַנג פערשוואונדען. איצט בלאָזט דאָרט אַ קעלט פון די ווינקלען, פערוועלקט האָט אַלעס און עס פוילט, ווי די הערבסט־בלעטער... און צינדט זיך ווען־ניט־ווען אין דאָרט אַ התלהבות־פונק, אַ שירש פונם הייליגען פייער פון אַ מאָל,

אַמאָל... אין פֿערוואַנדערט ווען-ניט-ווען דאָרט אַהין אַ חסידישער קלאַנג: ווי טאָן, אַ גלגול פֿונ'ם אַלטען הייליגען נגון פֿון אַמאָל, אַמאָל... — ווערט עס באַלד פֿערלאָשען, ווערט עס תיכף פֿערשוואונדען. בלענדענד איז דאָס פֿייער — עס וואַרימט שוין נישט מעהר... פֿאַלש זענען די טענער, געקינסטעלט — דער עקסטאַז אין דער חסידות-ברען... „די מילגרוים איז אויפֿגעגעסען געוואָרען, געבליבען איז נאָר די שאָל“... פֿונ'ם תוך, איז שוין לאַנג קיין זכר נישט געבליבען, געבליבען איז די קאַלטע אויסערליכע פֿאָרם, אָהן האַרץ און נשמה, קאַלט און טרוקען מיט נאָכגעמאַכטע תנועות...

— שווייג!... האָט דער רבי איבערגעשריען.

— אוי לאזנים!... — האָט זיך אַ צווייטע נידעריגע־שלאָגענע שטימע דערהערט.

בײדע „גוטע ידען“ זענען בלאָס און אויפֿגערעגט אויף זייערע ערטער געשטאַנען און מיט שרעק זיך אויף אַלע זייטען אַרומגעקוקט, ווי זיי וואָלטען זייערע אויערען נישט געגלויבט. נאָר מרדכילע האָט ווייטער גערעדט:

— קאַלטע, וואָכעדיגע האַנדעל-ידען קומען צום רבי'ן אין „הויף“ צופֿאָהרען, טהוען זיך די בגדי־שבת אָן און זענען זיך אין דער קדושה מתדבק... שטעהט דער זייטיגער מענש, דאָס אינגעניטע אויג, אין דרויסען, און זעהט ער דאָס — ווערט ער נתפעל, בעקומט ער דרך־ארץ פֿאַר'ן „הויף“ און פֿאַר די, וואָס זענען געקומען אין „הויף“ צופֿאָהרען. התלהבות זעהט ער, דבקות, די ידען — זעהט ער — האָבען די וואָכעדיגע וועלט פֿערלאָזען און האָבען זיך דערהויבען אין אַנאַנדערע, אין אַ הייליגע וועלט — שקר איז דאָס אָבער, שקר מוחלט! פֿאַלש איז דער התלהבות, מעכאַניש איז דער עקסטאַז. קאַלטע, וואָכעדיגע ידען זענען דאָס, גראָשענדיגע קרעמערס, וואָס קאָנען זיך אויף איין מינוט אַפֿילו נישט בעפֿרייען פֿון זייער „האַנדעל-וואַנדעל“; ביי אַזעלכען איז דאָס חסידות נישט מעהר, ווי אַ מין משא-ומתן, פֿון וועלכען ער וועט — ווי ער גלויבט — „קרעמערשע“ נוצען ציהען... אין „הויף“ קומט ער צופֿאָהרען, אַ פדיון גיט ער דעם רבי'ן, ווייל שטעלט ער ביים טיש, בלויז נאָר דערפֿאַר, ווייל ער האָפֿט, דאָס זיינע הוצאות וועלען איהם מיט פּראָצענט אומגעקעהרט ווערען... דאָס און דעם זכות וועט אין זיין קראָם די שפע נתרבה ווערען, פּרנסה בריוח וועט ער האָבען... מיט קינדער, זרע של

קיימא, האָט ער געהאָלפֿען הערען.... נתרפא װערען װעט דער חולה בײַ אים אין דער־הײם... צו זײַן טאָכטער, די בוגרת, װעט מזדמן װערען אַ שדוך הגון... קרעמער, גראָשענדיגע יודען זענען דאָס װילען פֿאַר װײַער געלד „מופֿתים” קויפֿען..

מרדכילעס װערטער זענען איבערגעריסען געװאָרען פֿון צאָרנדיגע אויסגעשרײען:

— שטיל, מחוצף! לשון־הרע אויף כלל־ישראל רעדסטו!... עוכר־ישראל!...

— אוי לאזנים!.... קריעה דאַרף מען רײַסען!...

— װעה, װעה, גאָט האָט אַ פֿײַער אויף אונז אַראָפּגעשיקט... װעה, װעה, װער זאָל זיך אויף אַזעלכעס ריכטען?... װי קומט צו אַזאַ כשר קינד אַזעלכע װערטער!... אַ צאָרן פֿון גאָט!... — האָבען די רביצינס געחליפֿעט.

די „גוטע יודען” האָבען פֿערצװײַפֿעלט די הענד פֿערשפּרײט און געקוקט מיט ערשטוינונג אַרום זיך, װי זיי װאָלטען נישט געגלויבט, דאָס אין זײער געגענװאַרט זאָל אַ רבי'ש קינד אַזעלכע װערטער רעדען. די רביצינס זענען געזעסען מיט פֿערבראָכענע הענד און נידערגעשלאָגען זײערע קעפּ אַראָפּגעהאַלטען.

מרדכילע, װי ער װאָלט זיך שוין פֿון לאַנג צו דעם מאָמענט, צום קאַמפּף, געגרייט, איז אונגערשראָקען אויף זײַן אָרט געשטאַנען. הויך האָט ער דעם קאָפּ געהאַלטען, גלײַך האָבען זײַנע אויגען געקוקט אויף אַלעמען און װען דער שטורם, װאָס ער האָט מיט זײַנע פֿריהערדיגע װערטער אַרויסגערופֿען, איז אויף אַ רגע אײַנגעהאַלטען געװאָרען, האָט ער גלײַך װײַטער מיט דעם זעלבען שאַרפֿען טאָן אָנגעהויבען:

— „גוטע יודען”! כגלויב אין אײַך, אין אײַער צדקות, אין אײַער יראת־שמים, אָבער נאָך מעהר — אין אײַער תמימות... נאַאיװע און תמימים זענט איהר. חסידים אַליין זענען דאָס מודה און ריהמען אײַך דערמיט. דער גרעסטער שבח װעלכען מען װיל אַמאָל אויף אַ „גוטען יוד” דערצעהלען, איז, דאָס „ער קען קײַן צורת־מטבע נישט”... נאַאיװע און תמימים, שטענדיג אין „הויף” אָבגעזונדערטע, שטענדיג אין די ד' אמות פֿון חדר מיוחד פֿערשלאָסענע — װי אַזוי זשע קענט איהר די מנהיגים פֿון גאָטעס עדה זײַן? אין דרויסען שטורעמט דאָס לעבען; צו איהר װילט

צו איהר ווילט ניטט — נײַע חלומות וועבען זיך, נײַע פֿאָדערונגען ווערען פֿון לעבען אַרויסגעשטעלט, און איהר? — אַהין אין אײַערע פֿערצײַמטע מחיצות, אין אײַערע אָנגעשלאָפֿענע חדרים ־דערנײַכט עס ניטט!... אַלט איז אײַער וועג, שוואַך זענען אײַערע מיטלען, מיט וועלכען איהר רעכענט די קײַט פֿון דער טראַדיציע אויף ווײַטער צו ציהען; אָרעם איז אײַער שפּײַז, אויסגעטריקענט איז אײַער קוואַל — עס קען דער יונגער דור ניטט מעהר פֿון איהר זײַן גײַסטיגען דורשט שטילען...

— מחוצף!

מרדכי׳לע האָט זיך ניטט אָפּגעשטעלט:

— אמת, אַ „מחוצף" בין איך דערמיט, וואָס איך האָב ענדליך געפֿועל׳ט בײַ זיך און געהאַט דעם מוטה אָפֿען אַרויסצוזאָגען דאָס, וואָס איך דענק און פֿיהל — יאָהרען־יאָהרען לאַנג האָב איך, אמת, דעם דאָזיגען מוט ניטט געהאַט, געשראָקען האָב איך זיך, מורא האָב איך געהאַט פֿאַר אײַער צאָרען און נקמה־פֿײַער, וואָס איך וועל מיט מײַנע אָפֿענהערציגע ווערטער צופֿלאַקערען... יאָהרען־יאָהרען לאַנג האָב איך, אמת, געמוזט אַ צבועק זײַן; מיט אַ פֿרום־פֿערמאַסקירט פּנים האָב איך מײַנע גאַנצע ימי־בחרות אין „הויף" פֿערבראַכט, געגאַנגען אויף דעם אַלטען, שמאָלען וועג, וואָס הויבט זיך אָן אין „הויף", און ענדיגט זיך אין „הויף"... ענג איז מיר די לופֿט געווען, שווער — דער אָטהעם. דאָרט אין מײַן אײַנזאַמען אָפּגעזונדערט חדר האָב איך די טעג און נעכט פֿערבראַכט, אַלײן מיט זיך און מיט די אַלטע ספרים פֿלעגט זיך אין מיר דאָס האַרץ צונויפֿדריקען, ווען קאָפּ האָב איך הורל׳ן פֿענסטער אַרויסגעשטעקט און כ׳האָט זיך מײַן האַרץ געריסען אַהין, אַהין אין פֿרײַערע ברייטערע וועלטען, דאָרט וואו עס שטראָמט גאָט׳ס פֿרישער קוואַל און הויפּט די גײַסט־דאָרשטיגע צו זיך!

און מרדכי׳לע האָט ווײַטער גערעדט:

— יאָ, איך האָב ענדליך אין זיך דעם מוט געפֿונען אָפֿען מײַנע געדאַנקען אַרויסצוזאָגען. פֿיעל, פֿיעל זענען אָבער פֿאַראַן פֿון יונגען דור, אין דער חסידישער מחנה, וואָס זענען שוואַך און שרעקען זיך זייערע אינערליכע פֿערבאָרגענע געדאַנקען צו ענטפּלעקען. מיט צבועות־פּנימ׳ער און פֿאַלשען גלויבען געהען זיי אויפֿן וועג פֿון די טאַטעס־חסידים... קײַן מוט און קרעפֿטען האָבען

זיי נישט אַרױסצורײַסען זיך און דאָס אינערליך איבערצייגט־האָרט אױסצושרײַען. און מיט פֿערמאַסקירטע תּנועות, בעוועגט לויט'ן פֿרעמדען ווילען, בעהערשט פֿון פֿרעמדען רצון, ווערט גאָר פֿריה זייער לעבען פֿערוואָגעלט, שטאַרבט אַ יאָהר נאָך אַ יאָהר אָב, טראָגענדיג אין זיך פֿערבאָרגען דעם אומענדליכען שמערץ און אַ האַס צו דער גאַנצער סביבה אַרום... און געפֿינט זיך ווען איינער, וואָס קאָן שוין מעהר דעם שמערץ אין האַרץ נישט דערטראָגען, פּרובט ווען אַזעלכער זיין אינערליכע אונצופֿריעדענהייט אױסדריקען, דאָס פֿרײַערע וואָרט אַרױסצוזאָגען — דאַן ברעכט־אויס אַ ווילדער שטורם איבער דיין קאָפּ, ווערט ער שיער נישט פֿערברענט פֿון דעם צופֿלאַקערענדען קנאה־פֿייער, און — אַנטלױפֿען מוז ער פֿון אייך, איהר אַליין שטױסט איהם מיט אייערע הענד אָב, אַנטלױפֿען אַהין — פֿון וואַנען ער קומט שוין מעהר צו אייך ניט צוריק!...

— איהר זעהט נישט, איהר בעמערקט נישט, אייערע „היפּען" זענען מיט צביעות און פֿאַלשקייט איבערגעפֿולט. צווישען דעם יונגען דור „גוטע יודען", וואָס האָבען די יחוסה און די „שטוהלען" פֿון זייערע אָבות איבערגענומען און זענען מנהיגים פֿון גאַנץ עדה געוואָרען, געפֿינען זיך איצט פּועל אַזעלכע, וואָס אין זייערע פֿרי־הערדיגע יאָהרען, איידער זיי זענען מנהיגים געוואָרען, האָבען זיי אַנדערע געדאַנקען געטראַכט, אַנדערע חלומות געוועבט, וואָס האָבען בחדרי־חדרים עוסק געווען אין דעם, וואָס איהר הײסט „ספרי־מינות"... נאָר קיין מוט האָבען זיי נישט געהאַט, שוואַך זענען זיי געווען, און אַז הערנאָך איז דער טאַטע, דער רבי, נסתלק געוואָרען, די „שטוהל" איז לעדיג געבליבען, האָט זיך דער חשק צו דער ממשלה און הערשאַפֿט אין זייערע שוואַכע הערצער דערוועקט; די תאוה נאָך כבוד, דער אונגעהייערער לוסט צו ווערען מנהיגים פֿון טויזענדער יודען, האָט זיך אין די האַרטע הערצער צופֿלאַקערט, און פֿערטריבען די אַנדערע געפֿיהלען און זיי... פֿאַלש זענען זיי געוואָרען זייערע אייגענע איבערצייגונגען און אינגאַנצען איינגעהילט אין צביעות. דיצען זיי ביזן היינטיגען טאָג אויף זייערע יחוסה־שטוהלען און פֿאַרזיצען די ממשלה, לערנען זייער עדה דעם דרך־האמת, אויף וועלכען זיי זאָלען געהן און, אום די „הערשאַפֿט" ביי זיך נאָכמעהר צו פֿערפֿעסטיגען, רודפֿן זיי דעם יונגען פֿרייערען דור עד חרמה...

— און איהר — האָט ער נאָך אַ רגע שטיל־שווייגען הינטער־

אָנגעהויבען — איהר „גוטע יודען" פון אַלטען דור — אין הייליגע ביגלויב אין אייער צדקות און תמימות — זיצט דאָרט אין די די אמות פערשלאָפען. און איהר זעהט נישט, איהר ווייסט נישט, מיט וואָס אייער „הויף" איז איבערפילט. איהר ווייסט נישט, דאָס איהר זענט אַרומגערינגעלט מיט אַ גאַנצע מחנה צבועים, חנפים, אינטריגאַנטען, רכילות־טרעגער, פאַלשע בהאים, ביי וועלכע איהר זענט נישט מעהר ווי אַ בלינד וועקצייג אין זייערע הענד — און — איהר דינט זיי פאַר אַ כסות־עינים צו פיהרען זייערע אינטריגעס און היטרע עסקים, אין וועלכע איהר ווערט, אָהן אייער וויסען, אַריינגעשלעפט און עס ווערט אַלץ אין אייער נאָמען אָנגעטהון...

נאָר — — ווייטער האָט שוין מרדכי׳לע נישט געקענט רעדען. אַ גאַנצע צייט האָבען זיך די „גוטע יודען" אָנגעשטרענגט איינצוהאַלטען זייער שרעקליכע אויפרעגונג. נאָר מעהר האָבען זיי זיך שוין ניט געקאָנט בעהערשען און מיט אַמאָל האָט אַ שטורם פון געשרייען אויסגעבראָכען: פראָטעסטען און וועה־געשרייען, זידלערייען און קללות האָבען דעם אַלקיר אָנגעפילט, די געשרייען האָבען זיך אין די ווייטערע צימערען דערטראָגען און אַלע האָבען פון אימה געציטערט.

— עוכר־ישראל! — האָט מרדכי׳לעס פאָטער, דער חאַשטשינער רבי נישט מיט זיין קול געשריען און אַלע זיינע איברים האָבען פון אומגעוועהנליכע אויפרעגונג געציטערט — רשע! מען טאָר מעהר אין דיין פנים נישט קוקען!... גיי פון אונז! אַ מגדף, אַ לעסטערער ביזטו, האָסט נישט מעהר קיין חלק אין אלקי ישראל!... גיי, מען טאָר מעהר אין דיינע ד׳ אמות ניט שטעהן! גיי! פערלאָז אונז!...

מרדכי׳לע איז אַ ווילע געבליבען שטעהן ווי צומישט און די אויגען צו דער ערד אַראָפּגעלאָזען, נאָר באַלד האָט ער זיך אַ חאַפּ געטהון און עפענענדיג מיט רעש די טהיר פון אַלקיר איז ער געשווינד אַרויס, אויסשרייענדיג:

— איך גיי! איהר אַליין פערשטויסט מיך, ווי איהר פערשטויסט פיעל אַנדערע!....

— איך גיי! — האָט ער אויסגעשריען און צוגעקלאַפּט די טהיר הינטער זיך.

— איך... און איך... — האָט זיך דערהערט פון דער פאָדער־

שטיב רבקה'לעס טרעהרען-געשטיקטע שטימע, וועלכעס איז פער-
גאנגען אין א היסטעריש געוויין.

* *
*

א טאג איז פאראיבער.

דער חאשטשינער רבי און די רביצין זענען מיט פערקלעמטע
הערצער צוריק אהיים געפאהרען, געזעגענענדיג זיך שטום אהן ווער-
טער, ווי בשעת מ'גיעהט פון אנאבלים הויז ארויס...

נאר דער נ.-ער „הויף" איז נאך פערבליבען. דער רבי איז
כמעט א גאנצען מעת-לעת אין א בעזונדער חדר געזעסען פערשלאסען.
הסידים האבען זיך געדרעהט אין די פאדער-שטובען אריין און
ארויס; געשמעקט, געניזעט, געגנב'עט א בליק דורכ'ן שליסעל-
לאך און געהויבען מיט די פלייצעס: נאך וואס איז דער רבי אהער
געקומען און אויף וועמען ווארט ער נאך דא?..

און גאר פלוצים האט זיך די טהיר פון חדר-מיוחד געעפענט
און דער רבי האט בעפעהלען, די רביצין מיט לייבעלע און דבורה'לעס
עלטערען זאלען אריינקומען.

און א מורא איז ממש געווען דאן אויפ'ן רבי'ן א קוק צו טהון:
הין און צוריק, הין און צוריק איז ער איבער'ן אלקיר געלאפען און
א ניגון האט ער געברומט, אז עס האט ס'הארץ געריסען... דאס
פנים האט געברענט, די אויגען — געפלאקערט, און אינגאנצען
איז ער צו א שטיק פייער געגליכען געווען — פחדים!...

און דערנאך האט ער זיך א שטעל-אנידער געטהון ביים טיש,
האט מיט די הענד ארויף און אראב געווארפען און עפעס שטיל צו-
זיך געברומט און געטענה'ט, ווי ער וואלט צווישען זיך און מיט
זיך א שקלא-וטריא געפיהרט, מיט זיך אליין מלחמה געהאלטען...

און פלוצים האט דער רבי מיט ביידע הענד זיך אן די
קאנטען פון טיש אנגעהאלטען און, גובר-זייענדיג זיך אליין, האט
ער אויסגעשריען:

— ובערת הרע מקרבך!... ריין מוז דעם צדיק'ס הויז זיין!
אהן א פגם, אהן א פגם... לאז'מען זי אהער-רופען!...

אלע זענען געבליבען זיצען מיט שטאר-פערגליווערטע אויגען
און אין דער שטילער אימה האט זיך געהערט דאס קלאפען פון די
טרייסלענדיגע איברים...

אין ווען דבורה'לע איז אין צימער אריין און איז אינגאנטשלאָסען געבליבען שטעהן אין ווינקעל, האָט די מאַמע, שיינדעלע, זיך געפּרובט צו פערחליפּען און מיט אַ וויינענדיג קול האָט זי אויסגעבראָכען:

— טאָכטער! בערעכען זיך, וואָס דו מהוּסט...

נאָר דער רבי פון נ. האָט זיך צאָרנדיג אויפגעשטעלט, איז צוגעלאָפען צו דער טהיר און האָט דעם משמש גערופען:

— געה אין ברעג, תיכף, זלמן-איטשע דעם סופר אהער!...

די גאַנצע צייט איז לייבעלע קעגענאיבער אין אַ צווייטען ווינקעל געשטאַנען, געוואָרפען יעדעס מאָל אַ נישט-הרייסטען בליק אויף דבורה'לען און פון זיינע אויגען האָט אַ טרעהר נאָך אַ טרעהר זיך אַראָבגעלאָזט.

— פאַר-וואָס?... — האָט ער געטראַכט און די סבה געזוכט — אזא צנועה, אזא פרומע יודישע טאָכטער, וואָס האָט זיך געשעמט מיט מיר אַ וואָרט צו רעדען... און איך האָב דאָך איהר אזוי... איך בין דאָך צו איהר אזוי צוגעבונדען געוועזען...

קיינער, נישט זיינע עלטערען, נישט דבורה'לע, האָבען זיינע טרעהרען בעמערקט.

זלמן-איטשע דער סופר איז געקומען און די זאַך איז געשעהען.

טרעהרען האָבען זיך געגאָסען פון דעם שטילען, פרומען לייבעלע, בשעת ער האָט דעם גט אין דבורה'לעס האַנד דערלאַנגט. קיינער אָבער האָט זיינע טרעהרען נישט בעמערקט. קיינער האָט נישט געזעהען, וואָס אין זיין האַרץ קומט-פאָר...

---

טעג נאָך טעג זענען פאַראיבער און וואָכען נאָך וואָכען.

אין צער און טרויער זענען די „הויפען" געהען איינגעהילט אין, פאַרזיכטיג פון פרעמדען אויג און אויער, האָבען זיי שטיל געיאָמערט אויף דעם חורבן פון דער הייליגקייט.

פון דרויסען האָט זיך, אמת, קיין זאַך נישט געענדערט: חסידים זענען זיך, ווי תמיד, צו דער צייט אין „הויף" געפאָהרען; ווייבער האָבען זיך טאָג-איין טאָג-אויס אינ'ם קליינעם בית-המדרש

גע׳שטופּט, די קעפּ צונויפגעהילט און פּאַטשיילעס, און די הענה קוויטלעך מיט „ח״י“ געהאַלטען און אויף אַ ברכה און גוטע עצה פון צדיק געוואַרט; ס׳איז מיט קיין שום זאַך ניט נשתנה געוואָרען: יודעל דער קוויטעל-שרייבער איז זיך, ווי תמיד, ביי זיין טישעל געזעסען פענסטער געזעסען, די ציגאַר אין מויל געצויגען און בייז און שטרענג יעדעס מאָל זיינע בליקען אויף די ווייבער געוואָרפען; משה-מרדכי דער אַלטער משמש האָט זיך חייטער, ווי זיין שטייגער, הין און צוריק איבער׳ן „הויף“ אַרומגעשפּאַציערט, געפּיפּקעט לאַנגזאַם די לולקע, אַרומגענומען אַלץ מיט זיינע דורכדרינגענדע בליקען און שטיל פאַר-זיך געוואָרטשעט, כאַבענדיג אַ חשבון פון די „לעצט-געלדער“... ניין, פון דרויסען איז קיין שום שנוי נישט קענטיג געווען. די „טישען“ האָבען זיך „געפיהרט“, חיין האָט מען געשטעלט, תורה איז ביי יעדע סעודה, פאַר׳ן פליייש, געזאָגט געוואָרען; איז אַ יום-טוב אָדער אַזוי אַ חשוב׳דיגער שבת געקומען, זיינען חסידים אַ רקודל געגאַנגען און אין דער קדושה האָט מען זיך מתדבק געווען...

דער פּנים אָבער איז שוין גאָר נישט דאָס, וואָס אַמאָל געווען. „חבל על דאבדין, וועה צו דאָס שענע, וואָס האָט אַזוי גיך פערחעלקט... וועה, די שכינה האָט זיך פון דאַנען אָבגעטהון!...

וואָרום הייל איז געוואָרען די פּרוכט: ס׳פעהלט דאָס „דאַרץ“ נאָר די שאָל איז געבליבען...

*

•

נאָך האַלבער נאַכט, ווען די חסידים פון חאָשטינער רבינ׳ס „הויף“ צוגעהען זיך אויף די אכסניות, אָדער זיי זיצען אויף די פּוהרען און „ביידלעך“, וועלכע שלעפּען זיך לאַנגזאַם און מאָנאָטאָנע איבער וועג און שאָסייען, ווען עס הערשט דער „הויף“ און פּונ׳ם שוואַך-באַלויכטעטן בית-המדרש טראָגט זיך אַ בענקענדער נגון פון אַ פערשפּעטיגטען מעריב, אָדער אַ מעלאַנכאָליש-טרויעריגער קול-תורה, וואָס רייסט-דורך די נאַכט-שטילקייט און מאַכט ציטערען די לופט... — דאַן האַלט-איין דיין אָטעם, מיט שטילע, שטילע טריט פערגינב׳ע זיך הורל׳ן גאָרטען, אַהין, וואו עס געדט-אַרוים דאָס פענסטער פונ׳ם רבינ׳ס חדר-המיוחד, שטרענג-אָן דיין בליק הורך די

שפּאַלטען פֿון די לאָרענס אין בערערשט דעם וועה־קרעכץ, וואָס וויל זיך פֿון דיין האַרץ אַרויסרייסען.

הינקעל בריינגט די לאָמפּ אין רבינ׳ס חדר. מיט שרעק צו־וויגען זיך די שאָטענס אויף די ווענד, און אַ ווינקעל אויף דער ערד זיצט דער רבי, און אַ זיבען חאַלאַט איינגעהילט; וועה: די קלאַפּע פֿינ׳ס האַלאַט איז איינגעשניטען, די איז דורכגעריסען מיט אַ „קריעה״־ציכען... מיט אַש איז דעם רבינ׳ס קאָפּ בעשיט און אַראָבגעביגען איז דער קאָפּ און צוזאַמענגעדריקט צווישען זיינע ביידע הענד. און אַנ׳אימה שוועבט איבער דעם חדר, איינגעהילט אין די נאַכט־שאָטענס, וואָס בעוועגען זיך אַזוי מוראדיג און ציטערען אויף די ווענד... און ציטערנדיג הויבט זיך לאַנגזאַם אויף דעם רבינ׳ס קאָפּ און זיינע שטאַרקע פּערגאַמענטענע אויגען קוקען מיט׳ן לאַנג אַרום זיך, און ווערטער, אָהן בעוועגונג מיט די ליפּען, מעהר נישט. דער קאָפּ שאָקעלט זיך לאַנגזאַם און בעוועגענד אַרויף און אַראָב, אַרויף און אַראָב, און דאָס מאַכט נאָך שווערער און דריקענדער די אימה־שטילקייט אין חדר. וועה: פֿאַר דער צייט פֿערעלטערט איז דער קאָפּ. גראָ איז די באָרד געוואָרען...

און וועה: עס ווערען דעם רבינ׳ס אויגען מיט טרערען אָנגע־גאָסען, אַ האַרצרייסענדער יאָמער רייסט זיך אַרויס פֿון זיין ברוסט און אַ טרויעריגער ניגון, פֿיל מיט בענקשאַפֿט, ציהט זיך איבער דעם אימה׳דיגען חדר. דער רבי קרעכצט און זיפֿצט, ווי דער בת־קול, וועלכער בראָכט ערשט, ווי אַ טויב אויף דעם באַרג הורב: „וועה צום פֿאָטער, וואָס האָט פֿערטריבען זיינע קינדער, און וועה איז צו די קינדער, וואָס זענען פֿערטריבען געוואָרען פֿון זייער פֿאָ־טערס טיש״....

דאָס קלאָגט דער רבי און יאָמערט אויף זיין „פֿערשט ישׂראל״ מרדכי׳לע, וועלכער האָט דעם „הויף״ פֿערלאָזען, און גאָט ווייסט — וואוהין? און וואָס איז מיט איהם געוואָרען?

— וואוהין האָט איהם דער פֿערבלאָנדזשעטער וועג פֿון יצר הרע פֿערשלעפּט?...

און דעם רבינ׳ס אויגען פֿאַלען אויף דער קלאַפּע פֿון זיין זייטען חאַלאַט, וועלכער איז געצייכענט מיט אַ „קריעה־ריס״, אַ צו־

כען, דאס ער האט איהם שוין לאנג פון הארצען ארויסגעריסען, זיך מייאש געווען און ווי א מת איהם פערדעלעגט... אין עס פרובט זיך דער רבי בעהערשען, גובר זיין, פערגעסען אן איהם און — '— א שטראם טרערען טהוט זיך פלוצים א גאס פון זיינע אויגען:

— דורי־דורות האט זיך דער „הויף" געצויגען, דורי־דורות האט ער, דער „הויף", אונטער די פליגלען פון קדושה און מנוחה געריהט, ביז ס'איז זיין זון מרדכי'לע געקומען און ער האט דעם „הויף" מיט א פגם בעפלעקט, די גאלדענע קייט איבערגעריסען...

עס פליסען די טרערען פון רבינ'ס אויגען, עס רייסט דאס פאטער־הארץ און עס יאמערט דעם רבינ'ס קול:

— „וועה צום פאטער, וואס האט פערטריבען זיינע קינדער, און וועה צו די קינדער, וואס זענען פערטריבען געווארען פון זייער פאטערס טיש"...

* *
*

שפעט נאך האלבע נאכט, ווען עס דרעמעלט דער „הויף" אין נ. און ארום הערשט א שלאף־שטילקייט, הויבט זיך דאן אויף די רביצין שרה'לע פון איהר געלעגער און מיט שטארע אויגען און וועלכע ס'איז שוין לאנג דער טרער פערטריקענט געווארען און מיט פערצווייפעלט־פערבראכענע הענד, לאזט זי זיך לאנגזאם געהן צום צימער, און וועלכען עס שלאפט איהר טאכטער רבקה'לע. פאמעלעך עפענט זי די טיר און מיט אן איינגעהאלטענעם אטעם געהט זי נאהענט צו צו איהר בעט. זי זעצט זיך אוועק אנטקעגען און קוקט זיך איין אויף איהר שלאפענדעס געזיכט, וואס איז בלאס און פערפינסטערט און מיט שרעק אויסגעצאמען.

און די רביצין זעהט און בעמערקט, ווי זי טהוט יעדעס מאל א ציטער אין שלאף און לאזט ארויס א פערשטיקטען זיפץ: דאס הערט זי אין שלאף בעאונרוהיגט פון שלעכטע חלומות...

— ווער בעאונרוהיגט זי? פון וועמען טרוימט זי? וועגען וועמען ווערען די דאזיגע חלומות געוועבט?..

וועה! געלעבט האט א רבי'שע טאכטער רוהיג אין שטעטל, געלעבט, ווי זיין ליעבער נאמען האט געהייסען, ווי דער „הויף" האט

געזיזען... אַ כשרע פֿרומע טאָכטער, וואָס האָט פֿון קיין מחשבות זרות נישט געוואוסט... און פּלוצים האָט גאָט אַ שטראָף אַראָבגעשיקט: אַ שדוך האָט מען מיט איהר געטהאָן און דער חתן איז פֿון עהרליכען וועג אַראָב. אַלע האָט ער פֿערלאָזען אין, בעגלייט מיט דער קללה פֿון בײדע „גוטע־ידען“, די מחותנים, איז ער ערגעץ ווייט אַוועק, אַוועק... און זי, איהר טאָכטער רבקה׳לע? — אַנדערש איז זי געוואָרען, אַנדערע געדאַנקען, אַנדערע געפֿיהלען.. ווי אַ שאָטען געהט זי אין „הויף“ אַרום און וויל אין איהם ניט פֿערגעסען...

— ווע, וואָס איז געוואָרען פֿון אונזערע קינדער, וואָס איז געוואָרען פֿון אונזער „הויף“?

נעהענטער בויגט זי זיך צו צו רבקה׳לעס געזיכט און אַ שטראָם טרערען פֿליסען פֿון איהרע אויגען און פֿאַלען אויף רבקה׳לעס קישען...

* * *

טעג נאָך טעג זענען אַוועק און וואָכען נאָך וואָכען.

און אָוועגד נאָך אָוועגד פֿלעגט די רביצין שרה׳לע צו רבקה׳לען אין צימער אַריין און מיט ווייכע, מילדע רייד צו איהר רעדען:

— טאָכטערשי, „גאָט האָט געגעבען און גאָט האָט צוריק צוגענומען, זאָל זיין גאָט׳ס נאָמען געבענשט“. וואָס ס׳איז געווען — זאָל זיין פֿערגעסען... פֿערגעס, טאָכטערשי, פֿערגעס אָן אַלע נאַרישקייטען און קעהר דיך אום אויפ׳ן רעכטפֿאַרטיגען וועג.

און אָוועגד נאָך אָוועגד פֿלעגט די רביצין שרה׳לע אַרויס פֿון רבקה׳לעס צימער מיט אַ צעוועהטאָגט האַרץ. איינגעשפּאַרט האָט זי זיך, דעם רבינ׳ס טאָכטער: זי ענטפֿערט נישט. שטיל גראָבט זי איין דעם קאָפּ אינ׳ם ווייסען געוואַנד, וואָס זי האַלט אויף דער שויס, פֿון וועלכען זי נייהט העמדלעך פֿאַר אָרימע יתומים, און בענעצט דאָס מיט טרערען...

און אין בעכער פֿון טה׳יער איז נאָך אַ טראָפּען אַריינגעפֿאַלען:

אין „הויף“ איז אָנגעקומען אַ ידיעה, דאָס די ווידערשפּעניגע דבורה׳לע, די געגט׳ע שנור, האָט חתונה געהאַט מיט ברוינשווייגס זוהן, דוד, מיט וועלכען זי האָט זיך געליעבט נאָך פֿריהער, איידער זי איז אין „הויף“ אַ שנור געוואָרען...

— נישטאָ מעהר קיין בושה! — האָט די רביצין שורה'לע מיט אַ צוּבראָכענעם האַרץ געזיפצט — פאַר־ציַיטען וואָלט דאָך וועלכע נישט געקאָנט מעהר די אויגען פאַר מענשען וויַיזען. איצט, השם־ישמרנו, האָט אַ יודישע טאָכטער דעם לעצטען פונק פון חרפּה פערלוירען. געפאַלען זענען מיר. דער גאַנצער דור זינקט...

און דער רבי, דערהערענדיג די ידיעה, האָט זיך אַוועקגעשטעלט בײַם פענסטער, די הענד און די אַרבעל פערשטעקט און געזיפצט:

— נישטאָ מעהר קיין בושה... יענער צד האָט גובר געווען... יענער צד...

---

## .XXII

## די חתונה אין דארף.

אויפ'ן וועג, וואָס פיהרט פון חאָשטין קיין נ., פערקרימעוועט זיך אַ שמאָלער שאָבנע־פּאַס, וואָס ציהט זיך לינקס און אַ ברייטע היים פעלד אַוועק און פון דאָרט בארג־אַרויף דערזעהט זיך דאָס דאָרף ס.

צווישען די אָרימע צו דער ערד־געבויגענע הײַזלעך, מיט שטרויענע דעכער בעדעקט, שטעהט מיט גדלות אַ הויך־שטאָקיג הויז, שען געפּאַרבט. בהרחבה'דיג קוקען אין דער הויך אידרע גאַניקעס איבער'ן ברייטען פעלד אַרום און עס זעהט אויס, ווי דאָס דאָזיגע שענע און שטאָלצע הויז, וואָלט צו זיך אין שוים דאָס גאַנצע דאָרף צוגע־טוליעט.

די מענדעלי לויבלינער, דער יודישער „פּריץ", געהערט דאָס הויז.

ס'איז אַ שנעע־וויַיסע ווינטער־נאַכט. אַלץ אַרום, פעלד און וואַלד, באַדט אין טאָל האָט זיך אין אַנאונענדליך וויַיטע ווײַסקייט אײַנגעהילט. שפּעט אין דער נאַכט איז. יעדעס מאָל אין דער צײַט האָט שוין לאַנג אַ מיעדער ווינטער־שלאָף זיין האַנד אויף דאָרף און

וועג געלעגט. היינט אבער איז עפּעס וואס געשעהען. דער דאָרף האָט זיין בדר-העולם געביטען. ס'איז שוין שפּעט אין דער נאַכט און וואַך איז נאָך דער דאָרף. אין די פענסטער פון די פויערשע „האַלופּ-קעס" בליטשטשען אָרימע פייערלעך אין דער וויטער נאַכט אַריין; פאַר די טהירען שטעהען פויערען און פויערטעס, אין קורצע פעלצלעך אײנגעטוליעט און טיעפע ווינטער-היטלען ביז איבער די אויערען אַראָבגערוקט. אויך זייערע פנימ'ער איז עפּעס אַ שטיק יום-טוב אויסגעגאָסען, רוהיג פּיפּקען זיי זייערע מאַחאָרקע-לולקעלעך, אַלע קוקען זיי מיט אָנגעשטרענגטע בליקען אהין צום גרויסען הויז און שמייכלען.

ס'איז גישט קיין זונטאָג היינט און נישט קיין „חגא". וואָס-זשע איז אַזוינס די שמחה מיט זיי?...

עס שפּאַלט זיך יעדעס מאָל די שווערע נאַכט-שטילקייט דורך סקריפּען, עס גליטשען זיך שליטענס. פערד הירזשען, עס הילכט דער דיקער שניי און סאָפּעט. פאַרענט הויבט זיך אַ שניי-שטויב אין דער ווינד טרייבט דאָס פאָראויס, פאָראויס... נעהענטער קומען-אָן די גלעקלעך-קלאַנגען, וואָס זאָגען-אָן אַ בשורה. דעם דאָרף און וועקען די נאַכט...

עס שטעלען זיך אָב די שליטענס, די וועגענס, נאָהענט ביים גרויסען הויז פון דאָרף. און חסידים אין שווערע פּאַלטאָס און זיידענע טולעפּלעך, אין סאַמעטענע היטלען און אין הויכע שטריימלען קרי-כען פון די וועגען, פון די שליטען אַראָב, טרייסלען פון זיך אָב דעם דיקען שניי, רייבען די געפרוירענע הענד, קוקען זיך אַ רגע איבער'ן דאָרף אַרום און באַלד עפענט זיך אַ טיר, אַ פּאַס וואַרימע ליכט גיסט זיך אַרויס אין הויפען, אַ „שלום-עליכם" הערט זיך און אַ „מזל-טוב" — אַלס ענטפער, און די אָנגעקומענע געסט ווערען באַלד הינטער דער צוריק-צוגעמאַכטער טיר נעלם.

די גאַניקעס און פענסטער אינ'ם גאַנצען הויז זענען מיט ליכט און לאָמפּען באַלויכטען. דעם יודישען „פּריצ'ס" הויז באָדט זיך אין אַ ים פון ליכטיגקייט. עס טראָגט זיך פון אינעווייניג אַ הילכיג טענער-געזאַנג און אינסטרומענטען-קלאַנג. עס ווינקען די בינטען ליכט פון די פענסטער, עס שאַלען כלי-זמר'שע פידלען און טרומיי-

טערם, זיי רופֿען אין דער הייטערער נאַכט, אויף נאָהענט און ווייט:
אַהער קומט, אַהער קומט!...

עס קלינגען די גלעקלעך פֿון די שליטענס, עס סקריפּען די רעדער פֿון די וועגענס. פֿון דערווייטען זעהען זיך יודען פֿוס־געהער, וואָס זעהען־אויס, ווי בעוועגענדע שטיקער שניי. — דאָס קומען זיי פֿון נאָהענט און ווייט, פֿון שטאָדט און דאָרף אַהער, אַהער צו די בעלויכטענע פֿענסטער, און שאַלענדע טענער, וואָס הופּען און דערצעהלען:

— היינט איז אין דאָרף אַ חתונה!

— אַהער קומט, אַהער קומט, ס'איז היינט אַ רבי'שע חתונה!...

---

אויבען־אָן, אין איינעם פֿון די גרויסע צימערען פֿון ר' מענדעלע לובלינער'ס הויז, וואָס איז איצט פֿול געפּאַקט מיט חסידים, בײַם אַ לאַנגען, פֿול מיט ליכט־אויסגעשטעלטען טיש, זיצען די מחותנים, ביידע „גוטע־יודען", דער חאָשטינער רבי און דער רבי פֿון נ. צווישען זיי ביידע זיצט דער חתן, רבקה'לעס חתן, — מרדכי'לע.

חסידים שטופּען זיך, האַפּען זיך אויף טיש און בענק. הענד און גאַרטלען פֿלעכטען זיך איין. ר' מענדעל לובלינער, דער יודישער „פּריץ", לויפֿט זיך בהרחבה'דיג, פֿערטאַראַראַמעט אַרום פֿון איין צימער אין צווייטען און פֿאָרעט זיך. גרויס, אין לשער איז זיין גליק! נישט אין חאָשטין, נישט אין נ., ניין, זיין דאָרף, זיין הויז, האָבען די מחותנים, די „גוטע־יודען", אויסגעקליבען, זייערע קינדער צו דער חופּה צו פֿיהרען!...

עס שטראַהלען אַלעמענס אויגען פֿון שמחה, ס'שיינען די פּנימ'ער פֿון חדוה. אויף טישען און בענק האַפּען זיך חסידים און װענדען זייערע אויגען אַהין, נאָר — װעה־געשריען! צום אויבענאָן האָט מען אַ קוק געטהון און — תיכף װערט די שמחה פֿון די אויגען פֿערלאָ[illegible]ערט די חדוה אויף די פּנימ'ער פֿערגליווערט. קאַלט װערט פּלוצים און אַ שוידער לויפֿט־דורך אין די ביינער: זעה נאָר, ווי טרויעריג און געל ס'זענען די פּנימ'ער פֿון די צוויי בעלי־שמחה, די מחותנים, „גוטע־יודען"!...

ניט אזוי, פיהלט מען, דארף א רבי׳שע שמחה אויסזעהען; ניט צווישען עטליכע צעהנדליג מנינים חסידים ווערט א רבי׳שע חתונה געפראוועט. ניט אין איינגעגעם „הויף“, ניט אינ׳ם אָרט, וואו עס האָבען דורי־דורות קדושה ומנוחה זייער נעסט געהאַט, וועלען היינט די רבי׳שע קינדער אונטער דער חופה געפיהרט ווערען!... אין א פרעמדען דאָרף, וואָס שטעהט ערגעץ פערוואָרפען צווישען וועלדער און פעלדער, ערגעץ ווייט פון וועלט און שטאָדט באַ־האַלטען, ווערט אַ חתונה — וועה־געשריען, א רבי׳שע חתונה, אָב־געשפיעלט!...

חסידים פיהלען דאָס, חסידים וויסען דאָס, און דערפאַר דריקט דאָס איצט אַזאַ שווערע עצבות אויף דער שמחה, דערפאַר זענען דאָס די פנימ׳ער פון די מחותנים, „גוטע־יודען“, געל און טרויעריג. די פרייד אויף די פנימ׳ער פערגליווערט.

חסידים פיהלען דאָס, חסידים וויסען דאָס.

וועה! יענער צד האָט גובר געווען... די „הויפען“, די „גוטע־יודען“ האָבען זיך געמיוט „אונטערגעבען“... מרדכי׳לע, דער חתן, האָט ניט געוואָלט פון זיין נייעם דרך אַראָב... רבקה׳לע, די כלה, האָט זיך אַיינגעקעקשנ׳ט, זי וועט בּיז׳ן גראָהען צאָפּ זיצען... „און די צעדערבּוימער האָט דער פלאַם שולט געווען“, די גרויסע, די שטאַלצע האָבען געמוזט בעל־כרחם זייער הסכמה געבען. מרדכי׳לען האָט מען צוריק־גערופען און די זמן החתונה אָבגעשמועסט... און טיעף האָט יעדער דעם וועהטאָג אין זיין האַרצען געטראָגען, געשעמט האָט מען זיך פאַר דער וועלט... קיינער האָט ניט געוואָלט די חתונה און זיין שטאָדט בריש גלי מאַכען... געשעמט האָט מען זיך, א חרפה איז געוועזען... איז מען אין גלות אַוועק, ערגעץ ווייט זייט אַהער און דאָרף צווישען וועלדער און פעלדער..

און זעהען זעהט מען איצט בעשיינפערליך, ווי שמחה מיט עצבות זענען משמשים בערבוביא, ביידע האָבען זיך צוזאַמענגעמישט, פיהרען צווישען זיך אַ מלחמה און ווילען איינס דאָס אַנדערע גובר זיין...

— היינט מאַכט דער רבי חתונה! און חסידים חאַפּען זיך אויף טיש און בענק, מען וויל התלהבות האָבען, מען וויל זיך אין די

מחותנים, די גוטע־יודען, משמח זיין. פלעכטען זיך הענד און גערטלען איין און מען נעהמט א זמריל זינגען, הויך רייסען זיך די טענער און טראָגען זיך איבער'ן ווייטען דאָרף און פעלד. דאָס וויל מען מיט דעם געזאַנג פערטויבען, פערשרייען די אונגעליכע וועה־זיפצען, וועלכע נאָגען און דריקען... העכער, העכער רייסען זיך די טענער, נאָר אָט פאַלען זיי צוריק אין טיעפען גרונד אַראָב, און באַלד, הערט זיך ווערט דאָס געזאַנג אין א געוויין צוגעהן...

וועה! קאַלטע הענד רייבען זיך — אפשר וועט מען זיך דער־וואַרעמען. מען שלאָגט איין קאַלטען שטיין אָן צווייטען — אפשר וועט מען א פונק אַרויסריפען...

---

כמעט אין בלאַס איז דעם חתן מרדכי'לעס פנים. טיעף, ערנסט און פערטראַכט זענען זיינע שוואַרצע אויגען.

חסידים ציטערען, חסידים שוידערען.

אין דאָרט אינ'ם חתונה־זאַל, וואו עס זיצען די ווייבער מיט די כלה דריקט נאָך מעהר דער טרויער, פרעסט נאָך שטאַרקער די עצבות. בלייך איז דער כלה'ס געזיכט, פונקט ווי די מחותנ'טע, די רביצין, וואָס זיצט נעבען איהר, און אַראָבגעלאָזען זענען איהרע אויגען, ווי זי וואָלט זיך שעמען זיי גלייך צו האַלטען, ווי זי וואָלט איצט איהר פערברעכען געדענקען, און זי האָט חרטה...

טרויעריג, פערוויינט זענען די פנימ'ער, טרערען פינקלען אין די אויגען. שטיל שושקעט מען זיך און מען דערצעהלט: די רביצין, שרה'לע, די מחותנת'טע ליעגט איצט דאָ אין א זייטיגען צימער איפ'ן קראַנקען־בעט און גאָט זאָל זיך מרחם זיין!...

---

— צו דער חופה!

הבדלות ברענען, שטורקאַצען פלאַקערען, די חופה־שטאַנגען ווערען אויף אָרעמס געטראָגען, און א ים פון ליכטיגקייט איז דאָס

הויז אײנגעטונקען. עס שאלען די טרומייטערס, עס רונערען די בױקען און עס רײסען זיך די טענער. און דאס טרומייטער־שאלען און די בינטען ליכט גיסען און פערפלײצען דאס דאך ארום און זײ הינקען און הופען אויף ווײט און נאהענט: אהער קומט, אהער קומט. די רבי'שע קינדער ווערט מען אונטער דער חופה פירען!...

— העכער, כלים, העכער!

דער חתן מרדכי'לע איז אין א ווײסען קיטעל אנגעטהון, גרייט איז ער שוין צו דער חופה צו געהן, נאר ער ווארט, אלע ווארטען. פאמעליך שלעפט זיך די רביצין אויף פרעמדע אריעמס אנגעלעהנט און דערנעהענטערט זיך, דערנעהענטערט זיך איהר ברכה איהר קינדס בעשערטען זאגען...

און עס ציטערען די רביצין שרה'לעס ליפען, עס ציטערט איהר גאנצער קערפער:

— אויף א ברכה, חתן, ווארטסטו?... מײן ברכה זאל איך דיר געבען?... און דו — אונזערע „הויפען" האסטו חרוב געמאכט... דאס אלץ, וואס מיר האבען פון דור צו דור געקליבען, די האס צפעל פון איזיג אבגעהיט, ביזטו געקומען און מיט איין מאל צוברארבען, אװעקגעריבט...

נאימה פאלט. א פחד ווערעט. אט־אט, און די חופה־שטאנגען וועלען פון די הענד ארויספאלען...

חסידים האבען מורא, שרעקליך מורא און מען מינטערט די בלי־זמר אונטער:

— העכער, כלים, העכער!...

— א נייעם וועג האסטו געוואלט, און וואו איז ער?... און דערווײל האסטו דאך דעם אלטען וועג צושטערט, אלץ האסטו חרוב געמאכט... איבערגעריסען האסטו די גאלדענע קייט... בערענק דיך, מרדכי'לע, בעדענק דיך... מײן לעצט וואָרט, מײן לעצטע ברכה....

— העכער, כלים, העכער!...

———————

געפלאַצט װענען די סטרונעס. נישט געקאַנט האָבען זיי מעהר פערטרייבען, פערהילכען די װעה־ויפצען און װעה־געשרייען אין די טיעפע צעװעהטאָגטע הערצער. געפאַלען פון די הענד זענען די תיפה־שטאַנגען, װייט האָט דער װינד דאָס פייער פון די פלאַקערענדע הבדלות צוטריבען...

און די צוטריבענע פון װינד הבדלות, און די לעצטע טענער פון די צופלאַצטע סטרונעס האָבען געשראָקען און געדראָהט אויף װייט און נאָהענט: אַהיים געהט, אַהיים געהט! פערשטערט איז די רבי'שע חתונה געװאָרען!...



